

אריה ליב געלמאן
נשיא הסתדרות המזרחי באמריקה

א. ל. געלמאַן

# אינ׳ם קאַמף פאַר דער אידישער מדינה

## געזאַמעלטע שריפטען



מזרחי אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקא
ניו יאָרק, תש״ח

# IN'M KAMF FAR DER YIDDISHER MEDINA

By

**A. L. GELLMAN**






Printed in the U. S. A. by
The Shoulson Press, New York, N. Y.
255

# אינהאַלט





## רעדעס און אָפּשאַצונגען



## מיין רייזע נאָך ארץ ישראל (תשרי — חשון, תש״ו)

## פון אונטערוועגענס

# איי̈ניגע ווערטער פון אָבשאַצונג

ר׳ אריה ליב געלמאַן, דער פאַרעהרטער פיהרער פון דער אַמעריקאַנער מזרחי באַוועגונג, האָט זיך פון זיין יוגענד אָן איבערגעגעבען דעם אידעאַל פון דעם רעליגיעזען ציוניזם, און דער אידעאַל האָט איהם זינט דאַן אין גאַנצען באַהערשט מיט אַן איבערמעכטיגען כח, האָט באַזעצט זיין הארץ, זיין גייסט, זיין מענשליך קאָנקרעטע און אַבסטראַקטע. זיינע מחשבות און עמאָציעס, האָבען זיך צונויפגעגאָסען מיט דעם אידעאַל און האָבען זיך אויפגלויזט אין זיין הערליכען און וואַרימען ליכט. ער האָט אין דעם פרייהייטס חלום פון ציון אַריינגעוועבט זיין לעבען און די אייגענשאַפען מיט וועלכע ער איז באַשאַנקען.

אָהן אַזאַ פולשטענדיגע פאַרשמאָלצונג פון אייגענעם וועזען מיט דעם אידעאַל וואָלט די ציוניסטישע באַוועגונג, די מזרחי באַוועגונג, קיינמאָל ניט דערגרייכט איהר איצטיגען פאַרנעהם — און טריאומף. די שעפער פון אַ באַוועגונג זיינען מענשען מיט עמפפינדליכע הערצער, וועלכע קענען זיך איינאַנקערן אין איין איינציגען וואונש און זיך האַלטען אין דער ריכטונג פון איין איינציגע וויזיע. אַ באַוועגונג געדייהט ניט אין צושוואומענקייט, אפילו ווען זי איז אַ פריינדליכע און אַ צוגעלאָזענע. געלמאַן געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די שעפער פון דער ציוניסטיש־מזרחי באוועגונג. דער ציוניסטישער אידעאַל אין אַלע מאָל געווען דער זאַמעל־פונקט פון אַלע זיינע באַגערען. דער רעלי־גיעזער ציוניזם און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט גייסטיגע פאַרשטאַרקונג און אויפלעבונג פון פאָלק איז געווען דער אויסדערוועלטער געביט פון זיין גייסט און שאַפונג.

אין דעם רעליגיעזען ציוניזם האָט געלמאַן געפונען זיין פולע אנט־פלעקונג. זיינע גייסטיגע כחות זיינען געקומען צום פולען אויסדרוק אין דער מזרחי באַוועגונג. צו איהר, דער באַוועגונג, האָט ער געבראַכט אַ טיפען גלויבען, אַ דרייסטקייט און שוואונג און אַ רעאַליזם וואָס איז פּאָזיטיוו, וואָס מאָהנט מעשים, וואָס פיהרט צו דערגרייכונג. אונטער זיין פיהרערשאַפט האָט די מזרחי אָרגאַניזאַציע דאָ אין לאַנד, אין די קריטישע צייטען פון אידישען פאָלק און דער ציוניסטישער באַוועגונג, געשריבען איינעם פון איהרע שעהנסטע קאַפּיטלען

פון דערגרייכונגען אויפ׳ן געביט פון בנין הארץ און קאָנסאָלידירונג פון די כחות פון דעם רעליגיעזען אידענטום. די געשלאָסענע רייהען פונ׳ם מזרחי האָבען זיך כסדר פאַרמעהרט און דער מזרחי געדאַנק האָט געפונען אַ ברייטען אפקלאַנג אין דעם לעבען פון דעם אַמעריקאַנעם אידענטום. דער מזרחי האָט אונטער זיין ענערגישער לייטונג דערגרייכט נייע פּאָזיציעס אין דעם אידישען לעבען דאָ אין לאַנד. עס איז ניט געווען קיין איין וויכטיגע דערשיינונג אין דעם אידישען לעבען וואָס דער מזרחי האָט אויף איהר ניט רעאגירט. די אַרבייט, וואָס דער מזרחי האָט לעצטענס אונטערגענומען פאַר אונזער חנוך אין אַמעריקע דורך דעם וועד החנוך החרדי, בעצייכענט אַ ווענד־פונקט ניט נאָר אין דער מזרחי באַוועגונג נאָר אין דעם אויפבוי־פּראָצעס פון דעם רעליגיעזען אידענטום אין אַמעריקע. געלמאַן, אַלס פרעזידענט פון דעם מזרחי, האָט מעגליך געמאַכט די פאַרווירקליכונג פון דעם דאָזיגען פּלאַן פאַר דער פאַרשטאַרקונג און פאַר־זיכערונג פון אונזער חנוך ווען אין אמעריקע. ער איז ביז היינט איינער פון די לייטענדע כחות אין דער דאָזיגער גרויסער אונטערנעהמונג.

מעשים, הויפּטזעכליך נאַציאָנאַלע און קאָלעקטיווע מעשים, זיינען די פאַרקערפּערונגען פון מחשבות און אידעען. אין געלמאַנ׳ס פאַל איז מעגליך נאָכצואווייזען די געדאַנקען, וואָס האָבען שפּעטער געפינען קאָנקרעטען אויסדרוק, אין זיין ליטעראַרישע שאַפונג. געלמאַן, ווי עס איז באַקאַנט, האָט געמאַכט אַ וויכטיגען ביי־טראַג צו דעם אידישען זשורנאַליזם. ער האָט רעדאַגירט אַ וואָכענ־שריפט (וועלכער איז ערשינען אַ געוויסע צייט אַלס אַ טעגליכע צייטונג) אין סט. לואיס, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר ערנסטען טאָן און ליטע־ראַרישען אינהאַלט. אין דער דאָזיגע וואָכענשריפט האָט געלמאַן זיך אַנטפּלעקט אַלס אַ זשורנאַליסט מיט ברייטע אנזיכטען און אַנאַליטישע תפיסה אין אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט געגענווערטיגע אידישע (און אויך אין געוויסער מאָס אַלגעמיינע) געשיכטע. זיינע אַרטיקלען האָבען אין זיך די וואגיגקייט פון אַן אבהאנדלונג און דעם צוגאַנג פון אַ פאָרשער. איהם האָט כסדר געצויגען דאָס פונדאַמענטאַלע אין דער דערשיינונג. און דאָס גרינדליכע אין דער צייט־פּראָגע. אָבער ער האָט אפילו פאַר זיין דערהויבונג צו דער פירערשאַפט פון דעם מזרחי געווידמעט זיין ליטעראַרישע קונסט צו דעם רעליגיעזען ציוניזם. די אויפלעבונג פון דעם אידישען פאָלק און זיין לאַנד אין דער גייסט פון תורה האָט געוועקט זיין גייסט. ער האָט פאַר איהר געשריבען זיינע גלענצענדסטע אַרטיקלען. ער

האָט פּאָלעמיזירט, ער האָט אויפגעקלערט, ער האָט געזוכט צו אַריינדרינגען אין די טיפענישען פון דער אידישער האַרץ און מחשבה.

געלמאַן איז געווען פון די געצעהלטע רעליגיעזע שריפטשטעלער אין אַמעריקע, וואָס האָבען אויף זיך גענומען די שווערע אויפגאַבע אויסצוקעמפען זיכערקייט פאַר אידישקייט אין אמעריקע אין אַזעלכע צייטען, ווען אַ פיינדליכער ראַדיקאַליזם האָט באַהערשט די אידישע גאַס און אַסימילאַציע פון דרויסען האָט געדראהט צו פאַרצאַמען פאַר דעם רעליגיעזען אידענטום אַלע וועגען צום לעבען. עס האָט זיך געפאָדערט גרויס התלהבות, איבערצייגונג און אומ־בויגענזאַמען ווילען כדי צו קעמפען פאַר אידישקייט אָדער ציוניזם. דער רעלי־גיעזער שרייבער איז געווען איינזאַם אַליין אין זיין שאַפונג; כסדר אין צוזאַמענ־שטויס מיט'ן צייט־גייסט. אַ דאַנק דעם אומדערמידליכען אויפקלערונגס־קאַמף פון דעם רעליגיעזען שרייבער אין אמעריקע איז די אַלגעמיינע אַטמאָספערע אין אונזער לעבען דאָ אין לאַנד געוואָרען גינסטערער פאַר דעם רעליגיעזען אידענטום. געלמאַנ'ס לאַנג־יעהריגע שריפטשטעלערישע טעטיגקייט האָט אַ סך בייגעטראָגען צו דער ענדערונג אין די באַציהונגען צום רעליגיעזען אידענטום.

***

דער פאָרליגענדער באַנד איז די ערשטע זאַמלונג פון געלמאַנ'ס געקליבענע שריפטען. ניט אַלע אַרטיקלען וואָס זיינען ווערט אַרויסצוגעבען אין בוך פאָרם זיינען אַריין אין דעם דאָזיגען באַנד שריפטען. דער בוך אנטהאַלט אַ צאָל אַרטיקלען און רעפעראַטען (וועלכע זיינען אויך פון הויך ליטעראַרישען ווערט) אין וועלכע עס שפיגלען זיך אָפּ די ליכט און שאָטען אין דעם ציוניזם דורך די לעצטע צעהן יאָר, וועלכע זיינען געווען די קריטישסטע יאָרען אין דעם ציוניזם און אין דער טויזענטער יעהריגער געשיכטע פונ'ם גלות. געלמאַן האָט זיך געפונען אינ'ם צענטער פון די שטורמדיגע געשעהנישען. אַלס פיהרער פון מזרחי איז איהם אויסגעקומען צו זעהן די פאַקטען, וועלכע זיינען אנטשטאַנען פון די גזירות פון ווייסען פאַפּיר און פון די מלחמה געשעהנישען, און צו אַרויס־ברייננגען פון זיי די קאָנסעקווענצען. ער איז געווען אין דעם צענטער פון די פּרינציפּעלע שטרייטיגקייטען וואָס האָבען זיך צופלאַקערט אין ציוניזם אַרום דער פאָליטישע פּלאַטפאָרמע. זיינע רעפעראַטען און איבערבליקען, וואָס ער האָט געגעבען אויף די יעהרליכע מזרחי קאָנווענשאַנס, און וועלכער זיינען אַריין אין דעם דאָזיגען באַנד, זיינען קאַפּיטלען געשיכטע פון אויסערגעוואוינ־

ליכען ווערט. זיי זיינען ניט אָפּגעזונדערטע, קורצע אפהאַנדלונגען נאָר שליסען זיך געניו איינער אין דעם צווייטען — ווי טיילען פון איין גרעסערע אָפּשאַצונג פון די פּאַסירונגען אין דעם וויכטיגסטען טייל פון אונזער לעבען — דער מזרחי און ציוניזם — אין דער אנטשיידענער תקופה פון די לעצטע צעהן יאָהר. געלמאַן האָט בולט און קלאָר אַרויסגעבראַכט אין די דאָזיגע אַרטיקלען די פּאַקטען אין זייער אמת'ע באַדייטונג. פון זיי שווימט אַרויס אַ גאַנצע בילד פון וואָס עס האָט געשעהן. און אין דער דאָזיגער גאַנצער פּאַרשטעלונג פון די פּאַסירונגען פּאַסען זיך אַריין אויך די קלענערע רייַן אָרגאַניזאַטאָרישע איינצעלהייטען וואָס זיינען ניט אויסגעלאָזען געוואָרען אין די אַרטיקלען. די צייטען האָבען זיך געוואַלדיג געענדערט. פּראַגען, וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרען צו יענע צייטען אַלס זעהר וויכטיגע, זיינען אַרונטער פון טאָג־אָרדנונג. אַנדערע פּאַקטען מעגען איצט אויסזעהן אַלס אומבאַדייטענד. אָבער די געשיכטליכע פּאַסירונג ווערט צונויפגעשטעלט פון אַזעלכע פּאַקטען. דער נייער פּאַקט, דער וויכטיגער, איז אַ פּועל יוצא פון די פּאַקטען, וועלכע ער פּאַרטונקעלט. אין די דאָזיגע אַרטיקלען זעהט מען די האָריזאָנטען פון די פּאַסירונגען אין דעם ציוניזם פון אונזער צייט. דער קאַמף אַרום דער חלוקה פּראַגע מעג זיין ניט מעהר רעאַליסטיש, אָבער איז אַן אינטעגראַלער טייל פון אונזער היגרייסענדער שטרעבונג צו נאַציאָ־נאַלער אויסלייזונג. געלמאַן האָט אין די דאָזיגע אַרטיקלען געשילדערט די פּאַסירונגען און אַרויסגעבראַכט די אידעאָלאָגישע גרונדשטריכען אין די מיינונגס פּאַרשידענהייטען מיט'ן חוש פון אַ קינסטלער וואָס פיהלט דעם צוזאַמענהאַנג פון פּאַסירונגען און די „וואהלפאַרוואַנדשאַפט" פון דער אַנטדעקטער, עקזיס־טירענדע, ווירקליכקייט, מיט דער פּאַרהיילטער, וואָס האָט זיך נאָך אין שאַפען.

אויסער אייניגע אַרטיקלען וואָס זיינען פון אַלגעמיין אידישען אָבער ווערטפול אינהאַלט, זיינען די אַרטיקלען פּרקים פון דעם ארץ ישראל געדאַנק. די רייזע איינדריקען זיינען ניט בלויז שעהן ליטעראַרישע שאַפונגען נאָר אויך געדאַנקען איבער פּאָלק און לאַנד, וועלכע באַווייזען זיך דאָ און דאָרט אין אנדערע טיילען פון ספר. דער מזרחי, דער ציוניסט, דעם סתם לעזער ווי דעד פּאַרשער פון ציוניזם וועלען אין דעם בוך געפינען אַ וויכטיגען קוואַל פּאַר ציוניסטישע וויסען, פּאַר אַ געניויע אָפּשאַצונג פון אַ גרויסער עפּאָכע אין אונזער לעבען.

**ד"ר. פנחס חורגין**

# ר׳ ארי׳ ליב געלמאן

(געווידמעט זיין 60 יאָריגען געבורטסטאָג, און צו דער דערשיינונג פון זיין בוך — „אינ׳ם קאַמף פאַר דער אידישע מדינה״)

. . . שלוש מתנות טובות נתן
הקדוש ברוך הוא לישראל,
וכלן לא נתנן אלא על ידי יסורין,
ואלו הן: תורה וארץ ישראל והעולם הבא . . .
(ברכות ה׳)

נעמענדיג אויף זיך די אנגענעמע אויפגאַבע צו געבען אַ קורצע אָבער בילדליכע אָפּשאַצונג איבער ר׳ ארי׳ ליב געלמאַן, איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען דער אויבענדערמאַנטער באַקאַנטער מאמר פון ר׳ שמעון בן יוחאי, וועלכער ציהט אונטער דעם סך־הכל פון אידענטום מיט זיינע העכסטע אטריבוטען, נעמליך: תורה, ארץ ישראל און עולם הבא. דער הייליגער תנא, וועלכער באַצייכענט זיי אַלס כביכול׳ס מתנות טובות צום פאָלק ישראל זעהט אין אָט דעם דאָזיגען חוט המשולש דעם ענד צוועק פון שלימות היהדות — אַן ענדציל וועלכען מען קען ניט גובר זיין אָהן קאַמף, אָהן מסירות נפש און אָהן יסורים...

בלעטערענדיג דעם ערשטען ספר פון געלמאַנען, אינ׳ם קאַמף פאַר דער אידישער מדינה, וואָס איז דערשינען צו זיין זעכציג יאָריגען געבורטסטאָג, (געבוירען אין יאַמפּאָל, וואָהלינער גובערניע, כ״ד מנחם אב, תרמ״ז), דרינגט אַרויס פון די שורות, קאַפּיטעל נאָך קאַפּיטעל, די פּערזענלעכקייט פונ׳ם מחבר. אָפּגעזעהן דערפון וואָס צווישען די טאָוולען פונ׳ם בוך איז פאַרצייכענט אַ זאַמלונג פון פאַרשיידענע מאמרים, גערעדט און געשריבען אין פאַרשיידענע צייטען און אונטער פאַרשיידענע אומשטענדען — דאָך בילדען זיי אַלע צוזאַמען אַ ביאָגראַפישען קאָמפּלעקס פונ׳ם מחבר׳ס לעבען, זיין ווירקען און שאַפען

אין משך פון קרוב צו פיר צענדליג יאָר. אין און דורך די געזאַמעלטע אַרטיקלען וועלכע אנטהאַלטען רעדעס און אָפּשאַצונגען, באַשרייבונגען פון רייזעס קיין און פון ארץ ישראל, אַנטפּלעקט זיך אַן אויטאָביאָגראַפיש בילד פון דעם מענטשען, וועלכער האָט די דאָזיגע ווערטער געבראַכט צום אויסדרוק, בפה און בכתב, פון דער טריבונע און אין דער אידישער פרעסע. עס געשטאַלטעט זיך די פּערזאָן, וועלכער האָט גענומען אויף זיך דעם עול פון יסורים בכדי מקיים צו זיין אויף זיין באַשיידענעם אופן די שלוש מתנות טובות: תורה און ארץ ישראל מיט עולם הבא אַלס שכר...

אַט דעם דאָזיגען איינדרוק האָב איך באַקומען לייענענדיג די קרוב צו דריי הונדערט זייטלעך פון געלמאַנ׳ס בוך. און ווייל איך האָב אין און צווישען די שורות דערשפּירט דאָס פּערזענלעכע פון׳ם מחבר, דאָס כאַראַקטעריסטישע וואָס פּערזאָניפיצירט געלמאַן דעם אידישען איד, דעם איש הרוח, דעם חולם און לוחם און דעם בעל ספרא וסייפא וועלכער פאַראייניגט וואָרט און טאַט — אַט דער דאָזיגער געפיל האָט מיך באַוואויגען מוסיף צו זיין צום בוך אַ כאַראַקטעריסטישע אָפּשאַצונג איבער ר׳ ארי׳ ליב געלמאַן מיט וועמען דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט דעם כבוד צו ארבעטען פאַר פילע יאָרען ווי אַ אינגערער חבר בדעה און איז צוגעבונדען צו אים במחשבה פאַר׳ן רעיון פון תורה און ציון און איז זיך משתתף מיט אים במעשה אינ׳ם קאַמף פאַר דער אידישער מדינה.

אויב דער נאָמען פונ׳ם בוך — אינ׳ם קאַמף פאַר דער אידישער מדינה — שטרייכט אונטער געלמאַנ׳ס סאַמע ענדציעל אין אַלץ וואָס ער האָט ביז איצט עוסק געווען און פאַר דעם וואָס ער פאַרנעמט זיך ווייטער צו שאַפען, איז עס פשוט אַ פועל יוצא פון זיין גאַנצער אידישער רעליגיעזער־נאַציאָנאַלער שיטה און זיין מהות איבער׳ן אידענטום, וואָס קוואַלט פון אהבת התורה און חבת ציון. אַט דער דאָזיגער סינטעז פון תורה און ציון איז ביי אים ווי אַ פּייערדיגער מזרחי אומטיילבאַר — מעור אחד — סיי במחשבה, סיי במעשה. מהאי טעמא איז געלמאַן תמיד געשטאַנען אין קאַמף פאַר אַ מאַקסימום פּראָגראַם אין מזרחי, וועלכע איז באַזירט אויף שלימות היהדות — סיי אין ארץ ישראל, סיי אין גלות. ס׳איז דערפאַר ניט קיין צופאַל, אַז די טעמע פון געלמאַנ׳ס ערשטע קאָנווענשאָן־רעדע אַלס פּרעזידענט פון מזרחי האָט געלויטעט: „אונזער מאַקסי־מום פּראָגראַם״, וועלכער איז אַגב דער נאָמען פונ׳ם ערשטען קאַפּיטעל אין

דעם בוך. צווישען אנדערעס זאָגט ער דאָרטען: „מיר מזרחים, מוזען איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטשטעלן אַז אונזער קאַמף ציט זיך ניט בלויז אין דער ליניע פון שמירת שבת אָדער כשרות. אונזער קאַמף איז געציעלט פאַר דעם קיום פון דעם גאַנצען תורה אידענטום, סיי אין גלות, סיי אין ארץ ישראל" (ז. 4).

און ביי אַן אַנדער געלעגענהייט באַפעסטיגט געלמאַן דאָס איבענדער־מאָנטע, ווען ער שרייבט אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען ווי פאָלגט:

„תורה און ארץ ישראל זיינען פון די זאַכען וואָס ווערען דערוואָרבען בלויז דורך יסורים, וואָס גרעסער די יסורים זיינען, גרעסער איז אונזער אַנטשלאָסענע תשוקה צו בויען און צו קעמפען. די ארץ ישראלדיגע ליידען זיינען פון גאָר אַן אַנדער שניט. אין גלות ליידען מיר חבלי מיתה, אין ארץ ישראל ליידען מיר חבלי לידה..." (ז. 117).

***

איך האָב בכיוון געבראַכט די אויבענדערמאָנטע צוויי ציטאַטען פונ'ם בוך, ווייל זיי שטעמפּלען אָפּ דעם „אני מאמין" פון חבר געלמאַן אין זיין אידעען־קאַמף פאַר תורה און ארץ ישראל אויפ'ן גאַנצען פראָנט פון אידישען לעבען.

ווי אַזוי געלמאַן האָט דורך וואָרט און שריפט, און דער עיקר דורך מעשים אויסגעטייטשט די מזרחי אידעאָלאָגיע אין זיין מאַקסימום פּראָגראַם, וועלען דינען די פאָלגענדע וויכטיגע פאַקטען און דאַטען, וועלכע נויטיגען זיך ניט אין ווייטערע פירושים.

ר' ארי' ליב געלמאַן, פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער מזרחי אָרגאַני־זאַציע פאַר די לעצטע דרייצעהן יאָר, האָט אין משך פון זיינע 35 יאָר קהל'שער אַרבעט באַוויזען מיט זיין פּראַקטישען אידעאַליזם, צו געהן פון סאַמע אָנהויב אין דער ריכטונג פון מזרחי'ס צווייפאַכען ציעל: בויען און קעמפען פאַר אַ תורה'דיגע ארץ ישראל, און אין דער זעלבער צייט באַפעסטיגען תורה און אידישקייט אין די גלות לענדער. אין אַנדערע ווערטער, געלמאַן'ס לעבענסוועג איז ענג פאַרקניפּט מיט'ן רעליגיעזען ציוניזם אָדער מזרחיזם, ווי אַ לעבענס־פילאָזאָפיע און אַ שיטה וועלכע האָט אים געדינט פאַר אַ ריכט ליניע אין זיין ווירקען און שאַפען.

זייענדיג איינער פון די יחידי סגולה, וועלכער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער מזרחי באַוועגונג אין אַמעריקע, האָט ער מיט זיין בייטראַג

געהאָלפען צו אַנטוויקלען דעם מזרחי, וועלכע האָט מיט דער צייט פאַרקערפּערט אויף אינ׳ם אמעריקאנער ציוניזם דאָס שאַפענדע תורה־אידענטום, דורך זיינע טעטיקייטען אין דעם לאַנד פאַר העלפען בויען ארץ ישראל אינ׳ם גייסט פון דער תורה, און געשטאַרקט דאָס תורה־אידענטום אין אַמעריקע. גייענדיג אויף דעם דאָזיגען אויסגעטראָטענעם וועג, האָט געלמאַן דורכ׳ן מזרחי גענומען אַ טיכטיגען אַנטייל אין יעדער רעליגיעז־קולטורעלער אונטערנעמונג, און געהאָלפען בויען און שמידען דאָס אָרטאָדאָקסישע אידענטום אין אַמעריקע.

געלמאַן, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּען פון דער מזרחי באַוועגונג, קען איצט צוריקבליקען מיט שטאָלץ און גייסטיגער באַפרידיגונג צו דער צייט, ווען דער מזרחי דאָ אין לאַנד האָט גענומען שטעלען זיינע ערשטע טריט. ער האָט די גייסטיגע באַפרידיגונג צו טראָגען דעם מאַנטעל פון פירער־שאַפט אַלס איינער, וועלכער איז געווען דער ערשטער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער מזרחי צענטראַלע, און איז צו יענער צייט געווען פון די געצעהלסטע חברים, וועלכע האָבען צונויפגערופען די ערשטע מזרחי־קאָנווענשאַן אין סינסינעטי, אינ׳ם יאָר 1914, וועלכע איז געפירט געוואָרען אונטער דעם פאָרזיץ פון הרב מאיר ברלין, דעם איצטיגען וועלט־פּרעזידענט פון מזרחי.

אָבער נאָך מיט יאָרען פריער, פאַר דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער אַמעריקאַנער מזרחי, איז אַ דאַנק געלמאַנ׳ס שעפערישע טעטיגייטען פאַר דער מזרחי, אויסגעקליבען געוואָרען די שטאָט סט. לואיס, אַלס די צייטוויליגע מזרחי־צענטראַלע, וועלכע ער, יבדל לחיים, צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם הרב ר׳ דוב בער אַבראַמאָוויטש ז״ל, דער רב פון סט. לואיס, (ערשטער פּרעזי־דענט פון אַמעריקאַנער מזרחי), האָבען געלייטעט ביז די צענטראַלע איז שפּעטער אַריבערגעפירט געוואָרען קיין ניו יאָרק. געלמאַן ווערט טאַקע דערפאַר ריכטיג באַצייכענט אַלס דער היסטאָריקער פון דער אַמעריקאַנער מזרחי באַוועגונג.

דאָס מיינט אַז געלמאַנ׳ס ערשטער אָפיציעלער מזרחי אַמט אַלס סעקרעטאַר געהט צוריק צום יאָר 1911 — דריי יאָר איידער עס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען די ערשטע מזרחי קאָנווענשאַן.

זינט יענע צייט האָט געלמאַן ניט אויפגעהערט צו דינען די באַוועגונג אויף פאַרשיידענע אופנים און ניט פאַרפעהלט קיין איין מזרחי קאָנווענשאַן אָדער קאָנפערענץ. זייענדיג אַ תושב אין סט. לואיס, האָט ער פון דאָרטען געטאָן זיין אַרבעט און פיל משפיע געווען פאַר׳ן מזרחי אין דער מידעל־וועסט און געהאָלפען

דער מזרחי אַרבעט אונטער דער פירערשאַפט פון די פריערדיגע מזרחי פּרעזידענטען.

אַן אינטערעסאַנטער שטריך אין געלמאַנ׳ס פּערזענליכקייט איז דאָס וואָס ער איז אַ פּראַקטישער טוער, און עסקן אין פולען זין פון וואָרט. טראָץ דעם וואָס זיין נאַטירלעכע פּראָפעסיע איז זשורנאַליזם. איז ער ניט פאַרבליבען בלויז דער טעאָרעטיקער. דער שרייבער אין אים האָט ניט פאַרטונקעלט דעם בעל מעשים, דעם ענערגישען עסקן. אַלע זיינע יאָרען קעמפט ער פאַר דעמאָ־קראַטיע אין אידישען לעבען און געגען אַלע אָפענע און באַהאַלטענע אַסימילאַציע טענדענצען אין אַמעריקאַנער אידענטום.

טראָץ דעם וואָס געלמאַן איז פאַר כמעט 25 יאָר געווען אַ תושב אין סט. לואיס, וואו ער איז געווען טעטיג אויף אַלע געביטען פון אידישען רעליגיע־זען און נאַציאָנאַלען לעבען, און באַזונדערס אַלס לאַנגיאָריגער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער סט. לואיס׳ער אידישער צייטונג, „דער אידישער רעקאָרד״, (פאַר אַ געוויסע צייט געווען אַ טעגליכע צייטונג) האָט ער זיך ניט באַגרעניצט בלויז מיט לאָקאַלע ענינים. ער איז ניט פאַרבליבען ווי אַנדערע קהל׳שער טוער „לאָקאַליזירט״ אינ׳ם קהלה־לעבען. דאָס האָט ער צו פאַרדאנקען זיין אידעאַליזם און זיין אַרבעט פאַר׳ן מזרחי, וואָס האָט אים געבראַכט אין נאָענטען קאָנטאַקט מיט אַלע שיכטען פונ׳ם אַמעריקאַנער אידענטום.

דורך דער צייט פון זיין פירערשאַפט האָט געלמאַן אַלס טיכטיגער אָרגאַני־זאַטאָר, געבראַכט אַ גרויסע אויפלעבונג אין מזרחי, און איר פאַרשטאַרקט סיי אָרגאַניזאַטאָריש און סיי גייסטיג. אַלס באַגאַבטער זשורנאַליסט האָט ער אין דער צייט פון זיין פירערשאַפט פיל אויפגעטאָן אויפ׳ן ליטעראַרישען געביט פאַר׳ן מזרחי. צוזאַמען מיט דר. פּנחס חורגין, מנהל פון „בית המדרש למורים״ האָט ער רעדאַגירט דעם „קובץ היובל״ פון מזרחי, אַ זאַמעלבוך לכבוד דעם 25 יאָריגען יובילעאום, פאַר די לעצטע צעהן יאָר רעדאַקטאָר פונ׳ם חודש־זשורנאַל „מזרחי וועג״, און פירט אַ כסדר׳דיגע פּראָפּאַגאַנדע פאַר מזרחי אין וואָרט און שריפט. אונטער געלמאַנ׳ס פירערשאַפט איז אין משך פון די לעצטע יאָרען ביים מזרחי עטאַבלירט געוואָרען דער „ועד החנוך החרדי על יד המזרחי״, „דער ועד לחזוק התורה והיהדות״, „הנוער המזרחי״, און עס זיינען דורכגעפירט געוואָרען אַ רייע וויכטיגע רעליגיעזע קולטור און פּראָפּאַגאַנדע

אַקציעס, וועלכע האָבען פאַרטיפט און פאַרשטאַרקט דעם אַמעריקאַנער מזרחי אין כמות און אין איכות.

געלמאַן האָט אויך באַזונדערע פאַרדינסטען פאַר העלפען אַנטוויקלען ספּעציפישע רעליגיעזע קולטור אינסטיטוציעס פון מזרחי אין ארץ ישראל, דורך באַוועגען דעם אַמעריקאַנער מזרחי איינצוקויפען די ערשטע דרוק־מאַשינען פאַר דער מזרחי טאָג־צייטונג „הצופה". ער איז אַלס פּרעזידענט פון מזרחי אויך געווען אינסטרומענטאַל אין שטיצען דעם גרויסען מזרחי קולטור פאַרלאַג, „מוסד הרב קוק", א. א.

אין די לעצטע יאָרען, זינט דעם מוראַדיגען חורבן פונ'ם אייראָפּיאישען אידענטום, האָט געלמאַן צוזאַמען מיט אַנדערע חברים פון דער אַדמיניסטראַציע גענומען די איניציאַטיווע אַז דער מזרחי זאָל אָנפירען אַ קונסטרוקטיווע טעטיקייט פאַר הצלה און הכשרה אויף אַ גאַר ברייטען פאַרנעם. דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער אַרבעט איז די עטאַבלירונג פונ'ם „מרכז מזרחי לאירופה" מיט אַן אָפיס אין פּאַריז פון וואַנען עס ווערט געלייסטעט גאָר וויכטיגע הילף צו מזרחי קיבוצים אין די פּליטים לאַגערן און לטובת דער רעהאַביליטאַציע פון די רעליגיעזע קהלות. פּונקט אַזוי האָט געלמאַן דורכ'ן מזרחי פיל געלייסטעט פאַר ישיבת ר' יצחק אלחנן, פאַר ישיבות בכלל, פאַר דעם נייעם צענטראַלען אָרטאָדאָקסישען קאָמיטעט ביים „דזשאָינט", און אויף פאַרשידענע אַנדערע געביטען וואָס האָבען אַ שייכות מיט דעם רעליגיעזען־נאַציאָנאַלען אידענטום אין גאָר דער וועלט.

חזק ונתחזק, ולך בכוחך זה — ר' ארי' ליב געלמאַן!

**ז. מ. קערשטיין**

# אַריינפיר

די אַרטיקלען וואָס דערשיינען אין דעם בוך זיינען בלויז אַ קליינער טייל פון דעם וואָס איך האָב אָנגעשריבען אין משך פון דריי צענדליג יאָר. בכיוון האָב איך אויסגעקליבען געציילטע אַרטיקלען — אַ געוויסער טייל פון זיי זיינען דערשינען אין היגען „מאָרגען זשורנאַל״ — ווייל זיי זיינען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ממשותדיגער ראָלע וואָס מיר, רעליגיעזע ציוניסטען, האָבען געשפּילט אין דעם לאַנגען־ביטערען קאַמף פאַר דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה.

„אַ פּאָליטישער בוך, אויב ער דערשיינט ניט אין צייט, איז עס אַ טראַ־געדיע״ — אַזוי זאָגט ערגעץ וואו אַ באַרייטענדער ליטעראַטור קריטיקער, ווענעמס נאָמען איך קען זיך ליידער ניט דערמאָנען.

איך גלויב אַז דער בוך דערשיינט דוקא אין דער פּאַסענדער צייט שטייענדיג אין דעם עצם ברען פון אונזער מלחמה פאַר דער אידישער מדינה.

אונזערע געשיכטע שרייבער אונטערשטרייכען כסדר דעם מאָמענט פון פּאָליטישען ציוניזם.

זיי פאַרגעסען אויך ניט צו פלעכטען אַ סך קרוינען פאַר די טרעגער פון קולטורעלען ציוניזם.

זיי פאַרגעסען אָבער זייער אָפט צו דערמאָנען די באַוועגונג אָדער די מענטשען אויף וועמענס היסטאָרישער גורל איז אויסגעפאַלען צו קעמפען פאַר דעם רעליגיעזען ציוניזם.

אויב ביי הרצל׳ען איז דער ציוניזם געווען דער שבת פון זיין לעבען, איז עס ביי די רעליגיעזע ציוניסטען דער שבת שבתון פון זייער לעבען, און אַלס אַזעלכעס דאַרף זייער אידעען־קאַמף פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט ווערען.

דער פּראָגראַם פון מזרחי אָדער רעליגיעזער ציוניזם איז באַשטאַנען פון איין וואָרט: — שלימות. שלימות האומה, שלימות היהדות און שלימות הארץ.

די דאָזיגע ריכט־ליניע ווערט קלאָר און בולט אַרויסגעבראַכט אין די געזאַמעלטע אַרטיקלען.

אויב דאָס וועט העלפען צו פאַרטיפען אָט דעם גרונט־געדאַנק צווישען דעם אידישען עולם, וועט עס פאַר דעם מחבר זיין די גרעסטע באַלוינונג. מערער פון דעם דערוואַרט ער ניט.

אדר ב׳, — תש״ח.

א. ל. ג.

# אונזער מאַקסימום פּראָגראַם

## א.

בעת דער אויפבויאונגס־פּראָצעס אין ארץ ישראל געהט אָן מיט דעם גרעסטען שוואונג וואָס רופט אַרויס אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע חדוה אין יעדע אידישע האַרץ, ווייל זינט אידען זיינען אין גלות האָבען מיר נאָך נישט זוכה געווען צו זעהן ארץ ישראל בבנינה אויף אַזאַ ברייטען מאַסשטאַב, איז אָבער דער בנין פאַרבונדען מיט גרויסע פּאָליטישע שוועריגקייטען וואָס דערוועקען זאָרג און פאַרדרוס. די דאָזיגע שוועריגקייטען שטעלען אין סכנה דעם גאַנצען היסטאָרישען בנין פאַר וועלכער מיר ברייגען אַזוי פיעל אונערמידליכע קרבנות.

די באַשרענקונג פון לאַנד קויף און די באַגרעניצונג פון אידישע עליה איז געצילט הויפּטזעכליך חרוב צו מאַכען די שוין דערגרייכטע פּאָזיציעס און אויסצולעשען אַלע נאַציאָנאַלע אידישע האָפנונגען און אַספּיראַציעס. יעדע פרישע גזירה, וועגען לאַנד אָדער עמיגראַציע, איז אַ פייערדיגע קויל אין דעם אידישען אָרגאַניזם. אויב די ענגלישע ממשלה דענקט אַז מיט אַזוינע מעטאָדען וועט געלונגען אָפּצוטויטען אין אונז דעם נאַציאָנאַלען אינסטינקט פון בויען אונזער היים, מאַכט זי אַ טעות. מיר זיינען אַזוי אָרגאַניש צוזאַמען געוואַקסען מיט ארץ ישראל אַז קיינע סבות אין דער וועלט קענען אונז נישט פונאַנדער־רייסען. פּונקט ווי עס איז אונמעגליך אָפּצושטעלען די שיין פון דער זון אָדער דעם שטראָם פון ים, אַזוי וועט אונמעגליך זיין פאַר וועלכען עס איז כח אָפּצושטעלען אונזער אַרבייט אין דעם לאַנד פון אַלע אונזערע האָפענונגען, אָבער די גזירות מאַכען דאָך אונזער וועג שווערער און שווערער.

---

ערעפנונגס־רעדע ביי דער 19טער מזרחי קאָנווענשאָן.
כ״ג שבט, תרצ״ו, וואַשינגטאָן.

די שאַרפסטע גזירה וואָס שטעהט איצט אויף דעם טאָג אָרדנונג איז די גזירה פון דעם לעגיסלאַטיווען־ראַט וואָס די ענגלישע רעגירונג איז, לויט אַלע סימנים, דעטערמינירט אַרויף צו צווינגען אויף דעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל טראָץ אַלע פּראָטעסטען וואָס שטראָמען פון אַלע אידען איבער דער גאָרער וועלט. די פּאָליטישע מאָטיווען פון דעם געפּלאַנטען פּאַרלאַמענט מעגען זיין וואָס זיי זיינען, איינס איז קלאָר, מיר וועלען צום פּאַרלאַמענט נישט געהן. מיר זעהן אין אים די גרעסטע סכנה פאַר דער נאַציאָנאַלער היימלאַנד געגען וועלכער מיר וועלען מיט אַלע לעצטע כחות קעמפען. „נאָן־קאָאָפּערייישאָן" אַליין איז נישט גענוג. מיר מוזען אָנפירען אַ ברייטען אויפקלערונגס־קאַמף אין אַלע פּאָליטישע אינסטאַנצען, אין ענגלאַנד אַזוי גוט ווי ביי דער פעלקער־ליג.

## ב.

אין דער שרעקליכער־טראַגישער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך איצט איז לפּחות פאַראַן אַ שטיקעל נחמה אין דעם וואָס אַן אינעווייניגסטער שלום איז דערגרייכט געוואָרען אינערהאַלב די ציוניסטישע רייען. דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרען ביים קאָנגרעס אין לוצערן. איך ווייס נישט צי דאָס וואָס מיר האָבען דאָרטען דערגרייכט קען פאַרצייכענט ווערען אַלס אַ נצחון. אויב מען דאַרף קעמפען פאַר אַזעלכע עלעמענטאַרישע אמת׳ן איז דאָך אַ סימן פון שרעקליכער גייסטיגער ירידה. אָבער דער פאַקט בלייבט אומשטרייטבאַר. אונזערע תביעות — די תביעות פון דעם רעלי־גיעזען אידענטום — זיינען נאָכגעגעבען געוואָרען און דורכדעם איז געלייגט געוואָרען דער יסוד פון אייניגקייט אין ציוניזם. מיט דער דאָזיגער דער־גרייכונג איז אונזער אויפגאַבע אין ציוניזם נאָך נישט דערפילט. די אויפ־קלערונגס־אַרבייט מוז פאַרטגעזעצט ווערען. מיר מזרחים, מוזען איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסטשטעלען אַז אונזער קאַמף ציט זיך נישט בלויז אין דער ליניע פון שמירת שבת אָדער כשרות. אונזער קאַמף איז געצילט פאַר דעם קיום פון דעם גאַנצען ת ו ר ה ־ א י ד ע נ ט ו ם. סיי אין גלות און סיי אין ארץ ישראל.

די זעלבע קלאָרקייט דאַרפען מיר אויך אַריינברייגען לגבי דער ברע־נענדער פראַגע פון סאָציאַלע גערעכטיגקייט. מיר מוזען קלאָר מאַכען אונזער

שטעלונג אַז דער מזרחי איז קאַטעגאָריש דאַגעגען אַז אין ארץ ישראל זאָל זיך איבער׳חזר׳ן די זעלבע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע איבלען ווי אין גלות. באַזונדערס זיינען מיר דאַגעגען אַז אין אונזער לאַנד — דאָרט וואו די גרויסע אידישע נביאים האָבען גערופען פאַר יושר און גערעכטיגקייט — זאָלען עקזיסטירען עוולות און פאַרברעכענס צווישען אַרבייטס־געבער און אַרבייטער. מיר מוזען שטאַרק קלאָרער מאַכען אַז אין דער פראַגע פון פרעמדע אַרבייט („עבודה זרה”) אָדער ספּעקולאַציע איז נישטאָ קיין שום חלוקי־דעות צווישען אונז און אַנדערע. די עלעמענטען וועלכע ברייגען אַריין ספּעקולאַציע אין אונזער לאַנד, אָדער די עלעמענטען וועלכע באַשעפטיגען פרעמדע אַרבייטער אויף דעם אידישען באָדען ברייגען אַ קללה פאַר דער לאַנד און פירען חלילה צו אַ נייעם חורבן. דער מזרחי באַקעמפט נור דאָן דעם אַזוי גערופענעם „היסטאָרישען מאַטעריאַליזם” ווען ער ווערט פאַר־וואַנדעלט אין אַ צושטערענדען כח צום אידישען „היסטאָרישען אידעאַליזם” וואָס איז דער תמצית און תוך פון אונזער תורה און אמונה. ווען די עלע־מענטען וועלכע ריידען כסדר אין נאָמען פון אַ נייער עקאָנאָמישער סטרוקטור וואָלטען זיך נישט דערווייטערט פון דעם דרך התורה און וואָלטען נישט ספּעקולירט מיט דעם אידישען גייסט וואָלט דער מזרחי קיינמאָל געגען זיי קיין קאַמף נישט געפירט.

דער קאָנגרעס אין לוצערן האָט זיך געשטעלט אויף דער געהעריגער הויך דערמיט וואָס ער האָט אַרונטערגענומען פון זיך די אַלטע חרפה פון באַציען זיך גלייכגילטיג און גרינגשעצענד צו די קדשי־האומה. צום שבח פון די אַנדערע פאַרטייען מוז געזאָגט ווערען אַז איצטיגעס מאָל האָבען זיי אַרויסגעוויזען עהרליכקייט און אויפריכטיגקייט. זיי האָבען דערשפירט אַז מען איז אַוועק צו ווייט אין דעם רעליגיעזען עקספּערימענט און ביי פילע פון זיי האָבען זיך דערוועקט הרהורי־תשובה. איינע פון די וויכטיגסטע אַרבייטער־צייטונגען אין ארץ ישראל האָט נישט לאַנג צוריק אָפּגעדרוקט אַן אינטערעסאַנטען אַרטיקעל איבער שמירת שבת — אַ זאַך וואָס ביז אַהער האָט עס ניט געקענט פּאַסירען. עס הערשט לגמרי אַן אַנדער באַציהונג. דורך דיזער דערגרייכונג מעג דער מזרחי שטאָלצירען. דאָס האָט געבראַכט די איצטיגע איינִיגקייט אין ציוניסטישען לאַגער.

## ג.

דער מזרחי שטעהט אויף אַ מאַקסימום פּראָגראַם נישט נור אין רעליגיעזען זין, נאָר אויך אין פּאָליטישען און אָרגאַניזאַטאָרישען זין. דער מזרחי האָט ביים אַלוועלטליכען צוזאַמענפאָר אין קראָקוי פאָרמולירט אויף דאָס ביי אונזער פּראָגראַם וואָס לייענט זיך: „דער מזרחי שטרעבט צו בויען פאַר דעם אידישען פאָלק אַ אידישע מדינה אין ארץ ישראל ברוח התורה הכתובה והמסורה". אין די ווערטער „אידישע מדינה" אונטערשטרייכען מיר דעם ה ר צ ל־צ י ו נ י ז ם. נישט קיין הכנסת אורחים אָדער מקום מקלט פאַר די גערודפטע אידען, נור אַ געזיכערטע פּאָליטישע היים פאַר דעם אידישען פאָלק. אין דעם זינען זיינען מיר רעוויזיאָניסטען כאָטש מיר שטעהען וויית פון די רעוויזיאָניסטישע מעטאָדען. מיר זיינען נישט מסכים מיט זייער נעגאַטיווע שטעלונג לגבי די אַרבייטער פּראָבלעמען. מיר באַטראַכטען פאַר אַן אומגליק סעפּעראַטיזם אין ציוניסטישער פּאָליטיק. אונזער מאַקסימום פּאָליטישער פּראָגראַם איז אַ ריין ציוניסטישער, אויף וועלכער קיין פּאַרטיי קען קיין מאָנאָפּאָל נישט האָבען.

אויך אין דעם אָרגאַניזאַטאָרישען זינען איז אומבאַדינגט נויטיג אַז די ציוניסטישע דיסציפּלין זאָל נישט געבראָכען ווערען. דער מזרח באַגלייך מיט אַלע אַנדערע ציוניסטישע טיילען, ווילקאָמען יעדען פאַרזוך אָדער אָנשטריינגונג מצד וועלכער אידישער גרופּע, אָדער אָרגאַניזאַציע, אַריינצוברייגען וואָס מערער אידישע עולים נאָך ארץ ישראל, אָבער בתנאי אַז דאָס זאָל זיין אין פאָלשטענדיגער הסכם מיט די פאָדערונגען און רעגולאַציעס פון דער אידישער אַגענטור, וועלכע איז דער איינציגער אַנערקענטער יורידישער אָרגאַן מצד דעם מאַנדאַטען־מאַכט. פּונקט אַזוי ווי עס איז שעדליך סעפּעראַטיזם אויף דעם געביט פון פּ אָ ל י ט י ק, אַזוי איז אויך שעדליך סעפּעראַטיזם אויף דעם געביט פון אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע. די אידישע עליה נאָך ארץ ישראל דאַרף זיין אָרגאַניזירט אונטער איין איינהייטליכער דיסציפּלין. מיר טאָרען נישט דערלאָזען צו קיין כאַאָס אין אַזעלכע פונדאַמענטאַלע ענינים. דער מזרחי שליסט זיך דאַריבער אָן אין דער קאַטעגאָרישער פאָדערונג וואָס די קאָנפערענץ אין וואַשינגטאָן האָט געשטעלט, אַז די אַקציע פון אַריבערברייגען די דייטשע אידישע יוגענט, אין וועמענס אינטערעסען די בריטישע אידישע דעלעגאַציע איז געקומען אַהער, זאָל אויב

נישט אינגאַנצען געשטעלט ווערען אין דעם רשות פון דער אידישער אַגענטור, לפּחות זאָל עס זיין מיט איר בשותפות.

דאַרף מען נישט דערמאָנען אַז אַלעמענס הערצער געהן אויס פון צער און וועהטאָג אויף דער טראַגישער לאַגע פון אונזערע ברידער אין דייטש־לאַנד וועלכע זיינען דעגראַדירט געוואָרען עד שפל המדרגה. זייער חורבן איז אונזערער און זייער אומגליק איז אונזערער. אָבער דער מזרחי באַטראַכט עס פאַר אַ שרעקליכע זינד אויב אַלע רעליף אַגענטורען זאָלען געצילט זיין בלויז צו ראַטעווען א י י ן ט י י ל פון אידענטום אין דער צייט ווען די דריי מיליאָן אידען אין פּוילען געפינען זיך אין אַ פיעל שווערער און געדריקטער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע. אָרגאַניזאַציעס אָדער גרופּען מיט פ י ל אַ נ ט ר אָ פּ י ש ע מאָטיווען האָבען דאָס רעכט אויסצוקלייבען וועלכע טייל אַרבייט זיי ווילען, אָבער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַלס די א י י נ צ י ג ע פ אָ ל ק ס ־ ב אַ וו ע ג ו נ ג וואָס זאָרגט פאַר דעם כ ל ל ־ י ש ר א ל, טאָר נישט שטעלען דעם גאַנצען טראָפּ אויף געקליבענע חלקים פון אידישען פאָלק. אונזער ציעל דאַרף זיין צו ראַטעווען י ע ד ע ן ל י י ־ ד ע נ ד ע ן א י ד ע ן פ ו ן י ע ד ע ר ל י י ד ע נ ד ע ר מ ד י נ ה. ווען מען רעדט אַזוי פיעל וועגען די געליטענע דייטשע אידען טאָר מען אויך נישט פאַרגעסען אין דעם ליידענדען פּוילישען אידענטום, וואָס טרינקט זיך אין אַ ים פון עקאָנאָמישע רדיפות און פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען. דער מזרחי שטעהט דאַרום אויף דעם שטאַנד־פּונקט אַז אין דער פאַרטיילונג פון סערטי־פיקאַטען טאָר נישט געגעבען ווערען קיין פאָרצוג צו קיינעם. מיר מוזען ראַטעווען דעם א י ד י ש ע ן כ ל ל און נישט געוויסע טיילען.

## ד.

אַדאַנק דעם אחדות־גייסט וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין לוצערן איז דערמעגליכט געוואָרען די פאַראייניגונג פון אַלע ציוניסטישע גרופּען אין אַמעריקא פאַר דעם גרויסען ארץ ישראל קאַמפּיין מיט אַ קוואָטא פון דריי און אַ האַלב מיליאָן דאלאר אין וועלכען עס געהען אַריין דער קרן־היסוד, קרן־קימת־לישראל, קרן ארץ ישראל של מזרחי, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און פּועלי־צעירי־ציון. מאַנכע מיטגלידער פון אונזער ועד הפועל האָבען אויסגעדריקט די מורא אַז דורך אויפגעבען דעם מזרחי ארץ ישראל קאַמפּיין

ווערען מיר אידעאָלאָגיש און אָרגאַניזאַטאָריש אָפּגעשוואַכט. דער רוב פון ועד הפועל, מיט אַן אויסנאַם פון 3 חברים, האָט געשטימט פאַר דעם שותפות־קאַמפּיין ערקלערענדיג ווען עס דראָהט אַ פּאַרטיליגונגס־געפאַר פאַר אַ גרויסען טייל פון אונזער פאָלק, טאָר קיין רייד נישט זיין וועגען פּאַרטיי־חשבונות.

ביז דעם לעצטען קאָנגרעס איז דער מזרחי געשטאַנען אין דער אָפּאָזיציע. איצט שטעהען מיר אין דער ציוניסטישער הנהגה און מיר מוזען זיך טיילען מיט דער אחריות. דער איצטיגער ארץ ישראל קאַמפּיין איז די גרעסטע אַקציע אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם. מיר מוזען אָנשטרענגען אַלע כחות אַז די רעזולטאַטען זאָלען זיין אין איינקלאַנג מיט די גרויסע פאָלקס־נויטען וואָס מיר מוזען לינדערען. מיר מוזען קאָנסאָלידירען אַלע קרעפטען פאַר דיזער אַקציע. כדי מיר זאָלען קענען בייקומען אַלע דרויסענדע שונאים וואָס לייגען שטיינער אויף אונזער וועג. און בכדי מיר זאָלען קענען גובר זיין אַלע פּאָליטישע געפאַרען וואָס הייגגען איבער אונזערע קעפּ איז נויטיג אַ פעלזען שטאַרקע פאַראייניגונג פון אַלע בויענדע און שאַפענדע כחות אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די פראַגע וועגען איינהייטליכע ציוניסטישע לאַנדעס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז באַשלאָסען געוואָרען ביים לעצטען ציוניסטישען קאָנגרעס, דאַרף ערנסט באַטראַכט ווערען ביי אונזער קאָנווענשאַן. דאָס איז איינע פון די מיטלען וואָס וועט מעגליך פירען צו דער אויסברייטערונג פון דער ציוניסטישער אַקטיוויטעט אין דיזען לאַנד. אָבער דער דאָזיגער באַשלוס ענטהאַלט אין זיך אויך נעגאַטיווע זייטען. אויב אַזוינע לאַנדעס אָרגאַניזאַציעס זאָלען ווען עס איז געשאַפען ווערען, מוזען מיר שטעלען אַ תנאי קודם למעשה אַז די זעלבסטשטענדיגקייט און די אויטאָנאָמישע רעכט פון יעדער פּאַרטיי זאָל שטריינג געהיט ווערען. קיין שום פראַקציע זאָל נישט קענען דיקטירען די פּאָליסיס, אָדער מישען זיך אין די אינערליכע ענינים פון די אַנדערע פּאַרטייען. דער נייער סטאַטוס טאָר נישט אָפּווישען דעם אייגענעם כאַראַקטער פון יעדער פּאַרטיי. עס מוז אויך אָפּגעשאַפען ווערען דער בטול־גייסט פון איין פראַקציע צו דער צווייטער. עס מוז הערשען אַ רעספעקטירענדע באַציהונג צו דעם אַנדערענ׳ס „אני מאמין״. אויב דער דאָזיגער פּרינציפּ זאָל גאַראַנטירט ווערען דעמאָלט וועט מען קענען אָנהויבען ריידען וועגען איינהייטליכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

## ה.

מיר פּייערן איצט דעם פינף און צוואַנציגסטען יובילעאום פון מזרחי אין אַמעריקאַ. עס איז נישט געווען קיין לייכטער וועג. תורה און ארץ ישראל זיינען פון די זאַכען וואָס ווערען ערוואָרבען דורך יסורים. דער מזרחי וואָס האַלט זיך פעסט ביים פּראָגראַם פון תורה און ארץ ישראל, האָט דורך דעם האַלבען יובל, דורכגעמאַכט אַ היבש ביסעל יסורים. עס איז געווען אַ פּעריאָד פון דורכפאַלען און דערגרייכונגען, ענטוישונגען און ערמוטיגונגען. לרוב זיינען די ערשטע מערער ווי די לעצטע. מיר זיינען אָבער אין אונזער וועג געגאַנגען. מיר האָבען זיך נישט געלאָזט דורכגעפּרעסען ווערען פון פאַרצווייפלונג און פעסימיזם. דער הייליגער מזרחי אידעאַל האָט אונז שטענדיג באַזעעלט. מיר האָבען כסדר געפילט אַז מיר האָבען אַ באַזונדערע שליחות אין ציוניזם פאַר וועלכען עס איז כדאי צו קעמפען. אָהן מזרחי פאַרלירט דער ציוניזם זיין גאַנצען אינהאַלט. אָהן די רעליגיעזע אינספּיראַציעס קען דאָס אידישע פאָלק נישט עקזיסטירען אפילו אין ארץ ישראל.

דער מזרחי אין אַמעריקע האָט אַ סך פאַרדינסטען. מיר האָבען זעהר פיעל בייגעטראָגען צו דער פאַרטיפונג פון אידישען חנוך און צו דער פאַרשטאַרקונג פון שמירת שבת; מיר האָבען אַ גרויסען חלק אין דער פאַרגרעסערונג פון ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, בית מדרש לתורה, בית מדרש למורים און אין פילע אַנדערע ישיבות איבערן לאַנד. ביי די טויזענטער און טויזענדער מזרחי אסיפות, קאָנפערענצען און קאָנווענשאָנס, וואָס דער מזרחי האָט אָפּגעהאַלטען אין דעם משך פון האַלבען יובל, האָבען מיר דערוועקט נישט נור ליבע צו ארץ ישראל, צום ציוניזם און צום אידישען פאָלק, נור אויך אַריינגעבראַכט געפילען פון קדושה — קדושת התורה — אין דעם אידישען לעבען. אויף יעדען געביט מיט וועלכען דער מזרחי האָט זיך באַשעפטיגט האָבען מיר געלייגט דעם שטעמפּעל פון דער רעליגיעזער־טראַדיציאָנעלער אידישקייט.

אַריינטרעטענדיג איצט אין דעם צווייטען האַלב פון יובל מוזען מיר אויף דאָס ניי באַפעסטיגען דעם פּראָגראַם וואָס מיר האָבען אָנגענומען מיט צוואַנציג יאָר צוריק, ביי דער דריטער מזרחי קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, וואָס לויטעט:

דער מזרחי איז אַן אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזע ציוניסטען, פאַר ארץ־

ישראל, און פאַר רעליגיעזער אַרבייט אין גלות. מיר מוזען אויפהויבען אַ שטאַר־קע באַוועגונג פאַר למוד התורה און חזוק היהדות. אַלס רעליגיעזע ציוניסטען זיינען מיר מחויב צו זאָרגען פאַר אַלע רעליגיעזע ענינים אין גלות, אַזוי גוט ווי אין ארץ ישראל. דאָס איז די נייע קבלה־בלב וואָס מיר דאַרפען אַנעמען ביי דער היינטיגער יובילעי־קאָנווענשאַן.

## ו.

איינע פון די אויפגאַבען פון דער היינטיגער קאָנווענשאַן דאַרף זיין צו שטאַרקען און אויסברייטערען די מזרחי אָרגאַניזאַציע. מיר מוזען אַנפירען אַן אינטענסיווע אידעאָלאָגישע אויפקלערונג צווישען די רעליגיעזע אידישע מאַסען. מיר מוזען שאַפען אַ שטאַרקען פאַראייניגטען רעליגיעזען פראָנט. די עלטערע רבנים, די יונגע רבנים, די עלטערע אידען, די יונגערע אידען, די אָרטאָדאָקסישע שוהלען, דער „יאָנג איזראַעל" און אַלע אַנדערע רעליגיעזע אידישע קערפערשאַפטען דאַרפען שטעהן פאַראייניגט אונטער דער פאָהן פון מזרחי פאַר אַ רעליגיעזער־נאַציאָנאַלער אידישקייט אין ארץ ישראל און פאַר אַ תורה־אידישקייט אין גלות. אויב די ראַדיקאַלען מכל המינים, אַפילו די לינקע פון די לינקסטע, ריידען וועגען אַ פאַראייניגטען פראָנט, וואָרום זשע זאָלען מיר רעליגיעזע אידען נישט טאָן דאָס זעלבע? וועלען מיר בלייבען ווייטער צעבערקעלט וועלען מיר מיט אייגענע הענט חרוב מאַכען דעם רעליגיעזען אידישען לעבען פאַר וועלכען מיר וועלען דאַרפען אָפּגעבען אַ גרויסען דין וחשבון.

אונזער קאָנווענשאָן דאַרף אויך נעמען אַ שטעלונג אין באַצוג צו דער פראַגע פון אַן אַלוועלטליכען אידישען קאָנגרעס, וואָס זאָל דינען אַלס די אָפיציעלע פאַרטרעטערשאַפט פון אידישען פאָלק צו באַשיצען און קעמפען פאַר די אידישע אינטערעסען. אַזאַ קאָנגרעס וועט נור דאַן האָבען אַ היסטאָ־רישע און פאָליטישע באַדייטונג ווען ער וועט געבויט זיין אויף פאָפולערע דעמאָקראַטישע יסודות דורך דירעקטע וואַלען אין וועלכע יעדער אידישער מאַן אָדער פרוי וועט זיך באַטייליגען. עס איז איבעריג צו ווידערהאָלען די רעזאָלוציע, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען ביי אונזער לעצטער קאָנווענשאַן אין דעטרויט, אַז דער מזרחי׳ס באַטייליגונג אין דעם אידישען קאָנגרעס זאָל זיין נאָר אויף דעם בפירושידיגען באַדינג אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך נישט

באַשעפטיגען מיט קיינע קולטורעלע פראַגען, זיין אויפגאַבע דאַרף זיין בלויז אַ פּאָליטישע און עקאָנאָמישע.

ז.

מיר האָבען אָנגעוויזען בלויז די הויפּט ליניען אין וועלכען די מזרחי־אַקטיוויטעט דאַרף געצילט זיין אין דער צוקונפט. די שלום־פּעדים וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען שפּינען אין לוצערן דאַרפען פון אונז אַלעמען פאַר־שטאַרקט ווערען. אונזער דעוויז דאַרף זיין: אַן אינטענסיווער הצלחה׳דיגער ארץ ישראל קאַמפּיין, אַ פאַרגרעסערטע אַקציע פאַר דעם אידישען נאַציאָנאַל פאָנד וועלכער איז דער וויכטיגסטער פאַקטאָר אין גאולת הארץ, און אַ שטאַר־קערע פאַרגרעסערטע אַרבייט פאַר דעם קיום היהדות אין גלות. דער מזרחי האָט פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט. דער רוב פון אידישען פאָלק פאַרשטעהט אַז ווען ארץ ישראל ווערט געבויט דאַרף עס געבויט ווערען אין דעם גייסט פון אונזער תורה און טראַדיציאָנעלע אידישקייט. אַפילו די ראַדיקאַלע עלע־מענטען קענען זיך נישט באַפרייען פון דעם וואָס זיי רופען „רעליגיעזיטעט". רעליגיעזיטעט אין איבער מער נישט ווי אַן אָפּשפּיגלונג אָדער אַ נאָכמאַכונג פון רעליגיע. אונזער אויפגאַבע אַלס מזרחים איז, אַריינצוברינגען אין אידישען לעבען נישט קיין נאָכקרימונג פון רעליגיע, נאָר אמת׳דיגע רעליגיעזע התלהבות וואָס ציט איר שורש פון די אמת׳ע רעליגיעזע מקורות. דער מזרחי קען ווערען אַ בויענדער כח און ווירקזאַמער פאַקטאָר סיי אין ארץ ישראל און סיי אין גלות. אָבער דאָס העננגט אָפּ אין אייך, חשוב׳ע דעלעגאַטען צו דער יובילעי־קאָנווענשאָן. וועט איר אונז געבען אייער פולע און ברייטע קאָאָפּעראַ־ציע, וועט איר פאַרגרעסערען און פאַרברייטערען אונזערע רייען, און וועט איר מיט התלהבות פאַרטיפען דעם מזרחי אידעאַל, דאַן וועט דער מזרחי פאַרנעמען דעם פאַרדינטען און געהעריגען פלאַץ אין אידישען לעבען. מיט דעם כח התורה זיינען מיר ביז אַהער געגאַנגען, און מיט דעם כח־התורה וועלען מיר ווייטער געהן. מיר האָבען זוכה געווען צו דערלעבען דעם האַלבען יובל פון מזרחי. לאָמיר מתפלל זיין אַז מיר זאָלען אויך זוכה זיין צו דערלעבען די פייערונג פון דעם גאַנצען יובל באַרצנו הקדושה ברוח התורה והמסורת.

# 40 יאָהר ציוניזם און 35 יאָהר מזרחי*

## א.

מיר קומען זיך צונויף מיט שווערע געמיטער און געדריקטע הערצער. די אידישע הימלען זיינען באַדעקט מיט וואָלקענס. דער גאַנצער בית ישראל איז אַרומגעכאַפּט פון שרעקליכען פייער. די אידישע לאַגע איז קיינמאָל נישט גע־ווען אַזוי ערנסט און קריטיש ווי היינט. עס ווערען מקויים די רייד פון נביא: „כי יפלא בעיני שארית העם הזה — גם בעיני יפלא". פאַר דער געטליכקייט אַליין איז עס אַ וואונדער ווי אַזוי קען דער שארית ישראל אַריבערטראָגען די איצטיגע שווערע צייטען, וועלכע האָבען אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן געטראָפען דאָס אידישע פאָלק.

די וועלט בכלל מאַכט דורך שרעקליכע קריזיסען. די שנאה צווישען איין פאָלק און דעם צווייטען האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. עס דראָהען געפאַהרען פון נייע מלחמות, פון נייע בלוט־באָדען. די אַלטע מענשליכע קול־טורעלע ווערטען האָבען פאַרלוירען זייער חשיבות. דער חיה־אינסטינקט האָט פאַרנומען זייער פּלאַץ. דער באַגריף פון אינדיווידועלער פרייהייט איז לגמרי אָפּגעווישט געוואָרען. דאָס פאַראַרימונג פון די ברייטע מאַסען און די אַרבייטס־לאָזיגקייט פון די מיליאָנען מענשען איז אפשר אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער וועלט־דעמאָראַליזאַציע. דער פועל־יוצא איז, אַז גאַנץ אייראָפּע איז פאַרגיפטעט פון אַ שרעקליכען מענשען־האַס וואָס ציהט איהר יניקה פון דעם פינסטערען מיטעלאַלטער.

און פונקט ווי אַמאָל, אַזוי אויך היינט, ווערט דאָס אידישע פאָלק געטראָפען מעהר ווי אַלע. „די קויל ווערט געוואָדפען נאָך מעריב און פאַלט צוריק נאָך

---

* רעדע ביי דער 20טער מזרחי קאָנווענשאָן.
כ"ו אייר, תרצ"ז, אַטלאַנטיק סיטי.

ירושלים". די קוילען פון דעם פּאָליטישען און עקאָנאָמישען וויר־וואַר פּאַלען מייסטענס אין דעם פאַרוואונדעטען הארץ פון דער אידישער אומה. דעריבער איז דער מצב פון 8 מיליאָן אידען אין די מזרח־איראָפּעאישע לענדער אַזוי שרעקליך־גרויזאַם. די שנאת־עולם לעם־עולם האָט זיך איצטער אַנטפּלעקט אין דער מיאוס'טער פאָרם. די אידישע שונאים האָבען אונז דערקלעהרט קריג, און דער קריג ציהט זיך אויף אַלע ליניעס. ווער איז דאָס בכח צו שילדערען דעם טראַגישען מצב פון די דריי מיליאָן אידען אין פוילען? ווער איז דאָס בכח צו מאָהלען די שרעקליכע ירידה פון דעם דעגראַדירטען אידישען קיבוץ אין דעם ברוטאַלען דייטשלאַנד? און ווער קען דאָס דערציילען וועגען די פיינ־ליכע נשמה־ליידען פון דעם גוסס'דיגען אידענטום אין סאָוועטען־רוסלאַנד?

שטעהענדיג אונטער אַזוינע פינסטערע שאָטענס, זייענדיג אַרומגענומען מיט אַזוי פיל צער און פיין, שיקען מיר פון דאַנעט אַ וואָרט פון דערמוטיגונג צו אונזערע געפייניגטע און גע'רודפ'טע ברידער אין פוילען, צו אונזערע געליטענע און דערנידעריגטע ברידער אין דייטשלאַנד און צום רעליגיעז־גע־פייניגטען שארית ישראל אין סאָוועטען־רוסלאַנד. מיר שטרעקען זיי אויס אַ ברודערליכע האַנט און זאָגען: „אחים לדעה, עמכם אנו בצרה"!

## ב.

לאָמיר נישט פאַרלייקענען די רעאַלע פאַקטען. דער פּאָליטישער מצב אין אונזער לאַנד איז נישט האָפנונגסלאָז, אָבער זעהר אַ שווערער און קאָמפּליציר־טער. פון פאַר־אַ יאָהרען אָן, זינט דער לעצטער קאָנווענשאָן, איז דער מצב געוואָרען אַ סך ערנסטער. דעמאָלט איז געהאַנגען איבער אונזער קאָפּ די סכנה פון צושליסען די טויערען, די גזרה אויף לאַנד קויפען און דער געפּלאַנטער לעגיסלאַטיווער קאָונסיל. מיר האָבען יענע גזירות באַקעמפט און אָפּגעשריען, היינט איז די סכנה אַ פיל גרעסערע. אין פאַרלויף פון דעם יאָהר האָט אונזער לאַנד דורכגעמאַכט אַ בלוטיגען טעראָר. דער ישוב האָט דורכגע־לעבט שווערע נסיונות. הונדערט און צוויי גבורים און קדושים זיינען געפאַלען על קדוש־השם ובנין הארץ. מיר דערמאָנען זייערע נעמען מיט אַ געפיהל פון קדושה. מיר בויגען אונזערע קעפּ מיט יראת־הכבוד פאַר די העלדישע טרייע אידישע שומרים וועלכע זיינען געפאַלען קרבנות פאַר דעם אידישען פאָלק.

אין שטיקעל נחמה איז פאַראַן וואָס טראָץ די שוועריגקייטען, איז דער מוט

און דער ווילען פון ארץ־ישראל אידענטום נישט געבראַכען. אַלע בלוטיגע פאַרזוכען פון די אַראַבישע מערדער חרוב צו מאַכען די אידישע פּאָזיציעס, האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט, ווייל דער ישוב איז ב״ה דורכגעדרונגען מיט אַ העראָאישען גייסט ווען דער שונא וועט נישט קענען אַזוי לייכט באַזיגען.

מיר שטייען אָבער פאַר אַ נייער געפאהר. און די געפאהר קומט ניט דאָס מאָל מצד די אַראַבער, נאָר מצד ענגלאַנד. עס טראָגען זיך אַרום קלאַנגען, אַז די „קעניגליכע קאָמיסיע״ וויל פאָרשלאָגען אַלס אַ מיטעל פאַר שלום, דעם קאַנטאָנען־פּלאַן, אָדער די צעטיילונג פון דער לאַנד אויף עטליכע שטיקער און אונז אויך צוואווארפען אַ שטיקעל חלק. אויב דיזע קלאַנגען זאָלען אמת זיין — מוזען מיר אַרויסטרעטען געגען דעם מיט די שטאַרקסטע פּראָטעסטען. צעררייסען ארץ־ישראל, מיינט אַ ריס אין אונזער נשמה. נישט גענוג וואָס אין די גלות־לענדער פאַרוואונדעט מען אונזער קערפּער, וויל מען מיט דעם „שלום־פּלאַן״ אויך פאַרוואונדען אונזער נשמה. אויף דעם וועלען מיר ניט שווייגען, טאָרען מיר ניט שווייגען, ווייל דאָס איז די ערגסטע גזירה פאַר אונזער פאָלק.

פון אונזער פּלאַטפאָרם דאַרף אַרויסגעהן אַ גרויס געשריי: „מיר באַשולדיגען״! מיר באַשולדיגען די מאַנדאַטאָרישע מאַכט אין ארץ ישראל פאַר איהר וואַקלדיגער און נאַכלעסיגער שטעלונג, וועלכע האָט גורם געווען צו אַלע בלוטיגע אומרוהען אין די לעצטע עטליכע יאָהר; מיר זעצען אַוועק די ענגלישע רעגירונג אויף דער באַשולדיגונגס־באַנק פאַר ניט אויספילען איהר הייליגע פאַרשפּרעכונג צום אידישען פאָלק. מיר שטיצען גאַנצע הונדערט פּראָצענט דעם באַשלוס פון דעם ציוניסטישען אַקציאָנס־קאָמיטעט (אָנגענומען ביי דער לעצטער זיצונג אין ירושלים) אַז בלויז דורך דער בוכשטעבליכער דורכפיהרונג פון מאַנדאַט און בלויז דורך דער פרייער און ברייטער אַנטוויקלונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים קען גאַראַנטירט ווערען אַ באַשטענדיגע זיכערקייט און דויערנדער פרידען צו אַלע איינוואוינער.

מיר דאַרפען אַפּעלירען צום געוויסען פון אַמעריקאַנער פאָלק. אויב אין איירָאָפּע איז שוין אָפּגעשטאָרבען יעדער מענשליכער געפיהל פון יושר און גערעכטיגקייט און אונזערע פּראָטעסטען און געשרייען קענען דאָרטען נישט געהערט ווערען, לעבען מיר דאָך ב״ה אין דער דאָזיגער פרייער מדינה, זי וועט אונזער געשריי דערהערען. אַמעריקע, די לאַנד פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע,

וועט נישט דערלאָזען אַז מיר זאָלען בארויבט ווערען פון דער מעגליכקייט צו בויען אונזער נאַציאָנאַלע היים.

מיר דאַרפען אויך אַרויסטראָגען אַ פאָדערונג צו דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, אַז דער שווערפונקט פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק זאָל אַריבערגעטראָגען ווערען נאָך אַמעריקע, וועלכע האָט אַ גרויסען חלק אין דער באַלפור דעקלאַראַציע און האָט צו יעדער צייט, דורך איהרע ליבעראַלע פּרעזידענטען, אַרויסגעוויזען פריינדשאַפט און אינטערעס צום אידישען אויפבוי אין ארץ־ישראל.

## ג.

די שווערע פּאָליטישע סיטואַציע אין ארץ־ישראל וואָס האָט אַרויסגערופען אַזוי פיל זאָרג אין דער גאַנצער אידישער וועלט, איז צום גליק געקומען אין אַ צייט, ווען אינערהאַלב דעם ציוניסטישען לאַגער הערשט ביז אַ געוויסען גראַד פאַרשטענדיגונג און פאַראייניגונג. דער ברודער־קריג און די פאַרביסענע שנאה וואָס האָט עקזיסטירט מיט צוויי יאָהר צוריק און אַריינגעבראַכט דעמאָראַליזי־רונג אין די ציוניסטישע רייהען, איז פאַרשוואונדען. די ציוניסטישע קאָאַליציע אין וועלכער דער מזרחי איז פאַרטראָטען, איז געווען אַ רפואה צו דער מכה.

דער מזרחי, סיי אין דיזען לאַנד און סיי אין דער וועלט־באַוועגונג, טראָגט אַ גלייכען חלק אין דער גרויסער פּאָליטישער און פינאַנציעלער אחריות וואָס דעם ציוניזם קומט אויס צו טראָגען. עס איז געווען אַ יאָהר פון מורא'דיגע איבערלעבענישען. אין דער געשיכטע פון מאָדערנעם ציוניזם זיינען מיר ניט געשטאַנען פאַר אַזעלכע ברענענדע פּראָבלעמען. די פערציג יאָהר ציוניזם האָבען געדינט אַלס התחלה־פעריאָדע, אַ צוגרייטונגס־פּראָצעס פאַר דעם איצטי־גען גרויסען מאָמענט, ווען מיר באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט דער אַקטועלער רעאַליזירונג פון דעם ציוניסטישען פּראָבלעם. די אידישע אומה באָדט זיך אין אַ ים פון צרות. ווי טראַגישער וואָלט אונזער מצב געווען, ווען דער ציוניזם — דער איינציגער ליכטיגער שטראַל, וואָלט ווידער פאַרשאָלטען געווען מיט דער קללה פון שנאת־אחים און חרב איש ברעהו.

דער מזרחי האָט באַגריפען די ערנסטקייט פון דער שלאָגענדער שעה, און צוליב דעם האָבען מיר אַ סך אַרונטערגעשלונגען אַבי ניט צעברעכען די איינִיגקייט און דיסציפּלין אין ציוניזם. דער פּאָליטישער מאָמענט איז אַ שווע־

רער, אָבער דער רעליגיעזער מאָמענט איז נאָך אַ שווערערער. פאַר אונז — רעליגיעזע אידען — איז דאָס דער גרעסטער נסיון, ווען אין געוויסע מאָמענ־טען מוזען מיר פאַרבייסען מיט די ליפּען, טראָגען אין זיך שטילערהייט דעם טיפען צער צוזעהענדיג אַז מען טרעט עפענטליך על קדשי האומה. מיט שטאָלץ אונטערשטרייכען מיר דעם פאַקט, אַז מיר, מזרחים, האָבען אויפגעהאַלטען די איינייגקייט אין דער ציוניסטישער קאָאַליציע. די פראַגע איז בלויז: האָבען עס אויך געטאָן די אַנדערע ציוניסטישע עלעמענטען?

די תשובה דאַרויף, דאַרף נישט קומען פון אונז. עס איז ווערט צו פאַר־צייכענען די שאַרפע תשובה וואָס בן־גוריון האָט געגעבען ביי דער קאָנפערענץ פון זיינע אייגענע חברים פון „הסתדרות", נישט לאַנג צוריק אָפּגעהאַלטען גע־וואָרען אין תל־אָביב. צווישען אַנדערס האָט ער געזאָגט:

„מיר באַדאַרפען נישט זוכען ביי אַנדערע אומווילען אָדער אוממעגליכקייט צו ערפילען אַלע באַדינגונגען פון דער גרויסער קאָאַליציע אינ׳ם ציוניזם. אויב מיר ווילען אַביסעל מפשפש במעשים זיין — ווילען מיר געפינען, אַז אויך מיר זיינען אפשר נישט אין אַלץ גערעכט. איך וועל נאָר פאַרצייכענען איין זאַך — דאָס פּראָבלעם פון שבת, וואָס האָט פאַרנומען אַזאַ גרויסע ראָלע אויפ׳ן לעצטען קאָנגרעס. עס זיינען איצט אַנוועזענד פיל חברים, וואָס זיינען געזעסען אין דער אַרבייטער־פראַקציע אויפ׳ן קאָנגרעס און האָבען געהערט די רייד וועגען די נויטווענדיגקייט מקיים צו זיין די קדושת־השבת ביי ערד־אַרבייט צוליב קולטורעלע, היגיענישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע טעמים, און נישט בלויז צוליב סטראַטעגישע פאַרלאַמענטאַרישע סיבות אינ׳ם ציוניזם. צי געפינט זיך צווישען אונז עמיצער וואָס זאָל זאָגען מיט אַ גאַנץ הארץ, אַז מיר האָבען דערפילט די פליכט, וואָס מיר האָבען גענומען אויף זיך? — מיר האָבען נישט קיין רעכט, זיך צו מאַכען פאַר צדיקים און צו זוכען חטאים ביי אַנדערע"...

אַזוי האָט גערעדט בן־גוריון, איינער פון די זיילען פון דער הסתדרות. וואָס קענען מיר דערצו מוסיף־זיין?

מיר מזרחים, האָבען מיט 35 יאָר צוריק געשאַפען די לאָזונג: „המזרחי בא לא לרחק כי אם לקרב". און די ראַדיקאַלע עלעמענטען טוען פאַרקערט: „לרחק ולא לקרב". זאָנסט וואָלט נישט געווען אַזוי פיל חילול־שבת אויף דעם הייליגען באָדען. חילול שבת איז אַ שוואַכער אויסדרוק. געוויסע עלעמענ־

טען גייען אַזש ביז ביטול שבת. ווען מען לייענט די ארץ־ישראל פּרעסע כאַפּט אַן אַ שרעק ווען ווענן די פּרטים פון חילול־שבת.

צו די דאָזיגע עלעמענטען זאָגען מיר: צוליב אינערליכער אחדות אין דער ציוניסטישער קאָאַליציע, האָבען מיר אין די צוויי יאָהר אַ סך פון אונזערע אידעאַלען און פּרינציפּען מקריב געווען. מיר האָבען פאַרשוויגען אויף אַ סך עוולות. אָבער סבלנות האָט אויך אַ גבול. מיר האָבען אָפּגעהיט די גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. היט איהר אויך אָפּ די גאַנצקייט פון דער אידישער נשמה...

## ד.

די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע פייערט היינטיגס יאָהר דעם פערציגס־טען יובילעאום זינט איהר גרינדונג. דער מזרחי איז מיט פינף יאָהר אינגער. מיר פייערען דעם פינף און דרייסיגסטען יובילעאום. פילע וואָסערען זיינען פון יענער צייט איבערגעלאָפען. פילע שינויים זיינען פאָרגעקומען. גאַנצע אידישע קיבוצים זיינען אויסגעריסען געוואָרען און גאַנץ נייע לעבענס־פאָרמען זיינען צוגעקומען.

דער וועלט־ציוניזם פונקט ווי דער וועלט־מזרחי, האָבען זיך פון זייערע פּאָזיציעס נישט גערירט. ביידע באַוועגונגען זיינען לויאַל געבליבען צו זייערע פּראָגראַמען. דער ציוניזם שטרעבט צו דער באַפרייאונג פון אידישען פאָלק, אויסלייזונג פון דעם ארץ־ישראל'דיגען באָדען, אַריינברענגען אין לאַנד הונדער־טער טויזענדער אידען, פּאָליטישע אומאָפּהענגיגקייט ביז צום ענד־ציל פון אַ אידישער מדינה. און דער מזרחי איז דערויף מוסיף: פּאָליטישע פרייהייט — געוויס; אויסלייזען דעם באָדען — געוויס; אַריינברענגען מיליאָנען אידען — געוויס; אַ אידישע מדינה — געוויס. אָבער לאָמיר אויך נישט פאַרגעסען דעם עיקר שבעיקרים: ארץ־ישראל מוז זיין דער צענטער פון אידישער תורה און טראַדיציאָנעלען אידישען גייסט. דאָס איז געווען אונזער הויפּט־ציל מיט 35 יאָהר צוריק. דאָס איז אונזער הויפּט־ציל אויך היינט. מיר וועלען קיינמאָל קיין מנוחה נישט געפינען ביז וואַנעט דער דאָזיגער תכלית וועט דערגרייכט ווערען.

היינט, פונקט ווי מיט 35 יאָהר צוריק, שטרעבט דער מזרחי: נישט נאָר צו באַפרייען ארץ־ישראל, נאָר אויך צו באַפרייען ארץ־ישראל פון דעם פּסולת פון גלות.

דער מזרחי האָט דורך די 35 יאָהר געקעמפט פאַר דעם, אַז דאָס רעליגיעזע אידענטום זאָל זיך ניט אָפּזונדערען פון ציוניזם. איצט מוזען מיר אויך קעמפען פאַר דעם, אַז דאָס רעליגיעזע אידענטום זאָל חלילה ניט בטל ווערען אין ציוניזם. און לאָמיר דעם קאַמף נישט גרינג מאַכען. עס איז אַ קאַמף צווישען צוויי וועל־טען: איין וועלט, דאָס איז אונזערע, וואָס וויל דעם חול פאַרוואַנדלען אין קודש, און די צווייטע וועלט וועלכע וויל פון אונזער קודש מאַכען חול. אַמאָל איז די עליה קיין ארץ־ישראל פאַרבונדען געווען מיט עלית נשמה. אפילו די אַנטי־רעליגיעזע עלעמענטען האָבען פון זייער שטאַנדפּונקט, געטראָגען אין זייערע הערצער אַ געוויסע מאָס פון רעליגיעזיטעט. איצט זיינען אַ סך פון די עולים וועלכע קומען נאָך ארץ־ישראל נישט קיין עולים, נאָר יורדים, אין דעם גייס־טיגען זינען.

חשוב׳ע דעלעגאַטען! מיר קומען צו דער צוואַנציגסטער מזרחי קאָנווענשאָן און מיט עטליכע חדשים שפּעטער צום צוואַנציגסטען ציוניסטישען קאָנגרעס, מיט אַ קלאָרען פּראָגראַם. מיר פאָדערען אַ פעסטע פּאָליטיק מיט דער מאַנדאַ־טען־מאַכט;

מיר פאָדערען אַ גאַנצע ארץ־ישראל און נישט קיין צעריסענע;

מיר פאָדערען אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר׳ן אידישען פאָלק און נישט קיין הכנסת־אורחים פאַר געליטענע אידען;

מיר פאָדערען — אַ גאַנצע אידישקייט און נישט קיין צעריסענע; אַ גאַנצען שבת און נישט קיין נאָכקרימעניש פון זונטאָג; אַ גאַנצען אידישען חינוך און נישט קיין צעפּוילטען און צעברעקעלטען.

מיר פאָדערען אַז דער נייער לעבען אין ארץ־ישראל זאָל געבויט ווערען אויף די יסודות פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט. ניט לויט די דירעקטיוועו פון גויאישע און האַלב גויאישע טעאָרעטיקער, נאָר אַ סאָציאַלע גערעכטיגקייט לויט די דירעקטיוועו פון אונזער תורה און אונזערע נביאים.

## ה.

אונזערע פאָדערונגען וועלכע איך האָב נאָר וואָס דערמאָנט וועלען געהערט ווערען ביים קומענדען ציוניסטישען קאָנגרעס. דער קאָנגרעס איז אַן עכט דע־מאָקראַטישע אינסטיטוציע. דאָס איז דער „אידישער פּאַרלאַמענט אין ווערען". דער ציוניזם אַלס אַ פאָלקס־באַוועגונג איז אונז הייליג און טייער. מיר האָבען

די גאַנצע צייט געגלויבט אַז מען קען דעם ציוניזם נישט מבטל זיין, די אַנדערע רעליגיעזע עלעמענטען וועלכע האָבען זיך געהאַלטען אויסערהאַלב דער ציוניס־טישער באַוועגונג זיינען באַגאַנגען אַ שרעקליכען טעות. דער ציוניזם איז געוואָרען דער בויענדער כח פון אידישען פאָלק. יעדער פאַרזוך פון שפּאַלטונג קען נישט טאָלערירט ווערען. מיר שטעלען אין סכנה אונזער גאַנצע צוקונפט. מיר מוזען בלייבען איבערווייניג און כסדר קעמפען פאַר אונזערע גערעכטע פאָדע־רונגען. אָבער בכדי אַז דאָס רעליגיעזע אידענטום זאָל אויסאיבען די נויטיגע השפעה אויף דעם קאָנגרעס און אויף אַלע ציוניסטישע אינסטאַנצען מוזען מיר קומען אַהין מיט אַ גרויסער און צאָלרייכער פאַרטרעטערשאַפט.

דורך דער צייט פון דער קאָנווענשאָן וועט אייך אויסקומען צו הערען באַ־ריכטען איבער דער פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַטארישער אַרבייט פון אונזער אָר־גאַניזאַציע. אונזער אַדמיניסטראַציע האָט אַוועקגעגעבען איבער־מענשליכע כחות. אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגליך געווען צו טאָן בכדי צו פאַרשטאַרקען און פאַרגרעסערען דעם מזרחי, איז געטאָן געוואָרען. מיר זיינען נאָך זעהר ווייט פון פולקאָמענהייט. אָבער איינס איז זיכער, אַ פאַרזוך איז געמאַכט גע־וואָרען, און דערצו אַ שטאַרקער און ענערגישער פאַרזוך.

מיר קומען צו דעם צוזאַמענפאָהר נישט נאָר מיט צוויי אייגענע אָרגאַנען אין אידיש און ענגליש, נאָר עס פרעהט אונז אויך צו ברענגען די פרעהליכע בשורה דאָס אַ דאַנק אונזער אָרגאַניזאַציע וועט בקרוב דערשיינען אין ארץ־ישראל אַ טעגליכע צייטונג אַרויסגעגעבען פון מרכז עולמי של המזרחי. צוליב דעם צוועק, שיקען מיר אַהין צוויי לינאָטייפּ מאַשינען מיט אַלע מאָדערנע מכשירים. עס איז די שרעקליכסטע טראַגעדיע פאַר אַ באַוועגונג ווען זי מוז ריידען שטום־לשון. אַ פּאַרטיי אָהן אַן אייגענעם אָרגאַן איז ווי אַ מענש אָהן לופט. מיר, אַמע־ריקאַנער מזרחים, האָבען אַ באַזונדער זכיה, ווייל מיר האָבען געגעבען דעם שטויס פאַר דער טעגליכער צייטונג. קלינגט מיר נאָך אין די אויערען דער ניגונ'דעל וואָס חבר משה שאַפּירא האָט צוגעזונגען שטעהנדיג נעבען די מאַ־שינען: „על ידי זה יושפע שפע רב בכל העולמות"...

די טענדענץ פון מאַנכע חברים, אַז דער מזרחי זאָל זיך בלויז אָפּגעבען מיט רעליגיעזע און קולטורעלע אַרבייט, איז פאַר אונז געפערליך. די דאָזיגע שיטה קען חלילה פיהרען אַז מיר זאָלען אינגאַנצען פאַרלירען די השפעה אויף דעם לעבען און שאַפען אין ארץ־ישראל. מיר קענען נישט פאַנאַנדערטיילען

צווישען מאַטעריע און גייסט. „אם אין קמח אין תורה". יעדע זאַך וואָס האָט אַ שייכות מיט'ן לעבען איז אונזער זאַך. מיר טאָרען נישט פאַרלאָזען די עקאָנאָ־מישע פּאָזיציעס. אין פעלד און אין פאַבריק, אין שוהל און אין חדר, אין גאַס און אין הויז — אומעטום, מוז געלייגט ווערען דער שטעמפּעל פון תורה, וועל־כע איז אַ תורת חיים.

אַ פאַראַנטוואָרטליכער געפיהל פון פאַרשטענדיגונג הערשט יעצט אין די רייהען פון אַמעריקאַנער מזרחי. די אַלע מיספאַרשטענדענישען וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען אונז און דעם „הפועל המזרחי" וועלען, אַזוי האָפען מיר, זיך מערער ניט ווידערהאָלען. איך פערזענליך האָב אַלע מאָהל געפיהלט אַ פּאָזיטיווע וואַרימע באַציאונג צו אונזער ענערגישער יוגענד וועלכע קעמפט געגען די אַנטי רעליגיעזע עלעמענטען. די זעלבע באַציאונג ווייזט זיך אויך מצד אַ גרויסען טייל פון אונזערע חברים איבער'ן לאַנד.

דער „הפועל המזרחי", דער אַנערקענטער רעליגיעזער אַרבייטער פליגעל פון דעם אַלוועלטליכען מזרחי, איז אַן אָפענע תשובה צו אונזערע געגנער וועלכע זוכען איינצורעדען, אַז דער מזרחי איז אַ רעאַקציאָנערע קלעריקאַלע באַוועגונג מיט נעגאַטיווע באַציאונגען צום אַרבייטער קלאַס. דאָס איז לחלוטין פאַלש און גרונדלאָז.

דער „הפועל המזרחי", סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין גלות, דאַרף פון אונז אַלגעמיינע חברים געשטאַרקט ווערען מאָראַליש און פינאַנציעל, ווייל זיי זיינען דער געגענזאַץ צו דעם אַזוי־גערופענעם טייל פון מאַרקסיסטישע תורה וואָס איז פאַרבונדען מיט כפירה אין רעליגיעזען אידענטום; ווייל זיי ראַטעווען די אידישע יוגענט פון פאַרכאַפּט ווערען פון אַנטי־תורה טענדענצען! ווייל זיי שאַפען אַ נייעם טיפּ אידישען אַרבייטער אין ארץ־ישראל, וואָס לעבט לויט דעם גייסט פון דער אידישער מסורה.

רעדט מען וועגען אונזער רעליגיעזער יוגענט, טאָר מען נישט פאַר־געסען אין דער גרויסער רעליגיעזער יוגענט־באַוועגונג וואָס שטעהט אידיש פאַרבונדען מיט דעם מזרחי. מיר מיינען דעם „יאַנג איזראַעל". עס איז לחלוטין נישטאַ קיין שום סתירה צווישען „הפועל המזרחי" און „יאַנג איזראַעל".

דער „הפועל המזרחי" אַרבייט הויפּטזעכליך **פאַר ארץ ישראל** און **אין ארץ ישראל**;

דער „יאָנג איזראַעל" אַרבייט הויפּזעכליך **פ אַ ר א ו י פ ה אַ ל ט ע ן א י ד י ש ק י י ט** אין גלות. ווען דער „יאָנג איזראַעל" וואָלט ניט עקזיס־טירט וואָלט דער מזרחי געדאַרפט אַנווענדען אַלע כחות אַזאַ באַוועגונג צו אָרגאַניזירען. דער „יאָנג איזראַעל" און דער „הפועל המזרחי" זיינען דער אַוואַנגאַרד פון דער רעליגיעזער אידישער יוגענט.

מיר שיקען פון דיזער קאָנווענשאָן אַ האַרציגע וואַרימע באַגריסונג צום „יאָנג איזראַעל" אין אַמעריקאַ לכבוד זייער 25 יעריגען יובילעאום.

## ו.

וואָס זיינען די פּראָבלעמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע דאָ אין לאַנד?

מיר מוזען קודם כל פאַרטיפען דעם ציוניסטישען געדאַנק צווישען דעם ברייטען אידישען עולם. נאָך פערציג יאָהר פון אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדאַ, פון היסטאָרישע געשעענישען און שווערע איבערלעבענישען, האָט דער ציוניזם נאָך נישט געשלאָגען די בויטיגע וואָרצלען. עס פעהלט באַוואוסטזיניגקייט, עס פעהלט די טיפע אמונה. מיר, רעליגיעזע עלעמענטען, דאַרפען אַריינ־ברייגגען רעליגיעזען עקסטאַז, חסידישע התלהבות אין דעם אויפבוי פון ארץ ישראל.

דער מזרחי דאַרף אויך דורכפירען אַ ברייטען פּראָגראַם פאַר תורה. פאַרשפּרייטען דעם למוד־התורה צווישען אַלט און יונג, פאַרטיפען די הויכע אידעען פון תורה. דאָס רעליגיעזע אידענטום וואַקעלט זיך אין אַלע גלות־לענדער. דער באַגריף פון תורה וואָס האָט אין אַלע דורות געשפּילט אַ דאָמינירענדע ראָלע האָט ליידער פאַרלאָרען דעם גלאַנץ. דער מזרחי מוז ווערען דער חלוץ־התורה. אויב אַנדערע זיינען געוואָרען „מגיני השפה", דאַרפען מיר ווערען די „מגיני־התורה". תורה מוז צוריק ווערען דער דעוויז אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק, זאָנסט זיינען מיר חלילה פאַראור־טיילט צו גייסטיגער ירידה און אַסימילאַטאָרישער שפלות.

מיר מוזען אויפהויבען אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַקציע פאַר אַ געזונטען אידישען חנוך, פאַר ישיבות קטנות, פאַר שמירת שבת און פאַר אַלע אַנדערע רעליגיעזע נאַציאָנאַלע עיקרים.

דער מזרחי אין אַמעריקאַ דאַרף מאַכען אַ שטאַרקען פאַרזוך אַריינצו־ציען אַלע רעליגיעזע כחות אין דער אַרבייט פאַר תורה און ארץ ישראל. די

ראַדיקאַלע קרייזען פאַרשטעהן דעם סוד פון אחדות. בלויז מיר זיינען צעריסען און צעשפּאַלטען.

אויף דעם וועג דאַרף דער מזרחי אין אַמעריקאַ געהן — דער וועג פון ארץ ישראל, דער וועג פון תורה, דער וועג פון שלום ואחדות.

מיר שטעהען פאַר גרויסע נסיונות. שווער זיינען די אויפגאַבען. ארץ ישראל אַליין איז נישט לייכט. ארץ ישראל מ י ט ת ו ר ה איז נאָך שווע־רער. מיר זיינען שטאַרק באַזאָרגט, אָבער ניט פאַרצווייפעלט. דער זעלבער נביא וואָס האָט געזאָגט: „כי יפלא בעיני שארית העם הזה — גם בעיני יפלא" האָט אונז אויך וויטער געזאָגט:

— „והיה כאשר הייתם קללה בגוים בית יהודה ובית ישראל, כן אושיע אתכם והייתם ברכה, אל תיראו, תחזקנה ידיכם".

# אַ רעוויזיע אין אונזער פּראָגראַם

## א.

אַ יאָהר איז אַריבער זינט מיר האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין דער זעלבער שטאָדט, אין דעם זעלבען פּלאַץ. דאָס איז געווען אַ יאָהר פון מורא׳דיגע איבער־לעבענישען פאַר אונזער פאָלק אין אַלע טיילען פון דער וועלט. אידישע צרות, אידישע ליידען און אידישע נויט האָבען דערגרייכט צו דער העכסטער פּיינליכער מדרגה.

די אידישע געשיכטע איז רייך אין טראַגישע קאַפּיטלאַך, דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין משך פון דעם יאָהר האָט קיין פּאַראַלעל ניט אַפילו אין די מיטעל־אַלטערלעכע יאָהרען. די נאַצי־מערדער האָבער זייער שלאַנגען־גיפט פאַרשפּרייט אין אַלע טיילען פון איראָפּא און עס איז ניטאָ קיין שום ווינקעל וואו דער איד האָט אַ שטיקעל מנוחה.

מיליאָנען פון אונזערע ברידער אין עסטרייך, דייטשלאַנד און פּוילען זיינען, דורך די ברוטאַלע דריפות און נגישות, פאַראָרימט און פאַראומגליקט; אַלערליי שוידערליכסטע גזירות זיינען אויף זיי נגזר געוואָרען; דער אידישער כבוד איז צעטראָטען און דערנידערט.

שרעקליך איז די טראַגעדיע ווען אַ גאַנץ פאָלק פון אַזוי פיעל מיליאָנען איז בוכשטעבליך רואינירט, אַ פולשטענדיגער חורבן, צעבראָכען פיזיש און גייסטיג, אויסגעלאָשענע האָפנונגען, אָהן שום פּערספּעקטיווען פאַר אַ בעסערער און ליכטיגערער צוקונפט.

לעצטענס האָבען דערגרייכט צו אונז נאָך טרויעריגע ידיעות אַז אין סאָוועטען־רוסלאַנד האָבען זיך ווידער באַנייט די אינקוויזיטאָרישע רדיפות

---

רעדע ביי דער 21טער קאָנווענשאָן.
ד׳ אייר, תרצ״ח, אַטלאַנטיק סיטי.

אויף דעם רעליגיעזען אידענטום. צווישען די גרויסע שורה פון קדושים איז אויך צוגעקומען דער טראַגישער טויט פון ר׳ איצעלע טווערסקי ז״ל וועלכער איז געפאַלען על קידוש השם. טויזענטער אַנדערע אידישע אנוסים וואַלגערען זיך דאָרטען אין די טורמעס און ווערען ברוטאַל געפייניגט. ווי גרויס איז דער אידישער צער, ווי פאַרוואונדערט איז די אידישע נשמה!...

„גדול שברך כים מי ירפא לך״?...

אין לנו להשען אלא על אבינו שבשמים! אין דער זעהר ערנסטער קריטישער שעה, איז דער חוב פון דיזער הייליגער צוזאַמענקונפט מתפלל צו זיין די אַלטע אידישע תפלה:

„אחינו כל בית ישראל הנתונים בצרה ובשביה — המקום ירחם עליהם״.

און ניט נאָר אַ תפלה, נאָר אויך אַ וואָרט פון טרייסט און דערמוטיגונג זאָלען מיר שיקען פון דאַנען. זאָלען די געדרודפ׳טע און געפייניגטע אידישע זיהן און טעכטער וויסען אַז בצרתם לנו צר; מיר פיהלען זייער צער; מיר שפירען זייער אומגליק, און אַז מיר זיינען גרייט מיט אַלע מענשליכע כוחות זייערע ליידען צו פאַרגרינגערען.

און ועל כולם — לאָמיר אַלס שטאָלצע בירגער פון דיזער גאָט־געבענשטער פרייער מדינה אַרויסלאָזען אַ מעכטיגען געשריי און שטורמדיגען פראָטעסט געגען די וועלט־רשעים און ברוטאַלע מערדער וועלכער זוכען צו פאַרניכטען דעם בית ישראל. אונזער געשריי וועט ניט פאַלען אויף קיין טויבע אויערען, ווייל ניט אומעטום האָט דאָס פינסטערניש אויסגעשפרייט איר ממשלה. גערעכטיגקייט איז נאָך ניט קיין טויטער בוכשטאַב. אַמעריקע, דאָס לאַנד פון יושר און פרייהייט וועט ניט דערלאָזען אַז די וועלט־שדים זאָלען אַלץ פאַרדאַרבען. לאָמיר שיקען אַ האַרציגער רוף און דאַנקבאַרקייט צום פרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען פאַר זיין גרויסמוטיגען הומאַניסטישען אַקט, פאַר זיין אַפּיעל צו דער ציווילי־זירטער וועלט צו ראַטעווען די הונדערטער טויזענטער אידישע פליטים פון די הענט פון די אונטערדריקער און מערדער.

## ב.

מיר קומען זיך אויף צוזאַמען אין אַ מאָמענט ווען עס לויערען גרויסע געפאַהרען איבער אונזער היסטאָרישען בנין אין ארץ ישראל. אין דער געשיכטע פון ישוב האָבען מיר דורכגעלעבט שווערע נסיונות: פאָליטישע, עקאָנאָמישע,

טעראָר, הונגער, קראַנקהייטען, און וואָס ניט. אָבער די אַלע שוועריגקייטען זיינען ניט געקומען מיט איינמאָל. יעדע תקופה האָט זיך געהאַט אירע ליידען. איצט ליידעט דער ישוב פון אַלע קריזיסען צוזאַמען. די עקאָנאָמישע יסודות, וועלכע זיינען מיט צוויי יאָהר צוריק פעסט געווען, זיינען איצט לגמרי צעטריי־סעלט; דער פּאָליטישער מצב איז אומקלאָר און פאַרדונקעלט; דער טעראָר וואַקסט וואָס גרעסער — און דורך דעם וואַקסען אויך די שורות פון אונזערע גבורים און קדושים.

מיט אַ האַרץ פון ציטערניש דערמאָנען מיר די הייליגע נעמען פון אונזערע קדושים וועלכע זיינען אין דעם יאָהר געפאַלען על קדושת השם והארץ.

דער מצב אין אונזער הייליגער לאַנד איז פול מיט שווערע זאָרגען, אָבער אַ געוויסע נחמת איז פאַראַן וואָס דער ישוב האַלט זיך מיט מוטיגקייט און פעסטקייט; פאַרטיידיגט הערואיש די אַלטע פּאָזיציעס און בויעט ביי אונטער אַ האַגעל פון פייער און קוילען. אַלע טיילען פון ישוב, אַלע קלאַסען און שאַטי־רונגען אָהן וועלכען עס איז אויסנאַם, פיהלען די גרויסע היסטאָרישע אחריות, און דערפון נעמט זיך זייער איבערמענשליכער מוט און אויסדויער אין דעם שווערען קאַמף.

די בלוטיגע אָנפאַלען, די עקאָנאָמישע נויט, די אַרבייטסלאָזיגקייט, די פּאָליטישע אומקלאָרקייט, די באַגרעניצונג פון עליה, די לעבענס אומזיכערקייט — דאָס אַלץ שוואַכט ניט אָפּ דעם אימפּעט פון דער אויפבויאונגס־אַרבייט. דער גאַנצער ישוב איז סאָלידאַריש פאַראייניגט אין דער איצטיגער מלחמה וואָס די שונאים האָבען אויף אונז אַרויפגעצויגען.

אין דיזער געפערליכער שעה ווען די שווערד ליגט אויפ׳ן האַלז, איז פון געוואַלדיגער וויכטיגקייט אַז דאָס פאַראייניגטע אידענטום פון אַמעריקא, זאָלען ווייזען די זעלבע מאָס פון סאָלידאַריטעט. דער ישוב מוז פיהלען אַז מיר שטעהן מיט זיי אין גייסט און אין מעשים. זיי ברענגען פיזישע קרבנות, מיר מוזען לפּחות ברענגען מאַטעריאַלע קרבנות. דער נצחון אין ארץ ישראל איז דער נצחון פון אידישען פאָלק. פאַלט חלילה דער ישוב, פאַלט חלילה אויך דער מוט פון אידישען פאָלק. מיר מוזען שטאַרקען די הענט פון ישוב פאַר זיין מעכטיגען ווידערשטאַנד און אויסדויער.

מיט אַ באַזונדער פרייד שיקען מיר אַ דערמוטיגונגס וואָרט צו אונזערע יונגע חברים פון „טירת צבי״, וועלכע האָבען מיט זייערע הערואישע מעשים

דערהויבען דעם כבוד פון רעליגיעזען אידענטום. די תשובה פון „טירת־צבי״ איז די תשובה פון דעם ישוב. מיר זיינען ניט געקומען קיין ארץ ישראל צו שיסען און מאָרדען. מיר זיינען געקומען פלאַנצען און בויען. ווען מען אונז אָנפאַלען — זיינען מיר גרייט צו פאַרטיידיגען זיך מיט שטאָלץ און ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר קינדער פון אַ העראָאיש פאָלק.

## ג.

ס׳איז ניט מיין אויפגאַבע צו ריידען איבער פּאָליטיק. איך וויל בלויז אונטערשטרייכען, אַז דער מזרחי בכלל און באַזונדערס דער מזרחי אין אַמעריקאַ, האָט מיט זיין שטעלונג אין דער פראַגע פון חלוקה געשטעלט זיך אויף דער געהעריגען הויך ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסער רעליגיעזער באַוועגונג. דורך אונזער פעסטער האַלטונג ביים קאָנגרעס און דורך דעם מוטיגען אויפ־קלערונגס־קאַמף פון דעם קאָנגרעס ביז היינט־צו־טאָג, האָבען מיר דערהויבען דעם פּרעסטיזש פון מזרחי אפילו אין די אויגען פון אונזערע געגנער.

כ׳וויל דאָ ניט באַריהרען די עצם־שאלה פון דער חלוקה־פּראָבלעם — די שאלה איז היינט־צו־טאָג ניט אַקטועל. וואָס דער מאָרגען קען ברענגען ווייסען מיר ניט. כ׳וויל בלויז דערקלערען דעם כאַראַקטער פון אונזער קאַמף, ווייל אַ סך מיספאַרשטענדענישען זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען.

אונזער קאַמף געגען חלוקה איז ניט קיין קאַפּריז פון יחידים אָדער אַן עקשנות פון אַ גרופּע מענשען, נאָר אַ ריין אידעאָלאָגישער. געבויט אויף די אידעאָ־לאָגישע יסודות פון מזרחי. פּונקט ווי מיר קענען ניט מוותר זיין אויף דער גאַנצקייט פון אונזער תורה, אויף דער גאַנצקייט פון דער אידישער אומה, אַזוי קענען מיר ניט מוותר זיין אויף דער גאַנצקייט פון ארץ ישראל.

דער מזרחי אין אַמעריקאַ האָט דעם דאָזיגען אויפקלערונגס־קאַמף אָנגע־פירט מיט דעם טיפסטען באַוואוסטזיין אַז מיר לייסטען אַ היסטאָרישע דינסט פאַר דעם אידישען פאָלק.

פון דעם שטאַנדפּונקט פון מאַסען פּסיכאָלאָגיע וואָלט דער מזרחי קיינמאָל ניט באַדאַרפען קעמפען געגען חלול שבת, געגען מאכלות אסורות און געגען אַ וואַכעדיגען אידישען חנוך. פאַר אונזערע אויגען שטעהט אָבער שטענדיג ניט נאָר די חיי־שעה, נאָר, דער עיקר, דער חיי־עולם פון אידישען פאָלק. דעריבער

קעמפען מיר אויף די קאָנגרעסען, אין ארץ ישראל און אויך אין גלות פאַר אַלע קדשי־האומה.

איבער הונדערט מאַס־מיטינגען אין אַלע טיילען פון לאַנד זיינען פון אונז אַדרעסירט געוואָרען, וואו מיר האָבען געבראַכט צו טויזענטער און טויזענטער אידען דעם לעבעדיגען וואָרט פון מזרחי און אָנגעשטעלט אויף אַ קלאָרען אופן די אמת׳ע מאָטיווען פון אונזער קאַמף.

מיר האָבען עס באַזירט אויף 4 יסודות:

1) מיר קעמפען ניט, ווי אונזערע געגנער ווילען אײנריידען, געגען דעם פרינציפּ פון אַ אידישע מלוכה, ווייל דער ענד־ציעל פון אַ אידישער מלוכה איז ביי אונז, מזרחים, אַ סך טייערער ווי ביי מאַנכע אַנדערע ריכטונגען אין ציוניזם, נאָר מיר קעמפען בלויז געגען דער צעטיילונג.

2) אונזער מלחמה געגען חלוקה איז ניט נאָר אויס רעליגיעזע מאָטיווען, נאָר אויך אויס פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און געאָגראַפישע מאָטיווען.

3) אַז מיר שטעהן אָפּגעזונדערט אין אונזער קאַמף, און אַז מיר האָבען ניט קיין שום פאַרבינדונג מיט וועלכע עס איז גרופּע פון די „בייך־זאָגער", ווייל זייערע מחשבות און זייערע מאָטיווען זיינען, פיליכט, אין קעגענזאַץ צו אונזערע.

4) אַז אונזער אויפקלערונגס־קאַמף וועט זיך ציהען ביז צום נעקסטען ציוניסטישען קאָנגרעס וועלכער וועט זיין ענטשיידענד אין דיזער ערנסטער פראַגע.

אין דעם קלאָרען וועג, אין דער פעסט באַשטימטער ליניע איז דער אַמעריקאַנער מזרחי געגאַנגען. און אין דער זעלבער ליניע געהען מיר ווייטער.

## ד.

וואָס דער ווייטערדיגער גאַנג פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק זאָל ניט זיין און וואָס עס זאָל זיך מיט דעם חלוקה־פּלאַן ניט אויסלאָזען, איינס איז קלאָר: די אַרבייט אין ארץ־ישראל און פאַר ארץ־ישראל וועט אויף קיין פאַל, און אונטער קיינע אומשטענדען אָדער באַדינגונגען, ניט אָפּגעשטעלט ווערען. מיר ווייסען די ערנסטקייט פון דער שעה און מיר באַגרייפען די ביטערקייט פון דער לאַגע, אָבער דאָס פאַרפּליכטעט אונז מעהר און מעהר.

אונזער קאַמף דאַרף זיך ציהען אין פיר באַזונדערע ריכטליניען.

א) ראַטעווען ארץ ישראל — אין דעם מאָמענט פאַרנעמט די פראַגע דעם ערשטען פּלאַץ. מיר מוזען באַשיצען די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין ארץ ישראל. אויב די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וועלכע זיינען דערוואָרבען געוואָרען מיט אַזוי פיעל קרבנות, זאָלען חלילה חרוב ווערען וועט עס זיין אַ חורבן פאַר דעם ישוב ווי אויך פאַר די מיליאָנען געליטענע אידען אין די מזרח־איראָפּעאישע לענדער פאַר וועלכע ארץ ישראל איז דער איינציגער מקום מקלט. דער טעראָר, די מערדערישע אָנפאַלען צוזאַמען מיט די פּאָליטישע שוועריגקייטען זיינען ניט אַזוי געפערליך פאַר דעם ישוב ווי די אָפּגעשוואַכטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דער ישוב דראָהט מיט דעם געפאַהר פון הונגער, אויב די נויטיגע פינאַנציעלע מיטלען זאָלען ניט געשאַפען ווערען.

מיר מוזען אויפפאָדערען די אידען פון אַמעריקא, און באַזונדערס דאָס רעליגיעזע אידענטום אַז אַ געוויסער געלבסטשטייער זאָל געלייגט ווערען אויף יעדער שוהל און אויף יעדער חברה פאַר דעם ספּעציעלען רעטונגס פאָנד פאַר ארץ ישראל.

ב) פּאָליטישע אַקציע אין אַמעריקא, וועלכע רעזולטאַטען די טעכנישע קאָמיסיע אין ארץ ישראל וועט אונז ברענגען איז שווער פאָראויסצוזאָגען. לעת עתה האָט מען אָפּגעשניטען די עליה ביז אַ מינימום און דאָס איז אַ טיפער שניט אין אונזער נשמה. איידער מען האָט געבראַכט אַ בעסערען מעגליכען פּלאַן פון צעטיילונג האָט מען דערווייל פאַרנאַכלעסיגט דעם מאַנדאַט וועלכער איז דער וויכטיגסטער דאָקומענט. מיר מוזען פאָדערען פון דער ציוניסטישער עקזע־קוטיווע דאָס זי זאָל זיך מעהר ניט לאָזען באַאיינפלוסען פון ספּעקולאַטיווע פּאָליטישע אילוזיעס. זעהר פיעל געוויכט דאַרף געלייגט ווערען אויף אַן אינטענ־סיווער פּאָליטישער אַקציע אין אַמעריקא.

ג) אַ קאַמף פאַר אונזערע רעכט אין גלות. מען טאָר ניט איבערלאָזען דעם ביטערען אידישען גורל אויף הפקר, און נאָך מערער, מיר טאָרען זיך ניט פאַרלאָזען אויף דער שתדלנות פון אַ פּאָר יחידים, מעגען זייערע כוונות זיין ווי ערליך. אין דער היינטיגער פינסטערער צייט ווען אונזער פאָלק ווערט אָנגעגריפען פון אַזוינע אַכזריות׳דיגע און רשעות׳דיגע כוחות ליגט אויף אונז אַלעמען אַ גרויסע אַחריות אויפצובויען אַ שטאַרקען אָרגאַניזירטען פאָלקס־כוח וואָס זאָל כסדר שטעהן אויף דער וואַך צו פאַרטיידיגען אידישע אינטערעסען און אויפשטעלען אַ מעכטיגע שוץ־וואַנט געגען אונזערע שונאים.

דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט זינט זיין גרינדונג אין יאָהר 1915 געלייסטעט קאָלאָסאַלע פאַרדינסטען פאַר דעם כלל־ישראל. היינט־צו־טאָג איז דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס כמעט די איינציגע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע וואָס קעמפט געגען די אידישע רדיפות, געגען אידישע דיסקרימינאַציעס און שטעלט זיך איין פאַר דעם צעטראָטענעם אידישען כבוד. צום צווייטען מאָל אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנעם אידישען קאָנגרעס אַז די ברייטע אידישע מאַסען וועלען גיין צום שטים־קאַסטען און דערוויילען אַ ריכטיגע פאָלקס־רעפּרעזענטאַנץ וואָס זאָל האָבען דאָס רעכט צו ריידען און האַנדלען אין נאָמען פון אָרגאַניזירטען אַמעריקאַנער אידענטום.

ד) אַ קאַמף געגען דער אידישער אַסימילאַציע. דאָס קאַפּיטעל פון אידישע אַסימילאַטאָרען און זייער פאַרזוך אונטערצוגראָבען די יסודות פון ציוניזם איז אין דער לעצטער צייט געוואָרען דאָס טראַגישסטע און שעדליכסטע. יאָהרען לאַנג האָבען זיי געפּרעדיגט: אַז ארץ־ישראל וועט ניט לייזען די אידישע פראַגע; אַז ארץ ישראל איז ניט מוכשר פאַר קאָלאָניזאַציע; אַז אידען זיינען ניט פעהיג פאַר אַ נייעם ווירטשאַפט־לעבען, און מעהרער פון אַלץ, אַז בלויז דער גלות און ניט ארץ־ישראל וועט ברענגען די גאולה פאַר אידען. איצט ווען זייער גאַנצע שיטה האָט אַזוי מיאוס באַנקראָטירט האָבען זיי באַדאַרפט זיין אויפריכטיג און דאָס עפענטליך צוגעבען, אָבער ווי טרויעריג איז, אַנשטאָט צו העלפען דעם ציוניזם, טוען זיי אַלערליי מיטלען איהם צו באַקעמפען און אונטערגראָבען.

## ה.

די קאָנוועגשאָן האָט פאַר זיך אַ פיעל גרעסערע אויפגאַבע ווי אויסהערען באַריכטען. דער מזרחי אין אַמעריקע איז אויסגעוואַקסען. מיר זיינען איצט, פיליכט, דער וויכטיגסטער טייל פון דער מזרחי וועלט באַוועגונג. ביי אונזער צוזאַמענקונפט דאַרפען פאָרמולירט ווערען געוויסע דירעקטיוון פאַר דער מזרחי וועלט־פיהרערשאַפט, וועלכע וועט האָפענטליך געבען זיי די געהעריגע באַטראַכטונג. מיר מוזען צווישען זיך אַליין, רעווידירען אונזער פּראָגראַם, אונזערע מעשים, אונזערע אידעען. אין דער ליכט פון דער פאַרגאַנגענהייט מוזען מיר בויען אונזער צוקונפט. קרוב צו פיר צעהנדליג יאָהר זיינען פאַראיבער זינט דער מזרחי האָט זיך געגרינדעט. דאָס לעבען האָט אונז פיעל געלערנט. אַ

גרויסער טייל פון דער רעליגיעזער אידישער וועלט האָט זיך די גאַנצע צייט באַצויגען צו אונז מיט ביטול. די רעליגיעזע פיהרער האָבען תרעומות געהאַט ווארום מיר זיינען זיך מתחבר מיט די פרייע. די פרייע האָבען תרעומות געהאַט פאַרוואָס מיר גיבען זיך אָפּ מיט פרומקייט. דער מזרחי, פונקט ווי דער ציוניזם, איז אין זיין ערשטע סטאַדיום אַלס אַן אידעע, און אפילו שפּעטער ווען די אידעע איז געוואָרען אַ שטיק רעאַליטעט, באַגעגענט געוואָרען מיט צווייפעל און סקעפּטיציזם.

דריי אַלערליי מלחמות האָבען מיר דורכגעמאַכט. קודם כל האָבען מיר געמוזט מלחמה האַלטען מיט אַן עלעמענט וואָס איז פאַרליבט אין גלות און האָט פיינט ארץ־ישראל.

מיר האָבען אויך געמוזט מלחמה האַלטען מיט אַ צווייטען עלעמענט וואָס איז פאַרליבט אין ארץ־ישראל, אָבער פאַרשטייט ניט די קדושה פון ארץ־ישראל;

און דאָס פיינליכסטע — מיר האָבען געמוזט מלחמה האַלטען מיט אַ דריטען עלעמענט וואָס איז אונז אַזוי נאָהענט, ווייל זיי זיינען בקדושה ובטהרה פאַרקניפּט מיט ארץ־ישראל, אָבער האָבען ליידער ניט געוואוסט ווי אַזוי די דאָזיגע קדושה־סענטימענטען אויסצונוצען פאַר ארץ־ישראל.

קיינע פון די דאָזיגע מלחמות האָט אונז ניט אָפּגעשראָקען. ביי אונז איז דאָס געווען אַן ענין פון טיפער אמונה. מיר האָבען געגלויבט, און דוקא פון אַ ריינעם תורה־שטאַנדפּונקט, אַז בנוגע דעם בנין ארץ־ישראל טאָר ניט עקזיסטירען די שיטה פון „התבדלות" און „התגודדות". ציוניזם איז אַ צו־שטאַרקער פאָלקס־כוח וועלכען מען קען ניט מבטל זיין און מען טאָר ניט מבטל זיין. אַנדערע האָט ליידער די דאָזיגע וויזיע געפעהלט.

איצט נאָך עטליכע צעהנדליג יאָהר ווייזט זיך קלאָר אַרויס אַז אונזער שיטה איז געווען די ריכטיגע. דאָס תורה אידענטום וואָלט איצט אין ארץ־ישראל אַ סך שטאַרקער און אַ סך בעסער אויסגעזעהן ווען דער מזרחי געדאַנק וואָלט די גאַנצע צייט פאַרשטאַנען געוואָרען. מיר האָבען נאָך ניט קיין סך דערגרייכט אין ארץ ישראל, אָבער דאָס וואָס מיר האָבען יאָ דערגרייכט אויף דעם געביט פון חינוך, אויף דעם געביט פון עקאָנאָמישער ווירטשאַפט און אפילו אויף דעם געביט פון מסירות־נפש — גיט אונז גרויס כבוד און גרויס אָנערקענונג. אונזער אַרבייט האָט געמאַכט אַ רושם אין אַלע אידישע קרייזען. די ציוניסטישע וועלט אָנערקענט עס. מיר האָבען צווישען זיי אַ סך פריינד, אַ סך געגנער, אָבער מבטל זיין אונז קענען זיי מעהר ניט.

און דאָס דערפרייענדסטע איז, וואָס דער וועג פון מזרחי ווערט אויך פיל קלאָרער און ליכטיגער אין די רייהען פון אונזערע רעליגיעזע חברים — חברים ברוח ובנפש. דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין פּאַריז ביי דער קאָנפערענץ פון אגודת־ישראל און מזרחי, איז די דערמוטיגסטע דערשיינונג. די דערווייטערטע ברידער קומען נעהענטער איינער מיט די אַנדערע. אין דעם ליגט די התחלה פון דער אידישער גאולה. פאַר דעם מזרחי איז עס אַ גרויסער מאָראַלישער נצחון.

ו.

מיר ווערען אויסערליך שטאַרק, און מיר מוזען פאַרהיטען אַז די אויסער־ליכע שטאַרקייט זאָל ניט געבויט ווערען אויף אינערליכע שוואַכקייט.

מיר האָבען אויסגעבויט אַ באַוועגונג מיט באַזונדערע צווייגען מיט וועלכע מיר אַלע שטאָלצירען. אָבער די צווייגען טאָרען ניט חלום'ען וועגען „ברעכן זיך, רייסען זיך", בויען סעפּעראַטע אָרגאַניזאַציעס, פיהרען סעפּעראַטע אַקציעס.

עס מאַכט ניט קיין גוטען איינדרוק ווען מען לייענט אין אונזער „הצופה" צוויי גרויסע מודעות: איין וואַהלען־צעטעל פון מזרחי און אַ צווייטען פון „הפּועל המזרחי". די דאָזיגע דערשיינונג וואָס קומט פאַר אין ירושלים, קען פריהער אָדער שפּעטער פיהרען צו ווייט געהענדע קאָנסעקווענצען אויך אין גלות. עס מוז קומען אַן אינערליכער איבערבוי, אַן אינערליכע רעאָרגאַניזירונג פון דער וועלט־באַוועגונג. עס דאַרף זיין איין גרויסע וועלט־צענטראַלע מיט פאַרשידענע אַרבייטס־אָרגאַנען און אָפּטיילונגען, אָבער די אָפּטיילונגען מוזען אונטערוואַרפען זיך און דיסציפּלינירט זיין פון איין און איינציגער אינסטאַנץ און ניט פון פאַרשידענע אינסטאַנצען.

און אַ רעוויזיע דאַרף געמאַכט ווערען ניט נאָר אין דער אָרגאַניזאַציאָנס־איבערבוי, נאָר אויך אין אונזער פּראָגראַם פון אַרבייט.

פון פאַרשידענע קרייזען האָט מען אונז באַשולדיגט און געזאָגט: „צוויי פונקטען האָבען אויפגעהאַלטען דעם קיום פון דער אידישער אומה: תורה און ארץ־ישראל. איהר, מזרחים, האָט זיך קאָנצענטרירט אויף ארץ־ישראל, איהר האָט אָבער אָפּגעשוואַכט דעם פונקט פון תורה".

די באַשולדיגונג איז לחלוטין ניט אמת, ווייל מיר האָבען קיינמאָל ניט אויפגעגעבען אונזער אַרבייט פאַר תורה. אָבער פאַרטראַכטען זיך אין דעם, מעגען מיר. מיר לעבען אין אַ קאַטאַסטראָפאַלער צייט. מיר זעהען אַ שרעקליכע

גייסטיגע ירידה. דער געפאַר פון קאָמוניזם, כפירה, און תורה־לאָזיגקייט פאַר־כאַפּט אַלע פּאָזיציעס, עס דריגגט אפילו אַריין אין אונזערע ישיבות און בתי־מדרשים. דער אידישער לעבן וועלכער איז דורות־לאַנג דורכגעוויקט געווען מיט קדושה, אצילות, תורה־באַגריפען און תורה־אידעען איז אויסגעטרוקענט געוואָרען. אַמאָל האָט מען זיך באַקלאָגט: „התורה מונחת בקרן זוית", אין אַ ווינקעל פאַרשפּאַרט, אָבער געזעהן האָט מען איהר נאָך. היינט קלאָגט מען זיך מעהר ניט ווייל מען האָט איר פון ווינקעל אויך אַרויסגעוואָרפען. דער אידישער לעבען איז פאַראַרימט. אויסגעשטאָרבען זיינען אַלע מאורי־היהדות, די גרעסטע רבנים און באַריהמטע ראשי־ישיבות. עס איז ניטאָ דער טרייב־קראַפט פאַר תורה ווי עס איז געווען מיט עטליכע יאָהר צוריק.

ווערטער און אידעען זיינען אין דער איצטיגער פּראָזאַאישער צייט באַנאַל געוואָרען. ניט לאַנג צוריק האָט אַ פּראָפעסאָר פון העברעאישען אוניווערזיטעט באַהויפּטעט, אַז פאַר איהם איז דער אוניווערזיטעט „אַ פרישער קוואַל פון אָריגינעלער אידישקייט" און אַז ער זעהט אין דער דאָזיגער אידיש־קייט אַ העכערע סינטעזע פון וועלכער די פעלקער געניסען באַגלייך מיט די אידען פּונקט ווי זיי געניסען פון אונזערע הייליגע נביאים. דער העברעאישער אוניווערזיטעט איז ביי יעדען מאָדערנעם מענשען טייער, אָבער פאַרבייטען איהם פאַר אַ תורה־אינסטיטוט און פאַר אַ קוואַל פון אָריגינעלער אידישקייט, איז מעהר ווי אַבסורד. דער מזרחי מוז ווערען דער טרעגער און שעפער פון דער תורה באַוועגונג.

אין וואָס זאָל זיך עס אויסדריקען? אין לימוד־התורה, הרבצת־התורה, און החזקת כבוד התורה.

דער תורה־לאָזונג פון מזרחי מוז געפינען זיין אויסדרוק בפועל־ממש און ניט בלויז אין ווערטער. יעדע מזרחי אגודה דאַרף אָנפיהרען שעורים און אָווענט־קורסען פאַר תורה. דער ברייטער אידישער עולם מוז וויסען דעם אונטערשיד פון אַ מזרחי אגודה ביז אַנדערע אַלגעמיינע אגודות. דאָס זעלבע דאַרף אויך געטאָן ווערען בנוגע שמירת־שבת. די מזרחי אגודות דאַרפען עס ערנסט אין זינען האָבען. שבת איז דער קוואַל פון קדושה, דער יסוד היסודות פון אידישקייט. אויב מיר קעמפען געגען חילול־שבת אין ארץ־ישראל, על אחת כמה וכמה דאַרפען מיר קעמפען אין די גלות־לענדער.

פאַריגען יאָהר האָבען מיר געשאַפען דעם „הצופה". כ'קען איך ניט אי־

בערגעבען וויפיל פּערזענליכע יסורים איך האָב איינגענומען דורך דעם. אייגע־נע גוטע חברים האָבען דעם דאָזיגען שריט באַטראַכט פאַר בטלנות. זיי האָבען גישט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פון אַרויסגעבען אַ מזרחי־צייטונג. אין בעסטען פאַל האָבען זיי עס באַטראַכט פאַר אַ שעהנעם חלום. איצט איז דער „הצופה" אַרויס פון די ראַהמען פון אַ חלום.

מיר דאַרפען אָנהויבען אַ באַוועגונג פון בויען בנינים פאַר מזרחי, הפועל המזרחי און פאַר אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס וועלכע נויטיגען זיך אין אַזעלכע בנינים. דאָס דאַרף געטאָן ווערען ניט דורך עפענטליכע קאַמפּעינס, נאָר דורך שטילער אינטענסיווער אַרבייט צווישען מזרחי־יחידים און מזרחי אגודות. מיר דאַרפען אויפזוכען 25 אגודות פון לאַנד וועלכע יעדע פון זיי זאָל נעמען אויף זיך די התחייבות אויסצובויען אין אַ משך פון עטליכע יאָהר אַ בנין אויף דעם נאָמען פון דער אגודה.

ז.

אם רואה אדם שיסורין באים עליו יפשפש במעשיו. אויב מען האָט עס געזאָגט אויף אַ יחיד — על אחת כמה וכמה אַז אַ גאַנץ פאָלק דאַרף אַוודאי און אַוודאי זיינע מעשים אונטערזוכען.

מיר זיינען אַן עם מלומד בנסים ובנסיונות. וואָלקענס קומען, וואָלקענס געהען אַוועק. די זון וועט אויף אונז ווידער אַמאָל אויפשיינען.

מה שנא ראשונים דאיתרחיש להו ניסא?

ומה שנא אנן דלא מתרחיש לן ניסא?

— קמאי הוי קא מסרי נפשייהו אַקדושת השם אנן לא מסרינן נפשין אַקדושת השם... (ברכות).

מיר לעבען אין אַ הייליגער תקופה: קידוש השם.

אונזער קאַמף אין גלות איז פאַרבונדען מיט קידוש־השם; אונזער קאַמף אין ארץ־ישראל איז דורכאויס קידוש־השם.

דאָרטען וואו עס איז פאַראַן קידוש־השם פאַסירען אויך נסים.

לאָמיר האָפען אַז דער גרויסער נס פון גאולה וועט געשעהן!

# אַ נייע אָריענטאַציע

אַ נייער קאַפּיטעל ווערט געעפענט אין דער געשיכטע פון ציוניזם. דער געשלאָסענער קאַפּיטעל איז רייך מיט זיינע היסטאָרישע געשעהענישען און עפּיזאָדען. ער צייכענט זיך אויס מיט זיין ליכטיגקייט און שאַטענדיגקייט. אָבער ער איז פאַרענדיגט. מיר עפענען אַ נייעם בלאַט, אַ נייע תקופה.

אויב די אַלטע פּרשה איז באַשטאַנען פון „צוואַנציג יאָהר פאַרשוויגען", צוואַנציג יאָהר פון בויגזאַמע און נאָכגיביגע פּאָליטיק, וועט די נייע פּרשה זיך אויסצייכענען, אַזוי האָפען מיר, מיט מעהר עקשנות'דיגקייט און מעהר קאַמפּס־לוסטיגקייט.

מיר שטעהען ערב אַ נייעם ביטערען קאַמף ניט פאַר ג ע ו ו י ס ע פּאָליטישע רעכט אין ארץ ישראל, נאָר פאַר דעם ס אַ מ ע ן ק י ו ם פון אונזער נאַציאָנאַלער היים. אַלע יסודות אויף וועלכע דער פּאָליטישער סטרוקטור פון אונזער היימלאַנד איז געבויט האַלטן ביים אומפאַלען, אויב מיר וועלען ניט אַרויסצייגען דעם שטאַרקסטען ווידערשטאַנד און העפטיגסטען קאַמף.

די ליבעראַלע ענגלאַנד האָט אונז אָפּגענאַרט, באַגזל'ט און באַטריגט. דער ברוטאַלער גזר־דין — דער ווייסער פּאַפּיר — ווערט איצט פּראָקלאַמירט. אונזערע הערצער זיינען פאַרביטערט, אָנגעפילט מיט ביטערן צער און צאָרן. דאָס איז די שרעקליכסטע גזילה אין דער געשיכטע פון אונטערדריקטע פעלקער. מיר דאַרפען אַרויסלאָזען דעם מעכטיגסטען ווײ־געשריי וואָס זאָל אויסשטורמען די גאַנצע וועלט, אַפילו די פאַרשטיינערנע הערצער פון אונזערע שונאים. זאָלען זיי געדענקען די אַלטע נביא'שע וואָרנונג: „כי קרוב יום ד' על כל הגוים, כאשר עשית — יעשה לך גמולך ישוב בראשך"...

רעדע ביי דער 22טער קאָנווענשאָן.
כ"ב אייר, תרצ"ט, אַטלאַנטיק סיטי.

א מורא'דיגער טעות איז, ווען מאַנכע יאוש'דיגע אידען זוכען שוין צו פאַראורטיילען דעם פּאָליטישען ציוניזם אַלס אַ „בר־מינן". דאָס איז אַ סימן פון פּאָליטישע קורצזיכטיגקייט. דער ציוניזם איז ניט טויט, נאָר אין גרויס געפאַהר. מיר מוזען איהם ראַטעווען, מיר קענען איהם ראַטעווען, אָבער מיר מוזען זיך באַנוצען מיט נייע וועגען, נייע מעטאָדען, נייע קאַמפּסמיטלען.

און וואָס אַזוינס זאָל באַשטעהן דער נייער וועג? — ניט באַהאַלטען מעהר אונזערע פאָלקס־כוונות, אונזערע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס וועגען ארץ ישראל, נאָך להפך, זיי אַוועקשטעלען אין דער גאַנצער קלאָרקייט און בולט'דיגקייט פאַר דער ענגלישער רעגירונג און פאַר דער גאַנצער וועלט.

און וועלכען כאַראַקטער זאָל אונזער נייער קאַמף טראָגען?

ניט געגען אַ מיעוט־סטאַטוס זאָלען מיר קעמפען נאָר פאַר אַ אידישען רוב; ניט געגען אַ באַשרענקטער עליה, נאָר פאַר אַ ברייטע עליה; ניט פאַר אַ נאַציאָנאַלער היים, נאָר פאַר דער נאַציאָנאַלער היים; ניט פאַר אַ מקום מקלט פאַר אידישע פליכטלינגע, נאָר פאַר אַ קיבוץ גליות פון דעם אידישען פאָלק.

דאָס איז ניט בלויז אַ שעהנער ווערטער־שפּיל. דאָס איז תוך די גרונד־אידעע צו וועלכער די ערשטע שעפּפער פון פּאָליטישען ציוניזם האָבען געשטרעבט און פאַר וועלכער זיי האָבען מסירות־נפש'דיג געקעמפט. אין דיזער ריכטונג דאַרף דער אידישער ווידערשטאַנד געציעלט זיין און מיר דאַרפען עס טאָן פּלאַנמעסיג, אויסגערעכענט, מיט רוהיגקייט, ניט אַריינפאַלען אין קיין פּאַניק, ניט זיך לאָזען באַהערשען פון פחדנות געפילען, און די הויפּט זאַך, ניט איבערגעבען זיך אין די הענט פון אונזער ערגסטער שונא, דער יאוש.

אמת, אונזער קאַמף מיט ענגלאַנד און די אַראַבער איז אַ שווערער, אָבער אַלס אַ פאָלק וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזוי פיעל נסיונות איז ניטאָ קיין יסוד פאַר פּעסימיזם. די פעסטע האַלטונג פון ישוב, זיין ווידערשטאַנד אין די לעצטע דריי יאָהר, די מסירות נפש און די מענשליכע קרבנות און אונזערע העלדישע בויער און קעמפער, די מוטיגע אַנהאַלטונג פון די מסוכנ'דיגע פּאָזיציעס אין לאַנד, דער אויסדויער און דער אייזערנער געדולד, איז פאַר אונז אַ דערמוטיגונג, אַז סוף כל סוף וועלען מיר אונזער גערעכטען קאַמף געווינען.

מיר, מזרחים, זיינען אין אַ פיעל בעסערע לאַגע, ווייל מיר זיינען באַזעלט מיט אמונה און בטחון אין דעם צור ישראל וגואלו, אַז ער וועט ניט אונז לאָזען

פאַלען אין דער שווערער שעה ווען מיר זיינען אַרומגערינגעלט מיט אַזוי פיעל שונאים וואָס זוכען מיט אַלע פינסטערע כחות פאַרטיליגען אונז, חלילה, פון דער ערד.

דער בייער וועג מיינט: צו פיהרען אַן א פ ע נ ע מ ו ט י ג ע, מ אַ ק ס י מ אַ ל ע צ י ו נ י ס ט י ש ע פ אַ ל י ט י ק, און צו דער זעלבער צייט אויך בויען ארץ ישראל אונטער אַ ל ע אומשטענדען און אונטער אַ ל ע באַדינגונגען. דעם דאָזיגען פעסטען און קלאָהרען שטאַנד־פונקט פאַרטרעט דער מזרחי די גאַנצע צייט, באַזונדערס דאַרפען מיר דאָס נאָך קלאָהרער מאַכען ביים קומענדען ציוניסטישען קאָנגרעס.

## ב.

רעדט מען וועגען אַ נייע אָריענטאַציע אין ציוניזם זאָל מען ניט פאַרגעסען, אַז נייע וועגען קומען נאָר ד אַ ן, ווען דערמיט איז פאַרבונדען אַן אמת׳ער חשבון הנפש. דער קומענדיגער ציוניסטישער קאָנגרעס דאַרף דעם דאָזיגען חשבון הנפש מאַכען ניט נאָר אויף דעם פאָליטישען געביט, נאָר אויף אַלע גע־ביטען וועלכע ריהרען אַן דעם ק י ו ם ה א ו מ ה און די ק ד ש י־ ה א ו מ ה.

מיר, די טרעגער פון רעליגיעזע ציוניזם, דאַרפען אוועקשטעלען מיט דער פולסטער שטאַרקייט אונזער אַלטע פאָדערונג: צ ו ב אַ פ ר י י ע ן ד ע ם צ י ו נ י ז ם פון זיין גלות׳דיגער וואַכעדיגקייט און אַריינברייגגען אַ מעהר פאָזיטיווע באַציהונג לגבי תורה און טראַדיציאָנאַלע אידישקייט. די דערפאַהרונג פון די לעצטע עטליכע צענדליגע יאָהר האָט אונז פיעל געלערענט. אַלע ערליכע און אויפריכטיגע ציוניסטען וועלען אָהן צווייפעל מודה זיין, אַז אין דעם פרט פון תורה און רעליגיע האָבען מיר אַ סך אונטער געזינדיגט. די צייט איז געקומען אַז מען זאָל דיזען נאַציאָנאַלען חטא מתקן זיין.

אויב מען קעמפט מיט אַזוי פיעל פאַרביטערקייט, ווען מען דרוקט אַ דייטשע צייטונג אין ארץ ישראל, ווייל מען זעהט אין דעם אַ סכנה און אַ עלבון פאַר דער העברעאישער שפראַך און פאַר דער העברעאישער קולטור, ווארום מאַכט מען זיך ניט וויסענדיג ווען מאַנכע דערלויבען זיך צו עפענטליכען חלול שבת אין ארץ ישראל, וועלכע איז די גרעסטע סכנה פאַר דעם רעליגיעזען נאַציאָנאַלען קיום, סיי פאַר ארץ ישראל און סיי פאַר די מיליאָנען אידען אין גלות?

אויב עס געפינען זיך „יחידי סגולה״ אין ארץ ישראל, וועלכע זיינען מכריז פאַר תנ״ך יומי בכדי אַז אידען זאָלען זיך צוריק קערען צו גאָט׳ס ליכט וואָס געפינט זיך אין תנ״ך, ווארום־זשע מאַכען די זעלבע מענשען אַ שווייג, ווען דער גייסט פון תורה ווערט עפענטליך צעטראָטען?

שרייט מען אַזוי שטאַרק וועגען „כבוד האומה״ און „כבוד הארץ״, ווארום איז מען מסיח דעת פון כבוד התורה און כבוד היהדות?

ווי אמת׳דיג האָט עס אונזער גרויסער חבר הרב עמיאל כאַראַקטעריזירט: אין „תוצרת הארץ״ זיינען מיר נזהר, און אין „תוצרת השמים״ זיינען מיר מזלזל...

אין די לעצטע עטליכע צעהנדליגע יאָהרען האָט מען אין די אינטעלעקטועלע קרייזען זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ טענדענץ צו באַפרייען די אידען פון זייער נעכטען און אויסוועבען פאַר זיי אַ נייעם מאָרגען. מען האָט געזוכט צו באַשאַפען נייע אידעאַלען, נייע קולטורעלע ווערטען. ניט קיין אידעאַל פון „מלכות שמים״, נאָר אַן אידעאַל פון „מלכות הארץ״. זיי האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם לבוש פון אידישע טראַדיציעס, אידישע הייליגקייטען. די יסודות פון רעליגיע, פון תורה זיינען פאַרביטען געוואָרען אויף די וואקעלדיגע יסודות פון ראַציאָנאַליזם. דער אידישער לעבען איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון אַסימילאַציע, רעפאָרם, סאָציאַליזם און קאָמוניזם. די דאָזיגע אידעאַלען וועלכע האָבען ניט געצויגען זייער יניקה פון דער אייביגער געטליכקייט, האָבען אין אונזערע צייטען פאַרלאָרען זייער ווערט. די גאַנצע ציוויליזירטע מענשהייט אויף וועלכער מען האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעשפּאַרט, ליגט אונטער אַ באַרג פון רואינעס און חורבות.

אין דער איצטיגער שעה, ווען די וועלט איז פאַרגיפטעט פון בייזוויליגער רשעות; ווען די מענשהייט האָט פאַרלאָרען דעם צלם אלקים, איז פאַרבליבען בלויז איין זאַך: צוריקקערען זיך צום געטליכען קוואַל פון אמונה, צו די אמת׳ע אידעאַלען פון דער אידישער תורה.

דער ציוניזם מוז דעם דאָזיגען חשבון הנפש מאַכען. אפשר האָט דער דורכפאַל פון אונזער פּאָליטיק אַ שייכות מיט דער וואַכענדיגקייט וואָס מאַנכע שלעפּען אַריין אין ארץ ישראל.

אויב דער ציוניזם זוכט נייע דרכים, נייע אָריענטאַציע לגבי דער

**פּאָליטיק**, וואָרום ניט זוכען די זעלבע נייע דרכים לגבי **אידיש־קייט**?

## ג.

פונקט ווי מיט אַ האַלבען־יובל יאָהר צוריק שטייען מיר פאַר דער זעלבער אַקטועלער שאלה: וואוהין זאָלען מיר גייען? אין וועלכער ריכטונג זאָלען אונזערע מעשים געציעלט זיין?

דער מזרחי האָט געהאַט פאַר זיך אַ דאָפּעלטע אויפגאַבע: **אַריינ־צוברינגען רעליגיעזען גייסט אין די ציוניסטישע קרייזען און אַריינברינגען דעם נאַציאָנאַלען גייסט אין די אָרטאָ־דאָקסישע קרייזען**. האָבען מיר דיזען ציעל דערגרייכט? און ווי ווייט שפּירט זיך דער מזרחי־איינפלוס אין די דערמאָנטע קרייזען?

געוויס האָט דער מזרחי גרדיסע פאַרדינסטען אין גלות און אין ארץ ישראל. מיר האָבען זיך באַטייליגט אין אַלע גרויסע פאָלקס־אַרבייט; מיר האָבען געלייגט אונזער שטעמפּעל אויף דעם אידישען לעבען; מיר האָבען גע־האָלפען אין דער דערהויבונג פון מצב פון תורה; מיר האָבען פאַרטיעפט דעם באַגריף פון דת און אידישקייט; מיר האָבען געקעמפט פאַר אַ געזונטען אידישען חנוך; מיר האָבען באַקעמפט אַנטי־רעליגיעזע השפעות. מיט איינעם וואָרט — מיר זיינען כסדר געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייהען פון קאַמף און אויפבוי — פאַר אַלצדינג וואָס איז הייליג און טייער דעם אידען.

די פראַגע איז: וואָס באַדאַרפען זיין אונזערע ריכט־ליניען אין דער נאָהענטער צוקונפט אַלס אַ גרויסע אידישע רעליגיעזע פאָלקס־באַוועגונג?

מיר דאַרפען קאָנצענטרירען אונזער אַרבייט אין פיער פאַרשידענע ליניען:

### א) די טראַגעדיע פון אידישען פאָלק

מיר לעבען איבער אַ קריטישע צייט. דער אידישער טראַגיזם וואָס דערגרייכט צו דער מאַקסימאַלער שטופע. עס פעהלט דעם „משורר־הזעם”, וועלכער זאָל קענען געפינען דעם פאַסענדסטען אויסדרוק פאַר דעם איצטיגען אידישען חורבן.

אין וואָס אַזוינס באַשטעהט דער איצטיגער טראַגיזם? אין ברענען

שוהלען? אין שענדען ספרי־תורות? אין פּאָליטישער דעגראַדירונג? אין עקאָ־נאָמישען ירידה? אָה, ניין! די אַלע גזירות רעות זיינען ניט ניי אין דער אידישער געשיכטע. מיר זיינען דאָך אַ פּאָלק איינגעטונקען אין בלוטיגע צרות...

דער איצטיגער טראַגיזם דריקט זיך אויס אין דעם וואָס מיר שטעהען איינער אַליין אין קאַמף מיט אַ פאַרדאָרבענער רשעות׳דיגער וועלט. די גאַנצע מענשהייט זינקט אין די מ״ט שערי־טומאה. דער שטן המשחית, אין דעם פאָרם אָדער אַ צווייטען, האָט באַקומען די שליטה, די פינסטערע כחות זיינען זיך מתגבר פון טאָג צו טאָג. אין מיטען דעם טיפען זומפּ פון טומאה און רשעות, שטעהט דער עם עני ואביון עלענד, איינזאַם און קעמפט מיט די אַלע רשעים וועלט־שדים און רוחות רעות.

אָבער דאָס געפערליכסטע איז ניט נאָר אונזער איינזאַמקייט אין קאַמף, נאָר צי זיינען מיר בכלל גרייט צום קאַמף. ליידער, ליידער שפּירט זיך ניט אויף דער אידישער גאַס די אומרוהיגקייט. דער אינער־ליכער זאָרג, דער נשמה־אויפברויז וואָס אַזאַ קריטישער מצב באַדאַרף אַרויס־רופען אין אידישע הערצער. דער בית ישראל ברענט אין פלאַמען, די אידישע לאַנד איז אַרומגערינגעלט פון מורא׳דיגע סכנות, אָבער אידען פּטר׳ן עס אָפּ מיט אַ לייכטען קרעכץ, אָהן דעם נויטיגען ציטער, אָהן דעם אויפטרייסלונג פון אַלע פעדים פון אידישע נשמה.

אויף אונז, מזרחים, די פיהלענדע פון אידישען צער, איז אַרויפגעלייגט געוואָרען די הייליגע שליחות צו וועקען די אידישע מאַסען, אויפקלעהרען זיי וועגען דעם גרויסען אידישען אומגליק, אַרויסרופען אין זיי זאָרג און אומרוה וועגען דעם אידישען קיום, דערוועקען זיי צו דרינגענדע מעשים און אויך בריינגען טרייסט, שטאַרקונג און דערמוטיגונג.

און זאָרגענדיג וועגען דער אידישען טראַגעדיע וואָס קומט פון דרויסען, מוזען מיר אויך שטאַרק פאַרזיכטיג זיין ניט אַריינצופאַלען אין אַ צווייטער טראַגעדיע וואָס קומט פון אינעווייניג. מיר טאָרען ניט דער־טרונקען ווערען צווישען די כוואַליעס פון רחמנות. מיר טאָרען זיך ניט לאָזען צערייבען צווישען די מיהל־שטיינער פון דער „וויסענשאַפטליכער צדקה“, וועלכע מיט אַלע איהרע מעלות, טויטעט אָפּ דעם אידישען יחיד לגבי תורה, ישיבות און באַזונדערס לגבי ארץ ישראל.

דער אָרגאַניזירטער צדקה־סיסטעם האָט אויסגעשפּרייט אַ נעץ אויף אַלע גרויסע און קליינע אידישע קהלות. מיר ווילען ניט אונטערשעצען די פּאָזיטיווע זייטען פון דעם סיסטעם, אָבער מען טאָר אויך ניט צושליסען די אויגען און ניט זעהן די געפאַהר וואָס לויערט אויף אָרטאָדאָקסישע אידען, וועלכע ווערען שטופּענווייז באַזייטיגט פון דעם גרויסען צדקה־אַפּאַראַט, און אַזוי אַרום פאַרלירען מיר אונזער איינפלוס, און דער עקזיסטענץ פון אונזערע תורה־אינס־טיטוציעס ווערט אונטערגעגראָבען.

## ב) די אידישע אַסימילאַציע

עס קלינגט אומגלויבליך אָבער פאַקטיש איז עס אַזוי, די אידישע אַמימי־לאַציע האָט צוריק אויפגעהויבען דעם קאָפּ. שטילערהייד און פּאַמעליך זוכט זי צוריק צו פאַרכאַפּען די פּאָזיציעס וועלכע זי האָט אין די לעצטע עטליכע יאָהר פאַרלאָרען. על פּי שכל וואָלט די אַסימילאַציע מעהר קיין תחיית המתים ניט געדאַרפט אויפשטעהן, ווייל איר אידעאָלאָגיע האָט לגמרי באַנקראָטירט. די שעדליכע שיטה פון צעבראָכען אידישע טראַדיציעס, אויסרייסען די רעלי־גיעזע שרשים, דערווייטערען זיך פון אונזער פאַרגאַנגענהייט און אויסלעשען די האָפנונג פון אידישע צוקונפט — האָט מעהר קיין אָרט ניט געהאַט אין אידישען לעבען.

די טרעגער פון דער אַסימילאַטאָרישער אידעע האָבען זיך אָבער צוריק אָנגעכאַפּט „בקרנות המזבח״, אָפּגעטרייסעלט די אַלטע שטויב און שטרעבען צוריק צו ווערען אַ דאָמינירענדער כח. ד י ר ע ק ט א ו ן א ו מ ־ ד י ר ע ק ט פ י ה ר ע ן ז י י א ן א פ א ר ב י ט ע ר ט ע ן ק א מ ף ג ע ג ע ן צ י ו נ י ז ם. די ציוניסטישע פירערשאַפט אין אַמעריקע ווייסט דערפון, אָבער זיי פאַרשווייגען עס, ווייל זיי ווילען זיך ניט איינרייסען מיט דער זאַגענאַנטער גביר׳אָקראַטיע. זיי זיינען דאָך די „בעלי־מאה״ און די „בעלי־דעה״.

אַ געוויסער יאַהודישער פירער אין דער מיטעל־וועסט, האָט זיך דערלויבט צו באַהויפּטען, אַז ער איז גרייט צו געבען אַ גרויסע סומע געלד צו באַקעמפען דעם ציוניזם וועמען ער האַלט פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד . . .

אין ענגלאַנד איז אקאָרשט דערשינען אַ בוך פון אַ „נאָטאַבעל״ אין

וועלכען ער האָט די העזה צו דערקלערען, אַז אידען ווילען ניט קיין אידישע מדינה, און גיט זיין הסכמה אויף דער באַגרעניצונג פון אידישער אימיגראַציע, ווייל ער גלויבט, אַז דורך דעם וועט קומען אַ שלום אין לאַנד.

די דאָזיגע „אידישע אַפּיטרופּסים״ קלאָגען אויף „חורבן דייטשלאַנד״, אָבער זיינען זיך ווייניג מצער אויף דעם „חורבן ארץ ישראל״.

דאָס רעליגיעזע אידענטום, וועלכע איז גרופּירט אַרום דעם מזרחי, דאַרף אויפהויבען אַ שטאַרקע שטימע פאַר דער ג אַ נ צ ק י י ט פון ארץ ישראל. מיר מוזען קלאָהר מאַכען, אַז בלויז ארץ ישראל איז די א י י נ צ י ג ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ה י י ם פאַר די מיליאָנען געליטענע אידען, און אַז קיין שום אַנדערע טעריטאָריעס, וואָס אונזערע „אַפּיטרופּסים״ ווילען אויסזוכען אונטער די הרי־חשך, קענען ניט און וועלען ניט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון ארץ ישראל.

## ג) אַ ברייטע תורה־פּראָגראַם

אַלס אַ רעליגיעזע־נאַציאָנאַלע באַוועגונג וועמענס הויפּט אידעאַל איז ת ו ר ה, ליגט אויף אונז אַ חוב, אַז דער אידעאַל זאָל ניט בלייבען בלויז אַ פּרומער וואונש. דער תורה אידעאַל דאַרף אויספילען די חדרי־חדרים פון אונזער נשמה און עס דאַרף דינען אַלס ליכט פאַר אונזער אַרבייט אין דער געגענוואַרט און אין דער צוקונפט. אין דעם מרכז און היקף פון אידישען לעבען האָט תורה פאַרנומען שטענדיג דעם אויבען־אָן. דער גלות מ י ט תורה פיהרט צו גאולה. דער גלות אָ ה ן תורה פיהרט צו חורבן. ארץ ישראל מ י ט תורה איז אַ גליק. ארץ ישראל אָ ה ן תורה איז, חלילה, אַן אומגליק.

מיט יאָהרען צוריק זיינען מייסטענס פון אונזערע חברים באַשטאַנען פון בני־תורה און לומדי־תורה. דאָס זיינען געווען אידען וועלכע זיינען אויפגעוואַקסען געוואָרען אין ישיבות, בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלאַך און איינגעזאַפּט אין זיך דעם רוח היהדות. די בני־תורה ווערען ווייניגער, ווייניגער. אָפטמאָל באַקלאָגט מען זיך, אַז מאַנכע פון די ע ו ל י ם נאָך ארץ ישראל זיינען י ו ר ד י ם אין רעליגיעזען זין. און וואָס איז מכח אונזער ג י י ס ט י ג ע ר י ר י ד ה אין דיזען שעהנעם גלות? מוזען מיר דעריבער, אַלס רעליגיעזע ציוניסטען, ביי וועמען תורה איז אַ לעבענס־פראַגע, קאָנצענטרירען אַלע כחות

פאַר חזוק התורה, פאַר למוד התורה. אין דעם באַשטעהט אונזער קולטורעלע פראָגראַם.

## ד.

אין פאַרלויף פון יאָהר האָבען מיר אַנגעווענדעט אַלע מעגליכע כחות צו צענטראַליזירען אונזער אָרגאַניזאַציע. אַ שטאַרקע אַגיטאַציע איז אָנגעפירט געוואָרען אין אַלע טיילען פון לאַנד. עס זיינען דערגרייכט געוואָרען געוויסע רעזולטאַטען, אָבער ווייט פון זיין צופרידענשטעלענד. לויט די פּראָפּאָזיציע פון אַרבייט און ענערגיע האָבען די רעזולטאַטען געדאַרפט זיין גרעסערע. נומעריש און אָרגאַניזאַטאָריש זיינען מיר ניט דער כח וואָס מיר האָבען געקענט זיין, נאָך אַזוי פיעל יאָהרען פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדאַ.

אפשר איז אין דעם שולדיג אונזער מענשען-מאַטעריאַל. דער קלאַס איד וועלכער שטייט אין אונזערע רייהען איז, לכל הדעות, דער שעהנסטער טיפּ. דער אָרטאָדאָקסישער עלעמענט איז דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון תורה, טראָגט אויף זיך דעם סבל הירושה פאַר דור-דורות, קומט צו אָרגאַניזאַציאָנס-פראַגען, פעהלט איהם די פאַרשטענדעניש און באַוואוסטזיניגקייט. די ראַדיקאַלע אידען זיינען אין דעם פרט אין אַ מעהר גליקליכער לאַגע. זיי פאַרשטעהן די חשיבות און די וויכטיגקייט פון אַן אָרגאַניזירטער אידישער געזעלשאַפט. ליידער זיינען מיר, אָרטאָדאָקסישע אידען, נאָך ניט מסוגל דערצו, און דאָס איז איינע פון די סיבות וואָס ניט נאָר דער מזרחי, נאָר אַלע אַנדערע אָרטאָדאָקסישע קערפּערשאַפטען זיינען אָרגאַניזאַטאָריש שוואַך. וואָלטען מיר דעם עלעמענטאַרישען אלף-בית פאַרשטאַנען, וואָלט דער מצב פון דער אָרטאָדאָקסישער אידישקייט געוועזן פיעל שטאַרקער און פעסטער.

דערצו קומט אויך די מאַטעריאַליסטישע אומגעבונג וועלכע האָט אָפּגעטויט אין אונז דעם פייער פון אידעאַליזם און די גרייטקייט צו ברייגנען קרבנות פאַר אונזער אידעאַל. עס דערמאָנט די ערשטע אידעאַלע יאָהרען פון מזרחי אין אַמעריקע. פאַר אונזערע אויגען שוועבען די פּאַטריאַרכאַלישע געזיכטער פון די עלטערע רבנים אין יענער צייט. וועלכע התלהבות האָט דאַמאָלסט געהערשט? וועלכע קרבנות האָט יעדער רב דאַמאָלסט געבראַכט? די ערשטע רבנים האָבען אויפגעבויט די ישיבה ר׳ יצחק אלחנן, ישיבת רבנו יעקב יוסף,

דעם סענטראַל רעליעף, דעם עזרת תורה, דעם בית מדרש לתורה, די ישיבות קטנות, די מזרחי אָרגאַניזאַציע, און דעם גאַנצען רעליגיעזען אידישען לעבען אין דיזער לאַנד.

פרעגען מיר מיט דער פולסטער פאַראַנטוואָרטליכקייט: וואו זיינען די יונגע רבנים? וואו איז זייער אידעאַליזם? וואו איז זייער פייער? און וואו איז זייער יוגענטליכע באַגייסטערונג?

מיר מוזען, קודם כל, שטאַרקער מאַכען די מזרחי באַוועגונג דאָ אין לאַנד, און איר פאַרגרעסערען מיט טויזענדער און טויזענדער מיטגלידער. א ו נ ז ע ר ק ר אַ פ ט ל י ג ט א י ן אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע. מיר מוזען אויך זעהר ערנסט טראַכטען וועגען דער נאָהנטער צוקונפט פון אונזער באַוועגונג. נייע יונגע כחות דאַרפען אַריינגעצויגען ווערען אין יעדען שטאָדט און שטעדטעל בכדי אַז אונזער אַרבייט זאָל קענען פאַרטגעזעצט ווערען מיט דעם פולסטען שוואונג.

***

מיר קומען זיך צוזאַמען אין אַ שווערער צייט. די הימלען זיינען מיט שוואַרצע וואָלקענס באַדעקט. מיר הערען דעם ווייגעשריי פון מיליאָנען אידען, וועלכע ליידען, קעמפען און ראַנגלען זיך מיט די ברוטאַלע רוצחים און מערדער.

צו „אחינו שבגולה", די רעליגיעזע א נ ו ס י ם פון רוסלאַנד און אומגליקליכע נרדפים פון דייטשלאַנד שיקען מיר אַ וואָרט פון טרייסט און דערמוטיגונג: א ח י ם ל צ ר ה! ב צ ר ת כ ם ל נ ו צ ר!

און צו „אחינו שבדרום" — דער העלדישער קעמפענדער ישוב אין ארץ ישראל — זאָגען מיר: מיר שעצען אייערע יסורים און קרבנות. מיר זיינען אייך מקנא. איהר האָט זוכה געווען צו ל ע ב ע ן אין ארץ ישראל און צו ל י י ד ע ן פאַר ארץ ישראל. מיט אייער הערואישען קאַמף באַשיצט איהר דעם אידישען כבוד און פאַרשטאַרקט אונזער קיום. אייער העלדישע פאַרטיידיגונג גיט אונז מוט און האָפנונג פאַר אַ פרייע און ליכטיגע צוקונפט פאַר אייך און פאַר דעם כלל ישראל.

דער אמת איז מיט אונז, דער צדק איז מיט אונז — „צ י ו ן ב מ ש פ ט ת פ ד ה ו ש ב י ה ב צ ד ק ה".

# ערב און נאָך מלחמה פּראָבלעמען

## א.

מיר זיינען געוואוינט צו דערמאָנען ביי יעדער צוזאַמענקונפט, אַז דער אידישער מצב האָט דערגרייכט די ערגסטע מדרגה. היינט צו טאָג איז עס אַ ביטערע ווירקליכקייט, דאָס שרעקליכסטע איז, וואָס די ברייטע וועלט ווייסט ניט פון אונזער גרויסען אומגליק. ווען די ברוטאַלע נאַצי־רציחות וועלען אַמאָל אויפגעדעקט ווערען וועט די וועלט אויפציטערען פון די גרויזאַמע שוידערליכקייטען. צענדליגע טויזענטער אידען זיינען צום טויט פאַרפּייניגט. הונדערטער טויזענטער זיינען אויסגעריסען פון זייערע היימען און ראַנגלען זיך צווישען לעבען און טויט. אַלע לעבענס יסודות פון די מיליאָנען אידען אין די אייראָפּעאישע לענדער זיינען צעשטערט און פאַרניכטעט.

אַ סימבאָל פון אידישע ליידען זיינען די 220 טויזענט פּוילישע אידען מיט געלע לאַטעס וואָס זיינען פאַרשקלאַפט געוואָרען אין נאַצי־דייטשלאַנד; די פאַרוואָגעלטע שיפען וואָס וואַנדערען אַרום אויף אַלע שבעה ימים מיט טויזענטער געפּייניגטע אידען; די צעזייטע און צעשפּרייטע אידישע קינדער וועלכע זיינען אָפּגעריסען געוואָרען פון זייערע עלטערען; און די הונדערטער און טויזענטער תלמידים מיט זייערע גרויסע ראשי־ישיבות, די מאורי־הגולה, וועלכע זיינען פאַרטריבען געוואָרען צוזאַמען מיט די מרכזי־התורה און וואַל־גערען זיך אַרום אין פאַרשיידענע קהלות היימלאָז און הילפלאָז.

אַ גרויסע תפלה רייסט זיך אַרויס פון אַלעמענס הערצער: רבונו של עולם! העל אלה תתאפק, תחשה ותעננו עד מאד? עד מתי? עד מתי?

רעדט מען וועגען מורא׳דיגען מצב פון די אידען אין אייראָפּא מוז אַ

---

רעדע ביי דער 23טער קאָנווענשאָן.
י״א אייר, התש״ש, באַלטימאָר.

באַזונדער וואָרט געזאָגט ווערן וועגן רוסישען אידענטום. שוין יאָרען לאַנג אַז מיר האָבען פאַרגעסען דעם שארית הפליטה, — דער פאַרבליבענער אידישער קבוץ אין סאָוועטען־רוסלאַנד. די אידישע פּרעסע פאַרשווייגט די גאַנצע צייט; די אידישע מנהיגים, די געזעלשאַפטליכע טוער מאַכען זיך ניט וויסענדיג; ביי עפענטליכע פאַרזאַמלונגען ווערט, בשוגג אָדער במזיד, וועגען דעם אַ וואָרט ניט דערמאָנט. קיינעם ווילט זיך ניט געשטעמפּעלט ווערען אַלס „רעאַקציאָנער" און אַלס „שונא" פון דער „נייער סאָציאַלער אָרדנונג".

אמת, אין עקאָנאָמישען זין זיינען מעגליך די צוויי מיליאָנען אידען אין רוסלאַנד פריי, אָבער אין רעליגיעזען און נאַציאָנאַלען זין זיינען זיי בוכשטעבליך פאַרשקלאַפט. די רוסישע אידען זיינען די מאַראַנען און אנוסים פון היינטיגען דור. ווי אַזוי קען מען אַזאַ ביטערען מצב פאַרשווייגען?

שווער איז צו געפינען אַ טרייסט וואָרט! נאָך שווערער איז צוצוקוקען מיט וועלכער פּאַסיוויטעט מיר באַציען זיך צו דער היינטיגער טראַגעדיע. אנשטאָט אויפטרייסלען די אויסערליכע וועלט באַנוצט מען זיך מיט די זעלבע פחדנות־מעטאָדען ווי מיט יאָרען צוריק, מען דערשטיקט און מען פאַרשווייגט אידישע צרות. וועלכען מאָראַלישען רעכט האָבען מיר צו דערשטיקען דעם קול דמי־אחינו?

פאַראַיאָרען ביי דער קאָנווענשאָן אין אַטלאַנטיק סיטי זיינען מיר געשטאַנען ערב דעם פרסום פון דעם טרויעריגען באַוואוסטען „ווייסען־בוך". היינט שטייען מיר ביים דורכפירונג פון „ווייסען בוך". ביידע מעקדאָנאַלד'ס גזירות — די גזירה אויף אידישע עליה און די גזירה אויף לאַנד־קויף האָבען אונז געטראָפען ווי מיט אַ מעסער אין האַרצען. דיזע גזירות זיינען אַכזריות'דיג ניט נאָר וויל מיט זיי ווערט געמאַכט אַ אַטענטאַט אויף דער הייליגסטער נאַציאָנאַלער האָפנונג, נאָר וויל די רשעות ווערט באַגאַנגען אין אַ צייט ווען אונזער פּאָליטישער סטאַטוס אין דער וועלט איז געפאַלען און ווען מיר שטייען ביים בוכשטעבליכען אונטערגאַנג פון גאַנצען איראָפּעאישען אידענטום. דוקא אין אַזאַ ביטערע תקופה פון פאַרטיליגונג און חורבנות האָט מען זיך צוגעאיילט מיט גזירות וועלכע זיינען די שאַרפסטע קוילען אין דעם צובלוטיגטען אידישען אָרגאַניזם.

דער אַכזריות'דיגער אַקט קען ניט פאַרשוויגען ווערען, מיר טאָרען ניט אויפהערען שרייען און פּראָטעסטירען. מיר זיינען אַן ערליך פאָלק מיט ערליכע כוונות. מיר זיינען לאָיאַל צו די דעמאָקראַטישע מדינות וועלכע שטייען איצט

אין אַ בלוטיגען קאַמף מיט דער ממשלת־זדון. צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטישע מדינות זיינען מיר מתפלל אַז דער טיראַנישער נאַציזם זאָל אָפּגעווישט ווערען פון דער ערד. אָבער זאָל מען צו דער זעלבער צייט ניט באטריגען און באַ־עולה׳ן אַ שוואַך פאָלק וועמען דער ברוטאַלער חיה׳שער נאַציזם האָט אמשוועך־סטען געטראָפען. עס איז מעהר ווי אַן אַבסורד צו קעמפען פאַר דער זעלבס־שטענדיגקייט פון שוואַכע קליינע מלוכות און באַגלייך מיט דעם צוצעברעכען די האָפנונג פון אַ פאַרשקלאַפט פאָלק. „רוממות אל בגרונם וחרב פיפיות בידם״.

זאָל פון דיזער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואו עס זיינען פאַרזאַמעלט די רעליגיעזע שליחים פון אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסישען אידענטום, אַרויסגייך אַ מעכטיגער געשריי פון פּראָטעסט און ענטריסטונג געגען אַלערליי פאַרמען פון גזירות וועלכע זיינען עלול צו פאַרוואַנדלען די נאַציאָנאַלע אידישע היים אין אַ צאַרישער אָדער נאַצישער געטאָ; זאָל פון דיזער בימה געשיקט ווערען אַ שטאַרקער אויסדרוק פון טיפער דאַנקבאַרקייט צו אונזערע ליבעראַלע פריינד אין ענגלישען פאַרלאַמענט וועלכע קעמפען אונזער קאַמף און פאַרטיידיגען אונזערע היסטאָרישע תביעות; און לאָמיר באַזונדערס שיקען די האַרציגסטע ברודערליכע באַגריסונג צו אַלע טיילען פון ישוב און אויסדריקען זיי אונזער סאָלידאַריטעט און אונזער גרייטקייט צו העלפען זיי מיט אַלע מעגליכע מענש־ליכע כחות.

## ב.

יאָ! מיר טאָרען דיזע שרעקליכע עולה ניט פאַרשווייגען. מיר מוזען פּראָטעסטירען, אויפשטורמען דאָס ביסעל מענשליכע געוויסען. אָבער די שאלה שטעלט זיך: געגען וועמען זאָלען מיר פּראָטעסטירען פריער? געגען די אויסען־ווייניגסטע שונאים, די שונאים פון דער וועלט, פון דער מענשהייט, פון אידישען פאָלק, פאַר זייער אַכזריות׳דיגקייט, און פאַר זייער גלייכגילטיגקייט צו אונזער ביטערען גורל? אָדער צי זאָלען מיר פיליכט פּראָטעסטירען געגען זיך זעלבסט, געגער אייגענער שוואַכקייט, אייגענע פּאַסיוויטעט און אייגענע הילפלאָזיגקייט? זאָלען מיר פּראָטעסטירען געגען דעם פאַרזוך אויסצולעשען די איינציגע אידישע האָפנונג — ארץ ישראל? אָדער צי זאָלען מיר פּראָטעסטירען געגען די עלע־מענטען ביי וועמען דער גלות איז עד היום נאָך ניט אויסגעריסען פון זייערע הערצער און ציטערען פאַר דעם וואָרט „ארץ ישראל״ אפילו ווען די שווערד ליגט אויפ׳ן האַלז?

עס איז אַן אָפענער סוד, אַז אַ שטילער אָרגאַניזירטער קאַמף ווערט אָנגעפירט אין געוויסע יאַהודישע קרייזען געגען ארץ ישראל. זעהר טרעפליך האָט אַ באַקאַנטער ציוניסטישער פירער באַמערקט „אַז שווער איז דער אידישער קריזיס אין ווארשע, אָבער נאָך שווערער איז ער אין ניו־יאָרק". פאַר אַ באַיקאָט אויף דייטשלאַנד האָבען די דאָזיגע העררן געציטערט, אָבער אַ באָיקאָט אויף ארץ ישראל, דאַרויף זיינען זיי מסכים...

„וגדול הכאב מאד וגדולה מאד הכלימה — ומה משניהם גדול? — אמור אתה, בן־אדם!"

גרויס איז די חרפה צו דערציילען וועגען דער משונה׳דיגער באַציהונג מצד די רייכע יאַהודישע קרייזען צום פאַראייניגטען אידישען אַפיל. מאַנכע פון זיי האָבען זיך געאַמפּערט און ניט געוואָלט אָננעמען קיין אָפיציעלען אַמט אין דער פירערשאַפט נאָר צוליב ארץ ישראל...

וואָכען לאַנג האָט מען זיך געדונגען וועגען די פּראָצענטען פאַר דעם פאַראייניגטען ציון אַפּיל. די גלות־עלעמענטען האָבען אויסגעפירט זייערס: ארץ ישראל קריגט בלויז 25 פּראָצענט ניט קוקענדיג וואָס ארץ ישראל איז דער איינציגער רעטונגס־פּונקט פאַר דעם שארית הפליטה פון אידישען פאָלק. פאַר די פופציג אָדער זעכציג טויזענד אידישע פליכלינגע וואָס געפינען זיך אין ניו־יאָרק קריגט מען אַ סך און אַ סך מעהרער ווי פאַר דעם גאַנצען ארץ ישראל׳־דיגען ישוב פון אַ האַלבען מיליאָן אידען.

די ליבעראַלע גוים האָבען פאַררופען אַ קאָנפערענץ אין וואַשינגטאָן צו זאָרגען פאַר די אידישע פליכטלינגע. וועגען אַלץ האָט מען דאָרטען גערעדט; אַלע פליכטלינגס־פּונקטען האָט מען דערמאָנט: אַלאַסקאַ, פיליפינס, סט. דאָמינגאָ, טאַנגאַניאקאַ, און וואָס ניט. אָבער וועגען ארץ ישראל האָט מען אַ וואָרט ניט דערמאָנט. אויך דאָרטען האָט זיך געשפירט דער איינפלוס פון די אַסימילאַטאָרישע פּחדנות׳דיגע גלות־אידען. אמאָל האָבען זיי דעם קאַמף געגען ארץ ישראל געפירט אָפען, בפרהסיא; היינט טוען זיי עס די שוועכלינגע, שטילערהייד.

מיר שטייען אויף די חורבות פון גלות. אַלצדינג וואָס מיר האָבען געבויט אין די גלות־לענדער איז אָפּגעווישט. די גלות אָנשויאונג, די גלות פּסיכאָלאָגיע האָט באַנקראָטירט. אידען ווערען ווייניגער אין די גלות לענדער, אידישקייט ווערט ווייניגער אין די גלות לענדער; תורה ווערט ווייניגער אין די גלות לענדער. אין געגענזאַץ צום גלות האָט ארץ ישראל — דער איינציגער פאַרבלי־

בענער ליכטיגער פונקט — געזיגט אויף אַלע פראָנטען. אונזער פּאָליטישער סטאַטוס, טראָץ אַלע שוועריגקייטען, ווערט דאָרטען שטאַרקער, די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, טראָץ אַלע שוועריגקייטען ווערען דאָרטען באַפעסטיגטער; מיר האָבען אויפגעבויט אַ גרויסע עקאָנאָמישע פירערשאַפט, שטעט, דערפער, ישובים און אינסטיטוציעס. אַ אידישע מלוכה אויף אַ מיניאַטורען אופן. אידען ווערען, ברוך השם, וואָס מערער אין ארץ ישראל. אידישקייט וואָס מערער אין ארץ ישראל; תורה וואָס שטאַרקער און טיפער אין ארץ ישראל.

אָבער די גלות־עלעמענטען זיינען בלינד אָדער מאַכען זיך בלינד. זיי קענען די ליכטיגע ארץ ישראל שטראַלען ניט פאַרטראַגען. דער שרעקליכער אידישער טראַגיזם אין די בלוטיגע איראָפּעאישע לענדער האָט זיי גאָר ניט געלערענט...

און דער שמערץ איז פיל גרעסער ווען די אַלטע שנאה צום ציוניזם עקזיסטירט נאָך אויך אין די קרייזען וועלכע פּרעטענדירען שטענדיג: „צו לעזען אַלע אידישע פּראָבלעמען אין דעם ליכט פון תורה". ערשט ניט לאַנג האָט אַ געוויסע פּערזענליכקייט פון דעם דאָזיגען חדר אַרויסגעזאָגט די גרויסע „חכמה", אַז דער ציוניזם איז באַנקראָט, ווייל אויב קליינע מלוכות פאַלען, איז דאָך אַ באַווייז אַז די ציוניסטישע אידעע וועלכע שטרעבט אויפצושטעלען אַ אידישע מלוכה איז אַ פאַלשע. אין ירושלים און אין לאָנדאָן זוכען זיי אונטער־צוגראָבען אַלע יסודות פון ציוניזם סיי כלפּי פנים און סיי כלפּי חוץ, און אין אַמעריקע באַמיהען זיך די זעלבע מענשען צו באַהאַלטען זייערע אמת'ע פּאָלי־טישע כוונות אום אַרויסצוקריגען געלדער אפילו פון ציוניסטען און מזרחים פאַר זייער אַרבייט וועלגע איז געצילט דעם ציוניזם צו צעברעכען...

אויף די דאָזיגע מענשען מכל המינים איז ליידער מקוים געוואָרען די אַלטע נבואה: „לשוא הכיתי את בניכם מוסר לא לקחו"...

## ג.

מיר שטייען פאַר אַ שרעקליכער ערד־ציטערניש. מיר זיינען פאַרכאַפּט פון אַ מבול פון פייער און בלוט. די שאלה איז: וואָס זאָלען מיר טאָן? וואָס דאַרפען זיין אונזערע איצטיגע אויפגאַבען?

ערב דער מלחמה איז אונזער ריכט־ליניע געווען: אַ קאַמף פאַר דער באַלפור דעקלאַראַציע; צוריק צום מאַנדאַט; אַ ברייטע אידישע עליה; אַ

פרייער־אומבאַשרענקטער באַדען־קנין; אַ וועג צום ים; אַ לעגאַליזירטע אידישע הגנה. די דאָזיגע ריכטליניע איז אַקטועל ביי היינטיגען טאָג.

ערב דער מלחמה האָט מען אין ציוניסטישע קרייזען גערעדט וועגען אַ אידישער וועלט־קאָנפערענץ; וועגען אַ נאַציאָנאַלער הלואה, וועגען אַ פּאָליטישער אַקציע אין אמעריקא, און לעצטענס, וועגען אַן אינערליכען שלום און גאַנצקייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויב די דאָזיגע פּראָבלעמען זיינען וויכטיגע געווען דעמאָלט, על אחת כמה וכמה — ווי וויכטיג זיי זיינען פאַר אונז איצט, די מלחמה וועט אַמאָל קומען צו אַ סוף און לאָמיר האָפען אַ זיגריכען סוף פאַר די דעמאָקראַטישע מדינות איבער דער מאַכט פון רשעות און באַרבאַריזם. אַ נייע וועלט וועט געבויט ווערען. מיר מוזען שוין אָנהויבען צוגרייטען זיך פאַר דעם פּאָליטישען קאַמף פאַר אַ זעלבסשטענדיגע נאַציאָנאַלע היים אין אונזער אייגענער לאַנד. מיר מוזען אַוועק שטעלען די מאַקסימאַלסטע פאָדערונגען און ניט באַנוגענען מיט קלייניגקייטען.

עס פרייט אונז מיטצוטיילען, אַז די עמוירדזשענסי קאָמיטע פאַר ציוניסטישע ענינים, פון וועלכער דער מזרחי איז אַ וויכטיגער טייל, האַלט איצט ביים צוגרייטען אַזאַ פּאָליטישע אַקציע. מיר האָבען געשאַפען אַ פאַראייניגטען ציוניסטישען פראָנט בכדי צו באַשיצען אונזערע פּאָליטישע רעכט אין ארץ ישראל. די זעלבע קאָמיטע האָט אויך גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע פון דורכפירען אַ פּאַלקס־הלואה וועלכע איז אַ לעבענס־רעטונג פאַר ארץ ישראל. עס איז פון קאָלאָסאַלע וויכטיגקייט, אַז די קאָנוועגשאָן זאָל שענקען דיזער פראַגע די ערנסטע־טיפסטע אויפמערקזאַמקייט.

די מזרחי קאָנווענשאָן דאַרף אויך לאָזען הערען אַ שטאַרקען רוף, אַז אַ סוף זאָל געמאַכט ווערען צום ברודער־קריג אין דער ציוניסטישער מחנה. בעת מיר זיינען ארומגערינגעלט מיט אַזוי פיל דרויסענדיגע שונאים קענען מיר זיך ניט דערלויבען אַן אינערליכען קאַמף וועלכען דעמאָראַליזירט די ציוניסטישע באַוועגונג און שוואַכט אָפּ אונזערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

## ד.

„אם ראית דור שצרות רבות באות עליו — צא ובדוק"...

מיר שטייען אין אַ תקופה פון מורא'דיגער רשעות. די פינסטערע כחות האָבען געקראָגען די שליטה. דאָס איז אַ שעת חירום פאַר דעם קיום פון דער

אידישער אומה און פאַר דער קיום פון אידישקייט. די רשעים פון דער וועלט ווילען ביידען פאַרניכטען.

וואָס שטאַרקער די רשעות איז זיך מתגבר שטאַרקער דאַרף אויפפלאַמען אין אונזערע הערצער די מקורות פון רעליגיעזער קדושה, די אידעאַלען פון אונזערע נביאים און די געטליכקייט פון אונזער תורה.

אין אַ צייט פון מלחמה, זאָגט דער חפץ חיים זצ"ל, קען זיך דער נידריג־סטער מענש דערהויבען צו דער העכסטער מדריגה. אין דיזער פינסטערער תקופה פון מענשליכער דעגראַדירונג און אידישער שפלות מוזען מיר זיך זעלבסט דערהויבען. אַלע גייסטיגע אידישע כחות דארפען מאָביליזירט ווערען בכדי צו דערהאַלטען די אידישע אמונה, אידישען בטחון און אידישען האָפנונג. אונזערע געדרודפ'טע ברידער מעבר לים מאַכען דורך אַ הערא<sup></sup>אישע תקופה. לאָמיר זיי אַנטקעגען קומען מיט הערא<sup></sup>אישע מעשים פאַר הצלת העם, חזוק התורה ובנין הארץ.

# די נייע דרכים פאַר'ן ציוניזם

## א.

מיר קומען זיך צוזאַמען אין אַן ערנסטער שעה. עס געפינען זיך דאָ שליחים פון אַלע טיילען לאַנד: פון מזרח און מערב, צפון און דרום. עס זיינען זיך צוזאַמען געקומען די בעסטע זיהן און טעכטער צו באַראַטען זיך ווי צו היילען די וואונדען פון אונזער פאָלק. מיר באַגריסען אייך, טייערע חברים, און זיינען מתפלל אַ האַרציגע תפלה יהי רצון שתשרה שכינה במעשי־ידינו!

אין אַנדערע צייטען, און אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט די היינטיגע קאַנווענשאַן געווען די פייערליכסטע. ס'איז אַ יובל קאַנווענשאַן. דרייסיג יאָר פרוכטבאַרע אַרבייט פאַר תורה, פאַר אידישקייט, פאַר ארץ ישראל. מיר קומען מיט אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט פון גרויסע מעשים אויף אַלע געביטען פון אידישען לעבען. מיר האָבען מיט וואָס צו שטאָלצירען. אונזער רעקאָרד אין אַמעריקאַנער אידענטום איז אַן אָפענער. אין די דריי צענדליגע יאָר האָבען מיר געהאַט פאַרשידענע צייטען: ירידות און עליות, געווינסען און פאַרלוסטען, — אָבער כסדר געשטאַנען אויף דער וואַך, געקעמפפט, געאַרבייט און נישט געלאָזען דעם אידישען לעבען שטיין אויף איין אָרט.

אַ גרויסע שמחה וואָלט היינט ביי אונז געווען — ווייל, אַ חוץ דעם יובל־פייערונג, האָט אונזער קאַנווענשאַן אַ ספעציפישע גרויסע באַדייטונג, אַ היסטאָרישע באַדייטונג. מיר האָבען דעם כבוד צו האָבען מיט זיך דעם בחיר־האומה, דעם מורה־דרך פון אידישען פאָלק, דער שטאָלץ פון היינטיגען דור און פון פילע אַנדערע דורות — רבא דעמא ומדברנא דאומתיה — דער רב־ראשי פון ארץ־ישראל, הרב ד"ר הרצוג שליט"א. דאָס אַליין איז גענוג אַז די קאַנווענשאַן זאָל זיך דערהויבען אויף דעם העכסטען שטאַפּעל פון שמחה,

---

**רעדע ביי דער 24טער קאַנווענשאַן.**
**כ"ה אייר, תש"א, אַטלאַנטיק סיטי.**

התלהבות און קדושה. מיר באַגריסען אים מיט וואַרימער האַרציגקייט און מיט דעם גרעסטען יראת־הכבוד וואָס אַזאַ מנהיג בישראל פאַרדינט. נישט קיין צופאַל וואָס זיין ערשטער אַרויסטריט איז געווען ביי אונזער וועד־הפועל, און אַז זיין געזעגענונגס־רעדע זאָל אויך זיין ביי אונזער איצטיגען צוזאַמענפאָר, — נישט קיין צופאַל איז דאָס, ווייל דער רב־ראשי פאַרקערפּערט אין זיך דעם גאַנצען „אני מאמין" פון מזרחי, זיין גאַנצער מהות, זיין גאַנצע מחשבה, זיין גאַנצע אידעאָלאָגיע איז כולו מזרחי.

הרב הרצוג איז דער רב־ראשי פון כלל־ישראל — אָבער די אינטערעסען פון כלל־ישראל זיינען דאָך אויך די אינטערעסען פון מזרחי... דורך דער צייט פון זיין פאַרוויילונג האָבען מיר דורכגעמאַכט אַ שווערען נסיון. מיר האָבען געשטיקט אין זיך דעם מזרחיזם. געהיט זיך נישט צו לייגען אויף אים דעם שטעמפּעל פון פאַרטייאישקייט, ווייל ער איז דאָך דער רב פון אַלע פאַרטייען. אָבער דער סוד איז באַוואוסט פאַר אַלעמען אַז די אמת׳ע מקורבים זיינע, וועלכע האָבען זיך גרופּירט אַרום אים, געזאָרגט פאַר זיין באַקוועמליכקייט, געציטערט פאַר זיין געזונט, און אויך שטענדיג געטראַכט ווי אַזוי העלפט מען זיך הייליגע שליחות — זיינען בלויז געווען אונזערע חברים, די מזרחים...

מיר האָבען געשטעלט צו זיין דינסט דעם גאַנצען אַפּאַראַט פון אונזער אָרגאַניזאַציאָן. מיר האָבען אויך געשטעלט צו זיין הילף אונזער זעהר חשוב׳ן סעקרעטאַר הרב קירשבליום וועלכער האָט אים געדינט מיט ליבע און איבער־געבענהייט. און ווען מיר באַגריסען דעם רב־ראשי, פאַרגעסען מיר אויך ניט צו באַגריסען זיין חשוב׳ע לעבענס־באַגלייטערין, אשת חבר כחבר, די מלומדת, משכלת ומצוינת, הרבנית שרה הרצוג, פּרעזידענטין פון די מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע פון ארץ ישראל. זיי פאָרען צוריק אַהיים. זיי קענען דאָ ניט זיצען רוהיג. עס ציט זיי אַהין צו — צו דעם לאַנד פון אַלע אונזערע האָפענונגען. נעמט צו די האַרציגע ברכה פון דער קאָנווענשאָן. הד׳ יצליח דרככם ויביאכם לחיים ולשלום אל המנוחה והנחלה!

די קאָנווענשאָן האָט אויך דאָס גליק צו האָבען אַלס גאַסט, איינעם פון די גדולי־הרבנים פון אייראָפּא, אַ גדול בתורה, בדעות ובמעשים, אַ גלענצענדער אידישער פירער און קעמפּפער פאַר׳ן פּוילישען אידענטום, הרב ר׳ יצחק רובינשטיין פון ווילנא. דרייסיג יאָר נאָכאַנאַנד איז ער געשטאַנען אין די פאָדער־שטע רייען פון קאַמף פאַר דעם אידישען קיום. ווען מען וועט שרייבען די

הערצאַישע געשיכטע פון די אידען אין פוילען, אידען פון ווילנא, וועט מיט שטאָלץ דערמאָנט ווערען דער נאָמען פון אונזער גרויסען חבר און מזרחי־פירער, הרב רובינשטיין.

מיר באַגריסען אויך די אַנדערע געסט און חברים, ד״ר איזענשטאַט פון פּאַריז, ד״ר וויס פון וואַרשא, הרב סגלוביץ און ד״ר ניימאַן פון ברוסעל. איר זייט אונז וועלקאָמען טייערע חברים.

## ב.

אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט די היינטיגע קאָנווענשאָן דורכ־געפירט געווען מיט אַ יובל'דיגען גייסט. אָבער, ליידער, ליידער, שבת משוש לבנו, נהפך לאבל מחולנו. אַ יאָר פון חורבנות, אַ יאָר פון מורא'דיגע אומגליקען.

פון פאַר אַ יאָריגער קאָנווענשאָן ביז דער היינטיגער האָבען גרויסע איבערקערענישען פּאַסירט איבער דער וועלט בכלל און אין אידישען לעבען בפרט. דאָס איז אַן צווייפעל געווען די טראַגישסטע תקופה אין דער אידישער געשיכטע. די פּרשה פון אידישע ליידען איז פאַרטאָפּעלט און פאַרגרעסערט. דער אידישער שיקזאל איז אַ סך ביטערער ווי פאַר יאָרען דורך דעם וואָס די אויסזיכטען און די פּערספּעקטיוון זיינען זעהר און זעהר טונקעל.

ריידענדיג וועגען אידישען מצב האָט אַ באַקאַנטער אידישער פירער פעסטגעשטעלט: „אַז פון דעם פילאַנטראָפּישען שטאַנדפּונקט איז די אידישע סיטואַציע היינט ערגער ווי מיט צוויי דריי יאָר צוריק, אָבער פון דעם פּאָליטישען שטאַנדפּונקט איז די סיטואַציע פיעל בעסער”.

און זיין באַהויפּטונג האָט ער באַגרינדעט אומגעפער אַזוי. ווען מינכען זאָל געווען בלייבען דער באַזיס פון דער וועלט־פּאָליטיק, וואָלט דאַמאָלט די אידישע לאַגע געווען אַ האָפענונגסלאָזע, אַ פאַרצווייפעלטע, ווייל דער מינכענער אָפּמאַך האָט געמיינט אַז די דעמאָקראַטישע מדינות זוכען צו קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט דעם היטלעריזם און אַז זיי נעמען אָן דעם נאַציזם אַלס אַ וועלט אַנשויאונג. דאָס וואָלט געמיינט אַז מיר אידען זיינען אויסגעשלאָסען פון אַלע מענשליכע רעכט. איצט ווען די דעמאָקראַטישע פעלקער שטייען אין מלחמה, זיינען מיר ניט איזאָלירט אין אונזער קאַמף קעגען היטלעריזם ווענס קרבנות מיר זיינען די ערשטע געווען. איצט זיינען מיר אַ טייל פון דער וועלט

דעמאָקראַטיע קעמפּפענדיג צוזאַמען מיט זיי, און טיילענדיג זייער גורל אין צוקונפט.

מיר וואָלטען וועלען טיילען דעם אָפּטימיזם פון דעם דאָזיגען פירער וועלכער איז נישט קיין יחיד אין דיזער אויפפאַסונג, אָבער די רעאַלע פאַקטען קומען און צייגען דעם היפוך. דאַרפען מיר נישט אויפוויזען צום הונדערטסטען און איין מאָל אַז מיר, אידען שטייען פאַראייניגט מיט דער מאַקסימאַלסטער מאָס פון אָפּפערווילליגקייט אין דעם פאַרביטערטען קאַמף געגען דער ממשלת זדון, וועמענס הויפּט־כונה איז ניט נאָר חרוב צו מאַכען די דעמאָקראַטישע יסודות פון דער וועלט, נור הויפּטזעכליך אויסצוראָטען און פאַרניכטען דעם אידישען קיום און די אידישע אידעאַלען. וועגען דעם אידישען צד, וועגען אונזערע קרבנות, וועגען אונזערע מסירות נפש איז ניטאָ וואָס מוסיף צו זיין. באַלד ביים מלחמה אויסברוך מיט אַ יאָר צוריק, האָבען מיר אָנגעבאָטען די דעמאָקראַטישע מדינות צו אָרגאַניזיען אַ פּרייוויליגע אידישע אַרמיי וועלכע זאָל קעמפּפען זייט ביי זייט מיט די ענגלישע חיילות געגען דעם געמיינזאַמען שונא פון דער מענשהייט.

די פראַגע איז בלויז: צי זיינען מיר אויך איצט נישט געבליבען איזאָלירט אין אונזער קאַמף? צי פילען די דעמאָקראַטישע מדינות אונזער טיפען פּאַלקס־צער? צי באַגרייפען זיי אונזער אומפאַרגלייכבאַרען אומגליק? און צי זיינען זיי גרייט צו ענטפערען אויף אונזער אָנבאָט פאַר אַ פאַראייניגטען קאַמף?

מיר זיינען געשטראָפט מיט אַ דאָפּעלטען טראַגיזם. פון איין זייט — פיזישעליידען, גייסטיגע ליידען, היימלאָזיגקייט, שוצלאָזיגקייט, מיליאָנען פליכטלינגע, פאַרלוירען אַלע מענשליכע רעכט, פונקט ווי מיר וואָלטען געווען די אויסגעשפּיגענע פון דער וועלט. און פון דער צווייטען זייט — איז די דעמאָקראַטישע וועלט טויב צו אונזערע געשרייען.

ניין! וויפיל מיר זאָלען ניט וועלען מלמד זכות זיין אויף דער דעמאָקראַטישער וועלט טאָרען מיר אָבער ניט פאַרמאַכען די אויגען פון דערווירקליכקייט, מעג עס ווי ביטער זיין, מעג עס ווי וועה טאָן. פאַר אונז איז קלאָר ווי דער טאָג אַז נישט נור פילאַנטראָפּיש נור אויך פּאָליטיש איז אונזער סיטואציע אַ סך און אַ סך פאַרערגערט, ווייל די דעמאָקראַטישע פעלקער זיינען פאַרטוהן אין זייערע אייגענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע דאגות, און די יסורים — ראַנגלענישען פון אידישען פאָלק זיינען ביי זיי ווייניגער ווי אַ טפל...

## ג.

אין איראָפּא גרייט מען זיך שוין סיי מצד די ברוטאַלע פינסטערע לענדער און סיי מצד די דעמאָקראַטישע־ליבעראַלע לענדער צו דער „נייע אָרדנונג״ וואָס דאַרף קומען נאָך דער מלחמה. אויב חלילה וחלילה די וועלט־רשעים זאָלען מנצח זיין — איז גרינג זיך פאָרצושטעלען וואָס די „נייע אָרדנונג״ וועט מיינען פאַר׳ן אידישען פאָלק. איראָפּא וועט דאַן ווערען דער שפּיעל־פּלאַץ פון דעם נידריגסטען אנטיסעמיטיזם. פאַר די מיליאָנען אידען וואָס וועלען דאַרפען פאַרבלייבען נאָך דער מלחמה וועט עס מיינען נייע פיזישע ענויים און נייע בלוט־פאַרגיסונגען, אַ סך ערגער ווי ביז אַהער.

אָבער לאָמיר האָפען אַז דיזע קאַטאַסטראָפע וועט ניט פּאַסירען. לאָמיר האָפען אַז דער אַנטשיידענער נצחון וועט זיין אויף דער זייט פון ענגלאַנד. דאַן קען מען אָן ספק דערוואַרטען אַז דער אידישער גורל וועט אין דער „נייער איראָפּא״ זיין פיעל גינסטיגער, פיעל האָפנונגספולער. די שאלה איז נור: ווי ווייט וועט דיזע גינסטיגקייט דערגרייכען? וועט בכלל זיין אַ מעגליכקייט אויסצורייניגען די פאַרגיפטעטע לופט מיט אַזוי פיעל האַס געגען אידען אפילו אין די ליבעראַלע לענדער? און ווי ווייט וועלען די דעמאָקראַטישע פעלקער גיין אין זייער אָננעמען זיך פאַר דעם אידישען פאָלק?

פאָרלויפיג האָבען מיר נאָך ניט זוכה געווען צו הערען מצד דער ענגלישער רעגירונג וועלכען ס׳איז פּרעליכען אָנזאָג, וועגען אירע פּאָליסעס פון נאָך דער מלחמה. די רעגירונגס־פירער זיינען שטאַרק רעזערווירט מיט זייערע שלום־צילען סיי לגבי דער וועלט און סיי לגבי אידען. אין די פּאָליטישע קרייזען פון ענגלאַנד וואו מען דיסקוטירט שוין יאָ וועגען דער געפּלאַנטער „נייער וועלט אָרדנונג״, שפּירען זיך ניט די שרעקליכע נויטען פון דער אידישער אומה. די פראַגע וועגען דער אידישער נאַציאָנאַלער היים, אָדער אפילו וועגען אַ פרייער און ברייטער אידישער עליה נאָך ארץ ישראל, ווערט לחלוטין נישט דערמאָנט. פאַר אַ יאָרען בעת אונזער קאָנווענשאָן אין באַלטימאָר, זיינען מיר געשטאַנען ערב דער דורכפירונג פון „ווייסען פּאַפּיר״, היינט, שטייען מיר ביי דער פּאַקטישער דורכפירונג פון „ווייסען פּאַפּיר״. לאָרד האַליפאַקס, דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר, האָט ביי אַ פּרעס קאָנפערענץ נישט מורא געהאַט צו קאָנסטאַטירען עפענטליך אַז ענגלאַנד האָט שוין דערפילט אירע הבטחות לגבי דער באַלפור דעקלאַראַציע. דאָס אָפּוואַרפען אָדער אָפּלייגען פון דעם פּראָיעקט,

פון גרינדען אַ פריוויליגע אידישע אַרמיי איז נאָך אַ באַווייז אויף וויפיל מען רעכענט זיך מיט דער אידישער לאַגע.

געוויס איז עס אַ דערמוטיגונג צו הערען אַז ביים סוף פון דער וועלט מלחמה וועלען די דעמאָקראַטישע מלוכות גרייט זיין צו לעזען ראַדיקאַל דעם אידישען פּראָבלעם. אויף וועלכען יסוד אָבער דיזע דערמוטיגונג באַזירט? אויף דעם יסוד פון די ביז אַהעריגע דערפאַרונגען? אויף דעם יסוד פון דעם טראַגישען „פּאַטריע" פאַל? אָדער אויף דעם יסוד פון דער קאַלטער־פאַר־שטיינערטער תשובה וואָס לאָרד האַליפאַקס האָט געגעבען דער ציוניסטישער דעלעגאַציע?

די דאָזיגע רייד זיינען ניט קיין פועל־יוצא פון פּעסימיזם אָדער פאַר־צווייפלונג. זיי זיינען געצילט צו פאַרהיטען אַנטוישונג אין דער צוקונפט. מיר טאָרען זיך ניט לאָזען פאַרפירען פון איבער געטריבענע אילוזיעס וועגען די „הויכע שטרעבונגען" פון די וועלט־דעמאָקראַטיעס. אונזער חשבון דאַרף געמאַכט ווערען קלאָר און ניכטער אין דער ליכט פון די רעאַלע פאַקטען.

און וואָס זיינען די רעאַלע פאַקטען?

מיר טוען אונזער נאַציאָנאַלען חוב צו ענגלאַנד, אָבער ענגלאַנד טוט ניט איר חוב צו אונז. מיר דאַרפען מוטיג דערקלערען פאַר דער דרויסענדער וועלט אַז עס איז אַן אַבסורד צו קעמפען פאַר דעמאָקראַטיע, צו ריידן וועגען מענש־ליכער פרייהייט, אָדער וועגען מינאָריטעטען־רעכט פון קליינע פעלקער ווען די עלעמענטאַרע רעכט פון דעם עם עני ואומלל ווערט עפענטליך געטראָטען.

דער גורל פון ציוניזם הייגגט אויף אַ וואָגשאָל אויב קיין נייע דרכים וועלען ניט געפונען ווערען.

## ד.

### אין וואָס אַזוינס זאָלען די נייע דרכים באַשטעהן?

דער ציוניזם מוז נעמען אַ נייע ווענדונג אין דעם גאַנג פון דער פּאָליטיק. דער קאַמפּס־פּונקט פאַר'ן ציוניזם מוז איבער געטראָגען ווערען פון לאָנדאָן נאָך וואַשינגטאָן, דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן וואַרימע סימפּאַטיען פאַר דער ציוניסטישער זאַך און צו וועמען לאָנדאָן וועט זיך מוזען צוהערען.

אויב אין די רעגירונגס־קרייזען פון לאָנדאָן ציטערט מען אויסצו־דריקען אַ מיינונג אויף וועלכע יסודות די „נייע וועלט" זאָל געבויט ווערען,

האָט דאָך פּרעזידענט רוזוועלט אין זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס אָוועקגעלייגט די פונדאַמענטאַלע עיקרים פאַר דער נייער אָרדנונג:

„פרייהייט פון וואָרט; פרייהייט צו דינען גאָט יעדער מענש אויף זיין שטייגער; פרייהייט פון נויט; פרייהייט פון שרעק".

דאָס זיינען די פיר פרייהייטען וועלכע פּרעזידענט רוזוועלט גלויבט, קענען דערגרייכט ווערען אין אונזער צייט, אין אונזער דור. אין דער שטאַט, און אין דער לאַנד וועלכע אָטעמט מיט דער אַטמאָספערע פון אמת'ער פרייהייט, דאַרף אַנטשיידען ווערען דער גורל פון ציוניזם און די צוקונפט פון אידישען פאָלק. מיר מוזען דאָ אויסשפרייטען אַ ברייטע נעץ פון ציוניסטישער אויפקלערונג.

אין די נייע ווענדונג פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק דאַרף באַשטיין נישט נור אין דעם געאָגראַפישען שטח, נור אויף דער טאַקטיק. אַלס מזרחים, אַלס רעליגיעזע ציוניסטען, מוזען מיר פאָדערען אַז אין דעם פּאָליטישען קאַמף פאַר ארץ ישראל זאָל אַריינגעבראַכט ווערען דער רעליגיעזער מאָמענט. דער רעליגיעזער צוגאַנג, די געטליכע הבטחות דורך די אידישע נביאים קענען האָבען מעהר ווירקונג אין דער גוי'אישער וועלט. דאָס וואָס ד"ר וויצמאַן קען נישט זאָגען צו לאָרד האַליפאַקס קען עס אָבער יאָ זאָגען דער רב־ראשי פון ארץ ישראל. דאָס וואָס די אידישע אַגענטור וואַגט נישט צו זאָגען דעם הויי־קאָמישאָנער, — קען עס יאָ וואָגען צו זאָגען די רבנות־הראשית. דער אויפטריט פון דעם רב־ראשי אין די מלוכה'שע קרייזען רופט אַרויס דעם שטאַרקסטען רעליגיעזען ציטער, ווייל ער רעדט מיט אַנאַנדער צוגאַנג. ער רעדט אין נאָמען פון דער אידישער אייביגקייט, פון דער אידישער געטליכקייט.

אין די דרייסיג יאָר פון מזרחי אין אַמעריקא האָבען מיר דעם רעליגיעזען מאָמענט אין ציוניזם כסדר אונטערשטראָכען. אויף אַלע קאָנגרעסען און עפענטליכע אַרויסטרעטונגען האָבען מיר אונזער אמת געזאָגט. עס איז נישט געווען קיין גרינגע אויפגאַבע. עס האָט זיך געפאָדערט אויסערגעוועהנליכען מוט און קוראַזש צו שטיין אין די געגנערשע פעסטונגען און פאַר די דאָזיגע אמת'ן קעמפּפען. מיר האָבען עס געטאָן מיט ווירדע און איבערגעבענהייט. קוקען מיר צוריק אויף די דרייסיג יאָר איז עס פאַר אונז דער גרעסטער מאָראַלישער נצחון!

פון אונזער קאָנווענשאָן דאַרף נאָך אַמאָל קומען דער דאָזיגער אַלטער נייער וואָרט, די אַלטע־נייע־אָריענטאַציע, צו שטאַרקען די רעליגיעזע יסודות

אין ציוניזם וועלכע וועט דינען פאַר אונז אַלס אַ שוץ־וואַנט נישט נור כלפּי פנים נור אויך כלפּי חוץ.

## ה.

אָבער נישט נור אויף דעם שטח פון פּאָליטיק דאַרף זיך אונזער אַרבייט קאָנצענטרירען. מיר האָבען פילע אַנדערע אויפגאַבען. דער ציוניזם האָט זינט דעם אַנהויב געשטרעבט איינצוברעכען די פעסטונג פון אַסימילאַציע, און זיך ניט לאָזען פאַרשלינגען פון די כוואַליעס פון פילאַנטראָפּיע. די ביידע צילען זיינען נישט דערגרייכט געוואָרען.

די אַסאַמילאַציע פון היינט איז ניט אַזוי שרייענד ווי אַמאָל, אָבער זי איז מעהר געפערליך. זי טוט איר צעשטערונגס־אַרבייט שטיל, באַהאַלטען, אָבער ווירקזאַם און אַגרעסיוו. ציוניזם איז פאַר די היינטיגע אַסימילאַנטען דער זעלבער שרעק־וואָרט ווי אַמאָל, און אידישקייט איז פאַר זיי דער זעלבער „אומגליק" ווי מיט יאָרען צוריק. אויב זיי האָבען אַזוי שטאַרק געציטערט אין יאָר 1917 פאַר דער באַלפור דעקלאַראַציע ווען ארץ־ישראל איז נאָך געווען אַן ענין פון טעאָריע, ווי גרויס איז זייער מורא איצט ווען ארץ ישראל איז געוואָרען אַ הלכה־למעשה.

די אַסימילאַטאָרישע קרייזען פאַרשטאַרקען זייערע פּאָזיציעס. זיי האָבען גרויס איינפלוס אין די פּאָליטישע אינסטאַנצען און ביי אַ פּאַסענדען שעת־הכושר וועט מען פון זייערע מעשים הערען. דאָס וואָס האָט פּאַסירט, פריער מיט דער אָפּגעבראָכענער און נאכער מיט דער באַנייטער שותפות אין דער יונייטעד דזשואיש אַפּיל, איז נישט געווען קיין צופעליגער עפּיזאָד. דאָס איז געווען דער אַנהויב פון אַן אויסגעבראָכענער מרידה געגען דעם ציוניזם צו וועלכער זיי באַציהען זיך נאָך אַלץ מיט ביטול און האַס. דער שטילער קאַמף פון דער אַסימילאַציע איז נישט בלויז געגען ארץ ישראל נאָר געגען דעם אידענטום אין אַלגעמיין, זיי פאַרגיפטען די אידישע אַטמאָספערע. אַ וואָרט פון אַן אַסימי־לאַטאָרישען פירער האָט מעהר געוויכט אין דער ניט אידישער ווי אין דער אידישער גאַס אפילו צווישען אונזערע אָרטאָדאָקסישע אידען...

די ציוניסטען, טראָץ דעם וואָס אידעאָלאָגיש גייען זיי זיך ווייט פאַנאַנדער פון די אַסימילאַטאָרען, קענען קיין אָפענעם קאַמף געגען זיי ניט פירען צוליב כמה וכמה טעמים, און באַזונדערס צוליב די סאָציאַלע נאָענטקייט וואָס עקזיס־טירט צווישען ביידען... דער מזרחי איז די איינציגע אָרגאַניזאַציע וואָס דאַרף

עפּענטליך באַנייען דעם קאַמף געגען די אַסימילאַטאָרישע עלעמענטען, וועלכע פאַרכאַפּען דעם לעבען אין די אידישע קהלות. אויב מיר וועלען עס ניט טאָן, וועט דאָס אָרטאָדאָקסישער אידענטום אין אַמעריקע טיפער פאַרזונקען ווערען אין דעם תהום פון רעליגיעזער אומוויסענהייט אין נאַציאָנאַלער דערוויטערונג. די מזרחי שליחים וועלכע באַזוכען די פאַרשיידענע טיילען פון לאַנד קענען עדות זאָגען אויף וויפיל די געפאַר האָט שוין דערגרייכט. די אומצעליגע פעלען פון געמישטע הייראַטען מאַכט שוין מעהר ניט קיין פיינליכען איינדרוק אין געזעלשאַפטליכען לעבען. אין פילע טיילען פון דער לאַנד איז דאָס געוואָרען אַ גאַנץ געוויינליכע דערשיינונג, שוין אָפּגערעדט וועגען חילול־שבת, מאכלות אסורות, און די אונטערגראָבונג פון די אַנדערע תורה־יסודות.

ווי ווייט דער פּראָצעס פון גייסטיגע ירידה דערגרייכט קען אילוסטרירט ווערען דורך דעם טרויעריגען אינצידענט מיט דער זאָגענאַנטער „הגדה”. ווען געוויסע „ראַביים” דערלויבען זיך אין היינטיגער צייט אויפצוהויבען אַ האַק אויף די קדשי האומה, איז דאָס אַ בולט׳דיגער באַווייז ווי ווייט מיר זינקען אין די מ״ט שערי־טומאה. ביי זיי הייסט דאָס „רעקאָנסטרוקציע” — און מיר רופען דאָס רעליגיעזע כפירה.

אין די משך פון די 30 יאָר מזרחי אין אַמעריקע, האָבען מיר אַלע פאַזען פון אַסימילאַציע כסדר באַקעמפט אָן וועלכע עס איז פשרה אָדער וויתורים. נישט קיין אָנגענעמע פּאָזיציע איז דאָס געווען צו שטיין שטענדיג אין דער קאַמף־ליניע, וואו מען קוקט אויף אייך מיט ביטול און מען שטעמפּעלט אייך פאַר „בטלנים” און „רעאַקציאָנערען”. אָבער דער מזרחי איז זיך זיין וועג געגאַנגען — דער וועג פון תורה, דער וועג פון אידישער טראַדיציע, און דער וועג פון אידישער פאַרגאַנגענהייט. קיינע ווינטען האָבען אונז ניט און וועלען אונז ניט פון דיזען וועג אַוועקרייסען.

און פונקט ווי פאַר אונז איז אַ סכנה דעם גייסט פון נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער פאַרלייקענונג, אַזוי איז אויך פאַר אונז אַ סכנה אַט די טענדענץ וועלכע זוכט צו באַזירען דעם אידישער לעבען בלויז אויף אין פונקט פילאַנטראָפּיע. דאָס לעבען פון אַ פאָלק אַנטהאַלט אין זיך אַ סך מער וויכטיגערע פאַקטאָרען ווי רחמנות אָדער צדקה. די דאָזיגע טענדענץ ציט איר יניקה פון אַסימילאַציע.

דאָס אַמעריקאַנער אידענטום שטייט פאַר אַ זייער ערנסטען פּראָבלעם.

די עלעמענטען וועלכע זייער איינציגע שייכות מיט דעם אידישען פאָלק איז נאָר דורך דעם צובונד צו „צדקה־געפילען”, מאַכען דעם שטאַרקסטען פאַרזוך אַז די דאָזיגע טענדענץ זאָל קומען צום שאַרפסטען אויסדרוק. אַן אָרגאַניזירטער צדקה־סיסטעם דורך וועלפעיר באָרדס, קאָמיוניטי טשעסטס איז ביי זיי דאָס געבאָט פון דער שעה. איצט גייען זיי אַ שריט ווייטער. זיי זוכען צו מאָנאָפּאָלירען דעם גאַנצען צדקה־אַפּאַראַט דורך אַ נאַציאָנאַלער בודזשעט־קאָמיטע. ווען זיי געלינגען דעם דאָזיגען פּראָיעקט דורכצוזעצען, וועט דערמיט אונטערגראָבען ווערען דער גאַנצער בנין פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום. אַ קליינע גרופּע רייכע מענשען, און דערצו נאָך אַזעלכע וואָס זיינען לגמרי ווייט פון רעליגיעזען גייסט און פון די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, וועלען ווערען דער דאָמינירטער כח צו טאָן אַלצדינג וואָס זיי ווילען. אין די הענט פון אַט דער קליינער גרופּע וועט ליגען די שטיצע אָדער די ניט שטיצע פון די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, און אויך די אָפּשאַצונג איבער די ריכטונגען און די אידעאָלאָגיעס פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס.

פאַרלויפיג האָט מען דעם פּלאַן ניט דורכגעפירט. אַ גרויסער טייל פון די לאָקאַלע צדקה־קאָמיטיס האָבען עס נידערגעשטימט. דער מזרחי האָט דיזע געפאַר ניט פאַרשוויגען. מיר האָבען אָנגעפירט אַ שטאַרקע אויפקלערונג און געוואָרענט געגען דעם צדקה מאָנאָפּאָל. אָבער מען באַדאַרף ווייטער שטייען אויף דער וואַך. די פילאַנטראָפּישע שיטה איז נאָך ניט באַנקראָט.

אין די דרייסיג יאָר איז דער מזרחי אין אַמעריקע געוואָרען אַ בויענדער און שאַפענדער כח. אין יענער צייט ווען דער מזרחי האָט זיך געגרינדעט, האָבען אויך אַנדערע אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציעס פּרובירט איינצובירגערען זיך אין דיזען לאַנד. זיי האָבען אָבער ביז היינטיגען טאָג נישט געשלאָגען קיין טיפע וואָרצלען. דער אַמעריקאַנער אידישער באָדען איז ניט מוכשר פאַר אידען וואָס האָבען ניט קיין רעאַלען באַזיס. דער אַמעריקאַנער איד רעספּעקטירט תורה, גיט אָפּ כבוד לומדי תורה, שטיצט ישיבות, האַלט אויס תלמוד־תורות, בענקט נאָך אַ רעליגיעזער אידישער אַטמאָספערע, ווייל אַז ארץ־ישראל זאָל געבויט ווערען אויף דעם יסוד פון תורה, אָבער צעשפּאַלטונג אין אידישען לעבען אָדער אָנפירען אַ צעשטערונגס־פּאָליטיק, וועט ער קיינמאָל ניט טאָלערירען. דער אַמעריקאַנער איד וועט קיינמאָל ניט צולאָזען, אַז דאָס וויכטיגסטע און דאָס הייליגסטע וואָס אידען האָבען געשאַפען זייט פילע דורות — דער ציוניזם —

זאָל צעבראָכען ווערען. אַזאַ פאַרזוך מצד וועמענס עס איז, וועט מורא׳דיג באַקעמפט ווערען, דער אַמעריקאַנער איד זוכט די פאַראייניגונג פון אידישען פאָלק און ניט די צעברעקלונג. דאַריבער האָט דער מזרחי געפונען אַ פּראָטעסטבאַרען באָדען אין אַמעריקאַנער אידישען לעבען ווייל זיין פּראָגראַם און זיינע מעשים זיינען געצילט מקרב צו זיין אידען און נישט מרחק זיין. דער מזרחי האָט אין משך פון 30 יאָר געפירט און וועט ווייטער אויך פירען אַ קאַמף פאַר תורה, פאַר שבת, פאַר אַ געזונטען אידישען חנוך און פאַר אַלע קדשי ישראל, אָבער מיט אַזוינע מיטלען וועלכע פּאַסען זיך פאַר גאַנצע אידען און פאַר אמת׳ע ערליכע אידען. דער מזרחי איז באַזירט אויף דריי הויפּט עיקרים: אהבת ד׳, אהבת ישראל און אהבת ארץ ישראל. און די דריי עיקרים וועלען ביי אונז קיינמאָל צעריסען ווערען.

דער מזרחי אין אַמעריקע האָט אין משך פון 3 צענדליג יאָר געלייסטעט היסטאָרישע פאַרדינסטען אויף דעם געביט פון פאַרשטאַרקען און פאַרטיפען דעם ציוניזם און אים אַריינגעבראַכט אין אַזעלכע מקומות וואו ער האָט פריער ניט געקענט דערגרייכען. באַזונדערס האָט דער מזרחי גרויסע פאַרדינסטען פאַר דעם אויפבוי און אַנטוויקלונג פון אַ רעליגיעזען תורה׳דיגען לעבען אין דיזען לאַנד. די אַלע ישיבות און תלמוד־תורות וואָס מיר פאַרמאָגען איצט וואָלטען קיינמאָל ניט דערמעגליכט געוואָרען, ווען ניט די גרויסע אויפקלערונגס־פּראָפּאַגאַנדא וואָס דער מזרחי האָט אָנגעפירט סיי אין שריפט און סיי אין וואָרט אין יעדען שטאָט און שטעטעל איבער׳ן לאַנד. יעדע מזרחי פאַרזאַמלונג איז אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר תורה, פאַר אידישקייט און פאַר ארץ ישראל.

די מזרחי באַוועגונג אין אַלע אירע צווייגען איז זיך שטאַרק צעוואַקסען. מיר פאַרצייכענען מיט גרויס שמחה דעם ריזיגען וואוקס פון דער מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע. אונזער באַוועגונג איז אויסגעוואַקסען און מיט איר זיינען אויך אויסגעוואַקסען אירע פליכטען און אויפגאַבען.

די פראַגע איז וואָס זאָלען זיין אונזערע איצטיגע ריכט־ליניען אין דעם קומענדיגען יאָר. מיר וועלען דאָ דערמאָנען בלויז אייניגע פון זיי:

1) דער ערשטער חוב, איז צו געבען די מאַקסימאַלע שטיצע צו ארץ ישראל. דאָס גרויסע היילינגע און היסטאָרישע ווערק וואָס מיר האָבען געשאַפען אין די לעצטע 30 יאָר מיט אַזוי פיל מענטשליכע און מאַטעריעלע קרבנות, געפינט זיך אין סכנה. מיר האָפען אַז די דאָזיגע סכנה וועט באַזייטיגט ווערען.

אָבער לעת עתה שטייען מיר אַלע מיט קלאַפּענדע הערצער און מיט טיפע זאָרג פאַר דעם ערנסטען גורל פון אונזער הייליגער לאַנד. ארץ ישראל מוז פאַר־טיידיגט ווערען, און דאָס קען נאָר קומען דורך אַ שטאַרקע אָרגאַניזירטע הילף פון אַמעריקאַנער אידען. אַלס מזרחים האָבען מיר אַ ספּעציפישע אויפגאַבע צו זאָרגען אויך פאַר דעם רעליגיעזען ישוב, וועלכער שטייט אויס די שווער־סטע נסיונות און ראַנגעלט זיך פאַר זיין עקזיסטענץ.

2) אונזער התחייבות צו שאַפען די סומע פון 100 טויזענט דאָלאַר פאַר דעם נאַציאָנאַל פאָנד פאַר דעם „מחלקת החרדים" מוז דורך דעם קומענדען יאָר דערפילט ווערען. די מזרחי אגודות און די אָרטאָדאָקסישע שולען פון לאַנד דאַרפען זיין די ערשטע אַריינצוּוואַרפען זיך מיט דער גאַנצער איבער־געבענהייט דיזע פאַרשפּראָכענע קוואָטאַ צו דערגרייכען.

3) איצט, ווען אַלע תורה־צענטערען אין דער וועלט זיינען חרוב, ווען ישיבות און ראשי־ישיבות וואַלגערען זיך אַרום אויף אַלע שבעה ימים, מוזען מיר אויסבויען נייע צענטערען פאַר תורה און פאַר אידישקייט. מיר מזרחים זיינען געווען און דאַרפען אויך אויף ווייטער זיין, די חלוצים פון תורה אין דיזען לאַנד.

4) די מזרחי אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע דאַרף שאַפען אַ גרויסע קולטור־רעלע אינסטיטוציע ענליך צו „מוסד הרב קוק", וועלכע זאָל באַרייכערען דאָס אַמעריקאַנער אידענטום מיט נייע רעליגיעזע און ליטעראַרישע שאַפונגען אין אַלע שפּראַכען, בכדי צו פאַרטיפען תורה־אידישקייט צווישען די ברייטע אידישע מאַסען.

5) די פראַגע פון אַ יוגענט אָפּטיילונג איז זעהר אַקטועל און אַזאַ אָפּ־טיילונג דאַרף פון אונז באַלד געעפענט ווערען, בכדי צו אָרגאַניזירען די יוגענט־ליכע עלעמענטען אין תלמוד־תורות, ישיבות און קאָלעדזשעס. די אידישע יוגענט וועט דעם מזרחי אידעאַל אויפכאַפּען. אויב מיר וועלען נאָר וויסען ווי אַזוי זייערע יונגע הערצער צו דערגרייכען.

6) דער ועד־לחזוק־התורה־והיהדות אין וועלכען עס זיינען אַנגעשלאָסען די גדולי הרבנים פון לאַנד, דאַרף אויסברייטערען זיין טעטיגקייט אויף אַלע געביטען פון אידישקייט. מיר רעקאָמענדירען באַזונדערס צו דעם ועד־לחזוק־התורה־והיהדות אַז זיי זאָלען ביי דער ערשטער געלעגענהייט איינאָרדענען אַ

ספּעציעלע קאָנפערענץ פאַר שמירת שבת. דאָס וואָלט ווירקליך געוועזן דער גרעסטער קידוש השם ברבים.

7) און לעצטענס — דאָס פאַרשטאַרקונג פון דעם וועד־החנוך־החרדי, וועלכער דאַרף אַנטוויקעלט ווערן אין אַ נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט צו זאָרגען פאַר דעם אָרטאָדאָקסישען חנוך אין דיזען לאַנד.

ו.

מיר זיינען אַרומגערינגעלט מיט שונאים נישט נאָר אין דער פאַרשקלאַפּ־טער אייראָפּע, נאָר אפילו אין די פרייע מדינות. מיר דאַרפען פירען אַ קאַמף געגען די אַנטיסעמיטישע כוואַליעס, אַ קאַמף פאַר אינדיווידואַלע פרייהייט, פאַר דעם רעכט צו לעבען.

דער קיום פון מיליאָנען אידען, דער גורל פון ארץ־ישראל שטייט אין גע־פאַר. אַ פאַראייניגונג פון אַלע קאָנסטרוקטיווע אידישע כחות פאַר דער רעטונג פון ארץ ישראל, איז דאָס געבאָט פון דער שעה.

אין דער היינטיגער פינסטערער תקופה ווען דער אידישער סטאַטוס אין דער וועלט איז דעגראַדירט, ווען די לעבענס פון מיליאָנען אידען הענגען אין דער לופטען — איז פאַראַן איין און איינציגע דעוויז: אַחדות, פאַראייניגונג.

דער ישוב אין ארץ ישראל זאָל דינען אַלסביישפּיל. אין די שווערסטע מאָמענטען ווען סכנות לויערען איבער׳ן קאָפּ, ווען באָמבעס ווערען געוואָרפען און אַזוי פיל קרבנות, הייליגע אומשולדיגע קרבנות, פאַלען, גייט אָן דער בויאונגס־פּראָצעס אין זיין געוועהנליכען וועג. די מוטיגע זיהן און טעכטער, די אייניקלאַך פון די מכבים, זיינען גרייט צו גייען אין פייער און אין וואַסער אָבי צו ראַטעווען אונזער לאַנד.

סאָלידאַריטעט, לאָיאַליטעט — איז דער איינציגער וואָרט וואָס קומט פון דאָרט.

לאָמיר דעם בראַווען ישוב נאָכפאָלגען.

אין דיזער הייליגער ערנסטער שטימונג, איז דער אָנוועזענהייט פון דער בחיר־האומה, דער רבן של כל בני הגולה, דער רב־ראשי פון ארץ־ישראל, און אין דער אָנוועזענהייט פון אַנדערע גדולי ישראל דערקלערען מיר די יובילײ־קאָנווענשאָן דערעפענט.

# פאַראייניגונג פון אַלע אידישע כוחות

## א.

וואַכען לויפען, יאָרען פאַרשווינדען, און דער שר־השכחה טוט זיינס. וואָס ווייטער און וואָס עלטער ווערען די פריערדיגע מעשים פאַרגעסען נישט נאָר ביים יחיד נאָר אויך ביים צבור, ביים כלל און ביי באַוועגונגען.

דאָס מענשליכע אויג איז געוואוינט צו וואַרפען אַ בליק אויף דעם וואָס איז בנמצא, אויף דעם געטוענעם און אויף דעם געשאַפענעם, — אָבער נישט אויף די סבות וואָס האָבען געהאָלפען אין דער שאַפונג אָדער אין דער אויפהאַל־טונג. דאָס איז אַ זאַך פאַר היסטאָריקער, פאַר אַרכעאָלאָגען. פּאַסירט אָפט אַז נישט אַלץ דערזעט דער היסטאָריקער און נישט אַלץ איז נושא חן ביי אים. עס הענגט אָפּ ווער דער היסטאָריקער איז און דורך וועלכע ברילען ער קוקט.

דער מזרחי האָט אין די פיר צענדליג יאָר נישט געהאַט קיין צופיל נשיאות־חן ביי די געשיכטע שרייבער פון ציוניזם. מייסטענס קומט עס דערפון וואָס די מענשען וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט ציוניסטישע פּראָבלעמען אָדער כראָניק זיינען ווייט אָדער גלייכגילטיג צו רעליגיעזער־טראַדיציאָנעלער אידיש־קייט, דעריבער פעלט זיי סיי דער רצון און סיי דער גלויבען צו דערמאָנען זאַכען וואָס זיינען פרעמד פון האַרצען. בלעטערט מען די ציוניסטישע ליטע־ראַטור, טרעפט איהר די קאַרגקייט אין זאָגען אַ גוט וואָרט פאַר דעם מזרחי אַפילו ווען די ווירקליכקייט צייגט עס בולט׳דיג. לאָמיר אַמוייניגסטענס פאַר זיך אַליין פאַרצייכענען וואָס דער מזרחי האָט געמיינט פאַר׳ן ציוניזם אין די פילע יאָהרען זינט זיין גרינדונג און וועלכע ראָלע עס קומט איהם אויס דער־פילען היינט.

---

רעדע ביי דער 25טער קאָנווענשאָן.
ד׳ אדר שני, התש״ג, ניו יאָרק.

פערציג יאָהר וועלט־מזרחי איז נישט קיין ליידיגער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון ציוניזם. עס איז די געשיכטע פון ציוניזם גופא. אַלע מלחמות און שטרייטונגען, אַלע מפּלות און נצחונות וואָס דער ציוניזם האָט דורכגעמאַכט האָט אויך דער מזרחי אין זיי זיך באַטייליגט. אַלץ וואָס דער ציוניזם, סיי אין גלות און סיי אין ארץ ישראל, האָט דערגרייכט, האָט דער מזרחי צוגעטראָגען זיין חלק. אָבער די ציוניסטישע כראָניקער מאַכען זיך כלא ידע, פּונקט ווי אַזאַ ריכטונג וואָלט נישט עקזיסטירט, און ווען זיי דערמאָנען שוין יאָ, איז דאָס כאלו כפאם שד.

אָקאָרשט איז ערשינען אַ ביכעל אין ענגליש וואו עס ווערט אויפגעקלעהרט די וויכטיגקייט פון אַ אידישען שטאַאַט אין ארץ ישראל. דער מחבר ווייזט אָן אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָטיוועָן. פאַרגעסט אויך ניט צו דערמאָנען די אויפטואונגען פון „הדסה״, פון די אַרבייטער עלעמענטען און פון וועמען ניט. אָבער דער מזרחי — עקזיסטירט נישט פאַר איהם. דעם מזרחי׳ס דערגרייכונגען אין ארץ ישראל זיינען איצט, נאָך פערציג יאָהר פון קאַמף און ליידען, אַזעלכע וואָס קיינער קען עס מעהר ניט מבטל זיין. אָבער פאַר די ציוניסטישע פּובלי־ציסטען, היסטאָריקער און כראָניקער איז דער מזרחי נאָך אַלץ שווער צו פאַר־דייען. אַפילו אַזאַ וויכטיגע דאַטע ווי פערציג יאָהר מזרחי האָבען זיי געפונען פאַר נויטיג צו פאַרשווייגען. דער „העולם״, דער אָפיציעלער אָרגאַן, איז אָפּ־געקומען מיט אַ קליינעם אַרטיקעל פון אַ מזרחי־פיהרער און דער רעדאַקטאָר אַליין וועלענדיג אַ שטאָך געבען דעם מזרחי, האָט עס נישט געקענט טאָן אין „העולם״, איז ער אַוועק מיט דעם אַרטיקעל אין „מאזנים״. די ציוניסטישע פּרעסע אין אַמעריקא האָט דאָס אויך נישט געטאָן.

דאָס איז אַ מוסטער פון קאַלעגיאַלע באַציהונג צו אַ באַוועגונג וועלכע האָט געפּאַקט און געמאָזעלט, געליטען און געקעמפט פאַר דעם ציוניסטישען אידעאַל.

אָט איז אַ צווייטער פאַקט.

אין דער לעצטער צייט איז פיעל אויסגעקומען צו הערען וועגען די העל־דישקייטען פון חניתא, מצודת אוסישקין, און אַנדערע פּונקטען. יעדער ציוניס־טישער רעדנער אָדער שרייבער שילדערט מיט די שעהנסטע פאַרבען די גבורות ונפלאות פון יענע פּיאָנערען וועלכע האָבען געוואַגט צו דעראָבערען די פּאָזיציעס נישט קוקענדיג אויף די סכנת נפשות. ביי קיינעם פון דיזע רעדנער עפענט זיך קיינמאָל ניט דאָס מויל צו דערמאָנען אַ וואָרט וועגען די העלדישקייט פון שדה יעקב, כפר יעבץ און טירת צבי. די לעצטע, וועלכע ווערט אַמאָל שוין יאָ

דערמאַנט האָט בלי־ספק דורכגעלעבט מעהרער העלדישע נעכט און טעג זינט זייער אַרויפטריט אויף דעם וויסטען באָדען אין דעם מסוכנדיגען בית שאן. אָבער אויף דעם קאָפּ פון חניתא האָלט מען נאָך אַלץ אין פלעכטען קרוינען, און טירת־צבי ווערט דערמאָנט אונטער אַרומעט, בדרך אַגב...

דאָס איז דער מזל פון מזרחי.

מיר מאַכען דאָ ניט קיין סך הכל איבער פערציג יאָהר מזרחי אַרבייט אין גלות, און אין ארץ ישראל. דאָס קען נישט געטאָהן ווערען אין די שפּאַלטען פון אַ באָגרעניצטען מעסעדזש. חדשים אַרבייט דאַרף נעהמען צוצוגרייטען דעם נויטיגען מאַטעריאַל. די אויפטואונגען און דערגרייכונגען פון מזרחי איז נישט נור דער שטאָלץ פון מזרחי אַליין, נאָר פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג און פון דעם גאַנצען אָרטאָדאָקסישען אידענטום. מיר מעגען זיך גראַטולירען וואָס מיר האָבען עס דורך אונזער אינטענסיווער מיטהילף און אַרבייט דערמעגליכט.

## ב.

די ראָלע פון מזרחי שפּירט זיך נישט נאָר אין די פּראַקטישע אַרבייט אין ארץ ישראל, נאָר אויף דעם גאַנצען שטח פון ציוניזם און ציוניסטישע פּאָליטיק. עס זיינען געווען צייטען ווען דער מזרחי איז געווען דער גואל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

מיר ווילען דערמאָנען צוויי היסטאָרישע דאַטעס וועלכע די ציוניסטישע כראָניקער האָבען קיינמאָל ניט דערמאָנט, און מעגליך אַז אייגענע מזרחי־חברים האָבען עס אויך פאַרגעסען.

די יאָהרען 1905 ביז 1910 זיינען געווען די ביטערסטע יאָהרען פאַר די אידען אין רוסלאַנד בכלל און פאַר דעם ציוניזם בפרט. די צאַרישע רעגירונג מיט סטאָליפּין בראש האָבען פאַרוואַנדעלט דעם גאַנצען „תחום המושב" אין אַ שטראָם פון בלוט, דורכגעפיהרט סיסטעמאַטישע שחיטות און פּאָגראָמען, אייגעפיהרט שווערע גזירות און גירושים, פאַרבאָטען די העבראַישע ציימונגען און אָפּגעשטעלט אַלע טעטיגקייטען וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות מיט ציוניזם. דאָס רוסישע אידענטום איז געווען דער הויפּט זייל, אויף וועלכען די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעשפּאַרט, און טראָץ דעם וואָס דער ציוניזם האָט, נאָך הערצל'ס טויט, דורכגעמאַכט אַ שווערען אינערליכען קריזיס דורך דער

שפּאַלטונג פון אוגאַנדאַ, וואָס האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך פיהרענדע אינטע־לעקטועלע כחות ווי איזראַעל זאַנגוויל, פּראָפעסאָר מאַנדעלשטאַם און אַנדערע, דאָך איז רוסלאַנד פאַרבליבען דער פעסטונג פון ציוניזם. אָבער פּלוצלונג זיי־נען אָנגעקומען די פינסטערע רוסישע גזירות און מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט דעם גאַנצען ציוניסטישען בנין.

אין יענער קריטישער שעה איז געקומען דער מזרחי מיט זיינע פאַר־צווייגטע סניפים און געראַטעוועט די ציוניסטישע אַרבייט. אָפיציעל זיינען ציוניסטישע מיטינגען אָדער אַקציעס פאַרבאָטען געוואָרען. האָבען זיך די מזרחים אַן עצה געגעבען. זיצענדיג אין די בתי מדרשים און אין די שטיבלאָך אַרום די טישען פון די חברה משניות׳ן און חברה ש״ס׳ן און געלעהרענט די טעגליכע שעורים, האָט מען אויך פאַרהאַנדעלט ציוניסטישע ענינים, פאַר־קויפט שעהרס, פאַרשפּרייט שקלים, געזאַמעלט פאַר׳ן נאַציאָנאַל פאָנד און אַזוי אַרום געראַטעוועט דעם קיום פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

געקומען איז אַ צווייטער קריטישער מאָמענט.

פּאַסירט האָט עס נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע ווען געוויסע אידישע עלעמענטען האָבען דערלאַנגט אַ מסירה אין קאָלאָניאַל אָפיס אַז דער ציוניזם איז אַ באַוועגונג פון אַטהעאיזם און באַלשעוויזם און געוואָרענט אַז ארץ ישראל זאָל ניט איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון די געפעהרליכע ציוניסטען...

מוסרים און בוגדים פעהלען ניט קיינמאָל אויף דער אידישער גאַס. צי דאָס זיינען די אַמאָליגע „פּראָטעסט־ראַבינער" פון מינכען; צי דאָס זיינען די „ל״ו צדיקים" אין דער צייט פון פּרעזידענט ווילסאָן, אָדער צי דאָס זיינען די דריי און נײַנציג רעפאָרם־ראַביים וועלכע זיינען ניט לאַנג „נתגלה" געוואָרען אין אַטלאַנטיק־סיטי — אַלע ציהען פון דעם זעלבען אומריינעם קוואַל: פאַרראַטה און אַסימילאַציע. דעמאָלט פּונקט, ווי היינט, איז די כוונה געווען: אונטערצוגראָבן די יסודות פון ציוניזם און אויסלעשען די האָפנונגען אויף אַן אייגענער היים אין ארץ ישראל.

און בכדי צו שטעמפּלען די לאָנדאָנער חבריא אַלס נאַציאָנאַלע פאַררעטער האָט מען זיך געגוויטיגט אין אַ רעליגיעזען כוח. און וואו האָט די ציוניסטישע פיהרערשאַפט געקענט געפינען אַזאַ רעליגיעזען כוח אויב נישט אין די רייהען פון מזרחי? האָט מען צוזאַמענגעשטעלט אַן אָנגעזעהענע דעלעגאַציע מיט דעם פאַרשטאָרבענעם גאון וצדיק מרן הרב קוק ז״ל וועלכער האָט דעמאָלט פאַר־ווײַלט אין לאָנדאָן; סער סטואַרט סאַמועל עהרען פּרעזידענט פון דער ענג־

לישער מזרחי פעדעראַציע און אַנדערע רעליגיעזע פיהרער וועלכע האָבען זיך אין איין שעהנעם פריהמאָרגען אַראָפּגעלאָזט אין קאָלאָניאַל אָפיס און געזאָגט: „אויב דער ציוניזם איז אַ באַוועגונג פון אַטהעאיזם און באָלשעוויזם זיינען מיר די פיהרער"... פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס קומען פון אַזאַ דעלעגאַציע האָט צעשטערט די אילוזיעס וועגען קאָמוניזם און בטל געמאַכט די מסירה...

אַזעלכע עפּיזאָדען, וועלכע כאַראַקטעריזירען דעם אומערמידליכען קאַמף פון מזרחי פאַר'ן ציוניזם, וואָלטען מיר געקענט ברענגען אַ סך. דער מזרחי איז שטענדיג געווען דער אַוואַנגאַרד פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אָהן דעם מזרחי וואָלט דער ציוניזם פאַרבליבען אָרעם און שוואַך, בלוטלאָז און קאָלירלאָז. מיר זיינען כסדר געשטאַנען אינערהאַלב דער באַוועגונג טראָץ דעם וואָס דער איד אין אונז, און מאַנכעס מאָל אויך דער מענש אין אונז, האָט שטאַרק געליטען. אַלס אמת'ע רעליגיעזע אידען, אַלס תורה'דיגע אידען איז אוממעגלעך צו פאַרטראָגען אַנטי־רעליגיעזע טענדענצען, אָבער צוליב אהבת ישראל און צוליב אהבת ארץ ישראל האָבען מיר שטילערהייט געטראָגען אין זיך אַ גייסטיגען פּיין, געקעמפט ווען מען האָט באַדאַרפט, אויסגעאיבט אונזער השפּעה אויף וויפיל מען האָט נאָר געקענט, אָבער — פאַרבליבען אינעווייניג, ווייל מיר האָבען געגלויבט אַז דער ציוניזם אַלס אַ פאָלקס־באַוועגונג איז אַ כוח וואָס קען נישט און מען טאָר נישט מבטל זיין. איצט נאָך עטליכע און פערציג יאָהר פון ציוניזם און מזרחי זעהט מען אַז אונזער וויזיע איז געווען אַ ווייט־געהענדע און די וועלכע זיינען געשטאַנען אין דרויסען האָבען געמאַכט אַ פאַטאַלען טעות.

צו די כראָניקער פון ציוניזם דערמאָנען אונז יאָ צי ניט, דער מזרחי איז אַ ווירקליכקייט. דער מזרחי איז אַ כוח אין ציוניזם, אין ארץ ישראל און אין אידענטום, אַ היסטאָרישער כוח וואָס קיינער קען איהם נישט אָפּשטעלען אָדער אָפּשוואַכען.

## ג.

אויך אין דער איצטיגער שווערער צייט פאַר'ן ציוניזם פאַלט אויס אויף דעם מזרחי צו שפּילען די זעלבע היסטאָרישע ראָלע. פון דער לעצטער קאָנ־ווענשאָן ביז היינט איז אונז אויסגעקומען אָנצופיהרען אַ ביטערען קאַמף מיט די עלעמענטען וועלכע האָבען אויפגעהויבען זייער שווערד געגען אונזערע נאַציאָנאַלע האָפנונגען. פון דעם הר הצופים ביז פילאַדעלפיע און באַלטאָ־

מאָר וואו עס וואוינען די אַפּאָסטאָלען פון דער מאָדערנער שנאת־ציון באַוועגונג ציהט זיך די זעלבע ליניע פון אונטער צו גראָבען די יסודות פון אַ זעלבסטשטענדיגען און אומאָפּהענגיגען אידישען לעבען אין ארץ־ישראל. און דער קאַמף פון די היינטיגע שונאי ציון איז אַ סך שטאַרקער און אַגרעסיווער, ווייל זיי זעהען בחוש אַז דער ציוניזם האַלט ביים פאַרווירקליכט ווערען. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען בלויז גערעדט וועגען אַ נאַציאָנאַלע אידישע היים אָבער היינט רעדט מען, אַפילו אין גוי׳שע קרייזען, וועגען אַ אידישע מדינה. דאָס איז פאַר די אַסימילאַטאָרישע עלעמענטען אַ צו האַרבער ביסען אַז זיי זאָלען עס קענען אַרונטערשלינגען...

ווען עס האָט דערגרייכט צו אונז די נייעס פון ארץ ישראל וועגען דער נייער געשאַפענער „איחוד" פּאַרטיי וועמענס שעדליכקייט פאַר די נאַציאָנאַלע אידישע האָפנונגען איז איצט פאַר אַלעמען קלאָר, האָט דער אַמעריקאַנער מזרחי באַלד אויפגעהויבען אַ שטורם פון פּראָטעסטען וועלכע מאַנכע ציוניסטישע פיהרער האָבען גענוצט אָפּצושוואַכען און פאַרקלענערען. עס זיינען געווען די מזרחי פאַרטרעטער אין דער ציוניסטישער „עמיורדזשענסי קאָמיטע" וועלכע האָבען די „מעשה־מאַגנעס" געשטעלט אויף דער טאָג־אָרדנונג און געפאָדערט זיין רעזיגנאַציע פון העברעאישען אוניווערזיטעט.

ווען די עטליכע און נייניציג רעפאָרם־ראַביים האָבען פאַרעפענטליכט דעם פּלאַטפאָרם פון זייער „קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם" צוזאַמען מיט זייער עפענטליכען אַרויסטריט געגען ארץ ישראל אַלס אַ אידישע מדינה, האָבען מיר באַלד פאַררופען קאָנפערענצען פון רבנים און מזרחי־פיהרער און אויפגערודערט די אידישע עפענטליכקייט. אנשטאָט פאַרעווע און מילדע רעזאָלוציעס וואָס אַנדערע ציוניסטישע גרופען האָבען פאָרמולירט בכדי ניט צו דערצאָרענען די „רעליגיעזע פאַסטעכער" פון רעפאָרם לאַגער, זיינען מיר אַרויסגעטראָטען מיט די שאַרפסטע און קלאָרסטע דבורים שטעמפּלענדיג אַזאַ אַקט אַלס אַ נאַציאָנאַלע בגידה פון ערשטען ראַנג. איןביידע פעלע איז נויטיג געווען צו בעהמען אַן אָפענע אַגרעסיווע שטעלונג, ווייל זייער געפאַהר איז אַ דאָפּעלטער סיי כלפּי־פּנים און סיי כלפּי־חוץ. די ברייטפאַרצווייגטע פּובליסיטי וואָס דער „איחוד" מיט דער רעזאָלוציע פון די „רעפאָרם ראַביים" האָבען געקראָגען אין דער ענגלישער פּרעסע האָט די ציוניסטישע פּאָליטישע אַרבייט אין לאַנד געגעבען אַ ריזיגען שטויס ריקווערטס. דאָס ביסעל אויפקלעהרונגס־אַרבייט וואָס די עמויר־

דזשענסי קאָמיטע האָט אָנגעפיהרט אין די לעצטע דריי יאָהר איז מיט אַמאָל געשטעלט געוואָרען אין סכנה.

אָבער אויך דער אינעווייניגסטער לאַגער — דער ציוניסטישער לאַגער — האָט פון דיזער פראָפּאַגאַנדע שטאַרק געליטען, ווייל זי האָט אַריינגעבראַכט אַ ערבוביא אין פילע מחות און ווען דער מזרחי וואָלט ניט גענומען די דאָזיגע קלאָרע שטעלונג ווער ווייסט אין וועלכער ריכטונג דער אַמעריקאַנער ציוניזם וואָלט געווען פאַרקראָכען.

מיר גיבען דאָ דעם טעקסט פון דער פּאָליטישער דערקלערונג און די רעזאָלוציע געגען „איחוד״ וועלכע אונזער ועד הראשי קאָנפערענץ האָט אָנגענומען עטליכע טעג ערב דער ערעפענונג פון דער ציוניסטישער קאָנווענשאָן, וועלכע זיינען פונאַנדער געשיקט געוואָרען צו אַלע ציוניסטישע טוער איבער׳ן לאַנד. אויב די ציוניסטישע קאָנווענשאָן האָט זיך געשטעלט אויף אַ געהעריגער הויך אין באַצוג צו אַ מאַקסימום פּראָגראַם איז מעגליך אַז מיר האָבען אין דעם געהאַט אַ געוויסען חלק.

## טעקסט פון דער מזרחי דעקלאַראַציע

„מיר, די פאָרשטעהער פונ׳ם רעליגיעזען אידענטום, אָנגעשלאָסען אָן דער מזרחי אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, פאַרזאַמעלט ביי דער קאָנפערענץ פונ׳ם „ועד הראשי״ (נאַציאָנאַלען קאָונסיל) פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע, זונטאָג, א׳ דר״ח חשון, התש״ג (דעם 11־טען אָקטאָבער, 1942), אין האָטעל פּענסילווייניא, ניו־יאָרק, פּראָקלאַמירען ווידער אַמאָל אַז דער צוריקקעהר פון אידישען פאָלק קיין ארץ ישראל, די דורות לאַנגע שטרעבונג פון שיבת ציון, איז דער יסוד היסודות פון דער אידישער אמונה, באַשטעטיגט פון דער תורה הקדושה, פון די נביאים, תנאים און אמוראים, און פאַרהייליגט פון אַלע אידישע רעליגיעזע פיהרער אין אַלע צייטען.

אין משך פון אונזער לאַנגען גלות האָבען מיר קיינמאָל ניט אויפגעגעבען אונזער גלויבען אין דער אידישער גאולה און דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער אידישער אומה אויף זיין אייגען לאַנד. אין משך פון די טויזענדער יאָהרען פון שווערע מאַרטירער ליידען האָבען מיר אָנגעהאַלטען אַ שטענדיגען טאָג־טעגליכען קאָנטאַקט מיט ארץ ישראל

— דאָס לאַנד פון אונזערע האָפנונגען — וועלכעס איז איינגעפלאַנצט געוואָרען אין אונזערע הערצער און אין אונזערע תפילות מיט בטחון און אמונה, אַז דער גאָט פון ישראל וועט מקיים זיין די הבטחה וואָס ער האָט אונז געגעבען וועגען ארץ ישראל. אַלע האָפנונגען פון אידישען פאָלק זיינען שטענדיג אָנגעשפאַרט אויף דעם „ושבו בנים לגבולם״, אין וועלכען עס ליגט פאַרקערפערט אונזער היסטאָרישע רעכט אויף ארץ ישראל אַלס די אידישע נאַציאָנאַלע היים. די דאָזיגע רעכט זיינען אין אונזער דור אויך אָנערקענט געוואָרען פון אַלע פעלקער דורך דער באַלפור דעקלאַראַציע, דעם סאַן־רעמא טראַקטאַט, און דעם ארץ־ישראל מאַנדאַט.

די איצטיגע וועלט־מלחמה וועלכע האָט געבראַכט דעם שרעקליכסטען חורבן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, האָט אויך חרוב געמאַכט דאָס אידענטום אין גאַנץ אייראָפּאַ. די גרעסטע אידישע צענטערס און קהלות זיינען אויסגעוואָרצעלט געוואָרען. מיליאָנען אידישע נפשות זיינען ערמאָרדעט, פאַרשקלאַפט און שמאַכטען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע לאַגערן, אין די געטאָס, אָדער אויף שווערער אַרבייט וואו זיי ווערען אומדערבאַרעמדיגט געפייניגט. דיזע קאַטאַס־טראָפאלע לאַגע פאָדערט אַ פולשטענדיגע לייזונג פון דער אידישער פראַגע. די איינציגע לייזונג איז בלויז ארץ ישראל, ווייל נאָר דאָר־טען איז די היסטאָרישע היים וועלכע די השגחה האָט פאָראויס באַ־שטימט פאַר׳ן אידישען פאָלק צו שמידען זיין נאַציאָנאַל, פאָליטיש און גייסטיג לעבען.

די אומאויפהערליכע ענטוויקלונג פון ארץ ישראל זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה טראָץ שטערונגען און גזירות; די אויסערגעוויינליכע ענערגיע וואָס הונדערטער טויזענדער אידען האָבען אַריינגע־לעגט אין דעם בנין הארץ; די מיליאָנען דאָלארען וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידענטום האָט אינוועסטירט אין דעם אויפבוי פונ׳ם הייליגען לאַנד; די באַטייליגונג פון דעם ישוב אין דער מאָביליזאַציע פון איהרע קאַמפס־פעהיגע כחות לטובת דער מלחמה — אַ פאַקט וואָס די פאַר־אייניגטע פעלקער אנערקענען — דאָס אַלץ באַווייזט, אַז מיר טאָרען ניט אָפלאָזען אויף איין רגע צו בויען דאָס לאַנד און צו שטאַרקען דעם ישוב אין זיין העלדישער פאַרטיידיגונג, כדי אין דער נאָהענטער צו־

קונפט זאָלען מיר קענען אַריינבריינגען פרישע שטראָמען פון אידישע מאַסען אין דער נאַציאָנאַלער אידישער היימלאַנד.

אין איינקלאַנג מיט די אידעאַלען און פרינציפּען פון דעם „אַט־לאַנטיק טשאַרטער״, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרען אונטער דער פיה־רערשאַפט פונ׳ם פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, און אין נאָמען פון די פּרינציפּען פון צדק און יושר פאַר וועלכע אַמעריקא קעמפט — אַפּעלירען מיר צו דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען, אַז פונקט ווי זי האָט אונז געהאָלפען ביי דער שלום קאָנ־פערענץ אין 1919 אינ׳ם קאַמף פאַר ארץ ישראל, זאָל זי אונז ווידער העלפען ראַטעווען דעם פאַרפאָלגטען און געפּייניגטען אידישען פאָלק, וועלכעס ליידעט מעהר פון אַלע אַנדערע פון דעם נאַצישען באַר־באַריזם.

מיר אַפּעלירען צו אַמעריקא, וועלכע האָט ראַטיפיצירט דעם מאַנ־דאַט אויף ארץ ישראל דורך אַן איינשטימיגען באַשלוס פון ביידע הייזער פון קאָנגרעס זי זאָל אָנווענדען איהר מעכטיגען איינפלוס צו עפענען ברייט די טויערען פון ארץ ישראל פאַר׳ן אידישען פאָלק כדי אויפצובויען די אידישע מדינה לויט דער געטליכער הבטחה וועלכע איז פיעל מאָל איבער געחזר׳ט אין תנ״ך, וועלכער איז הייליג צו אַלע אַמעריקאַנער״.

## רעזאָלוציע געגען „איחוד״

„די ועד הראשי קאָנפערענץ באַשטעטיגט און פאַרשטאַרקט די רעזאָלוציע וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען ביי דער ספּעציעלער קאָנ־פערענץ פון רבנים און ועד הפועל חברים געגען דר. מאַגנס און „איחוד״ און האַלטען זיך פולשטענדיג ביים באַשלוס, אַז מענשען וועלכע פיה־רען אַן סעפּאַראַטע פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען אונטער די פּלייצעס פון דער אידישער אַגענטור, די איינציגע אויטאָריזירטע קערפּערשאַפט פון אידישען פאָלק בנוגע ציוניסטישע פּאָליטיק, האָבען קיין מאָראַלישע רעכט אָנצוהאַלטען וועלכען עס איז אָמט אין אָפיציעלען אידישען לעבען.

דער ועד הראשי ערקלעהרט קלאָהר און דייטליך, אַז ער האַלט

עס פאַר אומנויטיג ווי אויך פאַרפיהרעריש צו וואַרטען אויף נייע פירושים און דעטאַלען פון דער „איחוד" און זיינע ניט־ציוניסטישע כונות, ערקלעהרענדיג זיך פאַר אַ בי־נאַציאָנאַלען שטאַט אַלס טייל פון אַן אַראַבישער פעדעראַציע, באַגרעניצטער אידישער עליה און לאַנד פאַרקויף, און אַן ענדערונג אין די סטאַטוטען פון קרן־קימת וועלכער זאָל ערלויבען די באַזעצונג פון אַראַבער אויף דעם באָדען פון קק"ל — זיינען אַן אָפענער אַקט פון אונטערגראָבען די יסודות פון ציוניזם, און מיט אונזער גאַנצער איבערגעבענהייט און גלויבען אין דעם ציו־ניסטישען אידעאַל — וועלכער ביי אונז מזרחים איז עס פאַרבונדען מיט די אייביגקייטען פון אידען און אידישקייט — שטעמפלען מיר עס אַלס פולשטענדיגער פאַרראַט געגען אונזער פאָלק, לאַנד און תורה".

## ד.

דורך דער צייט פון דער קאָנווענשאָן וועט פיל גערעדט ווערען איבער דעם איצטיגען פאָליטישען מצב אין ציוניזם. כ'וויל דאָ באַריהרען בלויז איין פונקט וואָס האָט אַ שייכות צום זעלבען פּראָבלעם.

דער ענד־ציל אונזערער איז, לויט די פאָרמולירונג פון דער בילטמאָר־קאָנפערענץ, אַ „דזשואיש קאָמענוועלט", אָדער קלאָהרער גערעדט, אַ אידישע מדינה. אין יאָהר 1917 איז די באַלפור דעקלאַראַציע געווען דאָס העכסטע וואָס מיר האָבען געקענט דערגרייכען. מיט אַלע חסרונות איז דאָס אַ היסטאָרישער דאָקומענט. היינט צו טאָג קען די באַלפור דעקלאַראַציע מעהר ניט דינען אַלס באַזיס. אַפילו אָהן דעם „ווייסען פאַפיר" וואָס איז אין תוך געשאַפען געוואָרען מבטל צו זיין אַלע פאַרשפרעכונגען וואָס מען האָט אונז געגעבען, האָבען אויך די אַנדערע פירושים פאַרנעבעלט און פאַרוואָלקענט די אמת'ע גרונד־כונות פון דער באַלפור דעקלאַראַציע. אָבער אַ חוץ די אַלע חסרונות און פגימות מיט וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט איהר באַזאָרגט, האָט עס אויך געמיינט אַ פאַמעלאַכדיגער פראָצעס פון אידישער איינוואַנדערונג און אַ קליינער טעמפּאָ פון אידישען וואוקס וואָס פאַסט זיך לגמרי ניט אַריין אין די ראַהמען פון היינטיגען מורא'דיגען חורבן. דער אידישער אומגליק איז אַזוי גרויס און די אידישע היימלאָזיגקייט איז אַזוי שוידערליך אַז עס פאָדערט זיך אַ גאַנצער אַנ־דערער באַגריף און אַ גאַנץ אַנדער צוטריט צום אידישען פּראָבלעם. מיר

טאָרען מעהר ניט טראַכטען וועגען אַ גאולה וואָס קומט „קמעא־קמעא". אַזאַ פּראָגראַם איז אַן אומגליק. מיר מוזען טראַכטען און טאָן אין די טערמינען פון ברייטקייט און גרויסקייט, ווייל די אידישע צרות און אידישע ליידען זיינען ברייטער און גרעסער געוואָרען.

די צייט איז אַנאַנדערע. די מלחמה איז אַנאַנדערע, און אַפילו די שלום־פאַרהאַנדלונגען וועלען זיין גאַנץ אַנדערש ווי נאָך דער ערשטער מלחמה. די ערשטע ברענענדע זאָרג דאַרף זיין ווי אַזוי ראַטעוועט מען די הונדערטער טויזענדער אידען, דעם שארית הפליטה, באַלד, און טאַקע באַלד. די ליבעראַלע ענגלישע רעגירונג האָט דערווייל ניט געלאָזט הערען אַ דערמוטיגטען וואָרט וועגען דעם ווי אַזוי זי שטעלט זיך פאַר צו ראַטעווען די מיליאָנען אידישע קרבנות פון דעם בלוטיגען נאַצי־טעראָר. זי איז אָפּגעקומען מיט אַ סימפּאַטישע רעזאָלוציע אין פּאַרלאַמענט — דערפאַר קומט איהר אַ שטיקעל יישר־כח ווייל אַנדערע דעמאָקראַטישע מלוכות האָבען דאָס אויך ניט געטאָן — אָבער קיין ווייטערדיגען שריט מעהרער איז מען ניט געגאַנגען. דער קאָלאָניאַל־מיניס־טער סטענלי האָט, וואָרשיינליך, מורא געהאַט טאָמער וועט מען דענקען אַז דער „ווייסער פּאַפּיר" עקזיסטירט שוין מעהר ניט האָט ער ניט לאַנג צוריק אין אַן אינטערפּעלאַציע אין פּאַרלאַמענט „באַרוהיגט די שווערע געמיטער", דער־קלעהרענדיג: „אַז ארץ ישראל וועט אַריינעמען אַזוי פיעל אידען וויפיל די ראַהמען פון ווייסען־פּאַפּיר וועלען עס דערלויבען". די אַלע מאַסען־שחיטות און אַכזריות'דיגע רציחות פון הונדערטער טויזענטער אומשולדיג־ריינע אידישע נפשות האָבען ניט ווייכער געמאַכט די טרוקענע־קאַלטע הערצער פון די שאַפער פון דעם ברוטאַלען „ווייסען פּאַפּיר". אַזוי לאַנג ווי דער שוואַרצער דאָקומענט בלייבט, האָט ניט קיין זינען אָנצונעהמען קיין פּראָטעסט־רעזאָלוציעס אין פּאַר־לאַמענט, ווייל פריהער דאַרף מען פּראָטעסטירען געגען דעם פּאַרלאַמענט גופא ווארום זיי שאַפען ניט אָפּ די העסליכע גזירה.

די באַלדיגע רעטונג פון די אייראָפּעאישע אידען קען נאָר קומען ווען די טיהרען פון ארץ ישראל וועלען ברייט געעפענט ווערען. דער ישוב איז גרייט זיי אויפצונעהמען. עס געפינט זיך ניט איין איד אין ארץ ישראל וואָס זאָל זאָגען „צר לי המקום". יעדער איינער איז מוכן ומזומן אַוועקצוגעבען זיין שטיקעל ברויט אַבי צו ראַטעווען אידען פון די רוצחים'ס נעגעל. דאָס איז דער וויכטיגסטער פּאָליטישער פּראָבלעם פאַר אונז היינט צו טאָג.

מיר האָבען פאַר זיך דריי קאַרדינאַלע אויפגאַבען: ערשטענס, אויפהויבען

אַ ביטערען קאַמף געגען דעם „ווייסען פאַפיר". ווי שמערצליך אַזאַ קאַמף זאָל ניט זיין מוזען מיר עס טאָן, ווייל דער טרויעריגער דאָקומענט איז אַזוי שמערצליך פאַר אונז ווי די געלע לאַטע און אַלע אַנדערע גזירות.

צווייטענס, אַלע מיטלען דאַרפען געזוכט ווערען צו ראַטעווען אידען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. די הויפּט רעטונג קען נאָר קומען דורך ארץ ישראל. אַלע וועגען פון אידישער רעטונג דאַרפען געפיהרט ווערען צו דער איינציגער לאַנד מיט וועלכער אַלע אידישע האָפנונגען זיינען פאַרקניפּט און פאַרבונדען. לאָמיר זיך מעהר ניט לאָזען פאַרבלענדען פון אַנדערע פאַלשע אילוזיעס. דער צענטער פון אַלע פּלענער דאַרף זיין בלויז ארץ ישראל.

און דריטענס, דער ענד־ציעל מוז זיין אַ אידישע מדינה מיט אַלע נויטיגע אַטריביוטען.

## ה.

כדי דורכצופיהרען דעם דערמאָנטען רעטונגס־פּראָגראַם איז דרינגענד נויטיג די פאַראייניגונג פון אַלע אידישע כחות וועלכע ווילען לעזען דעם אידישען פּראָבלעם אויף אַ קאָנסטרוקטיווען אופן. מיר, מזרחים, האָבען פון שטענדיג אָן דערמוטיגט די אידעע פון אַריינציהען אַלע עלעמענטען אין דער אויפבויאונגס־אַרבייט פון ארץ ישראל. דאָס איז דאָך די הויפּט־סיבה וואָס מיר זיינען אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווייל מיר גלויבען אַז ארץ ישראל געהערט צום גאַנצען אידישען פאָלק און אַז אַלע פאָלקס־שיכטען מוזען זיך באַטייליגען. די מאטא וועלכע מיר האָבען אַוועקגעשטעלט מיט פערציג יאָהר צוריק: „המזרחי בא לקרב ולא לרחק, לבנות ולא לסתור" איז אויך גילטיק ביז היינטיגען טאָג.

אָבער ריידענדיג וועגען איניגקייט מוז מען געדענקען אויך אָפּצוהיטען אידעען און פּרינציפּען. דער מזרחי איז געשטאַנען — און וועט בלייבען אויך אויף ווייטער — אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אָבער וועט קיינמאָל ניט אויפהערען קעמפען פאַר די אידעאַלען פון אַ רעליגיעזען שטאַנדפּונקט אָדער פון אַ נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט. מוותר צו זיין אויף גרונט־אידעען צוליב אחדות איז נאַציאָנאַלער זעלבסטמאָרד.

מיר האָבען זיך באַטייליגט ביי דער פּיטסבורגער קאָנפערענץ וואָס די בני ברית האָט איינגערופען. מיר זיינען געגאַנגען מיט אַ שווערע האַרץ, ווייל

מיר האָבען געהאַט פילע חששות און ספקות וועגען דעם עצם־צוזאַמענרופען פון אַזאַ אסיפה. . אונזער שטאַנדפונקט איז געווען אַז די ציוניסטישע גרופען דאָ אין לאַנד דורך דער ציון עמוירדזשענסי קאָמיטע זיינען בכח אַליין צוזאַמענ־רופען אַזאַ קאָנפערענץ אָהן וועלכע עס איז שדכנות אָדער פאַרמיטלונג. די ריזיגע און אימפּאָזאַנטע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אין מעדיסאָן סקווער גאַר־דען, וועלכע האָט געשטורעמט מיט צער און צאָרן געגען די אידישע רציחות האָט קלאָהר באַוויזען אַז די ברייטע אידישע מאַסען וואַרטען ניט אויף דער הסכמה פון דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" אָדער דעם „אַרבייטער קאָמי־טעט" און די אַנדערע וועלכע שלעפען זיך מיט זיי. די אַסימילאַטאָרישע עלע־מענטען שפּילען מעהר ניט די ראָלע וואָס זיי האָבען געשפּילט מיט עטליכע צעהנדליגע יאָהר צוריק. און וואָס איז נוגע צו ארץ ישראל זיינען אונזערע פּאָזי־ציעס אַ סך שטאַרקער געוואָרען, ווייל מיר האָבען, ברוך השם, אַנצואווייזען וואָס מיר האָבען דערגרייכט אין ארץ ישראל.

פונדעסטוועגען זיינען מיר נאָך פּיטסבורג געגאַנגען ווייל, אַזוי מיר האָבען געטראַכט, אפשר איז דער שריט אַן עטאַפּ נעהענטער צו די פאַראייניגונג פון אידישע כחות וואָס איז נויטיג פאַר דער רעטונג פון אידישען פאָלק. מיר דערמאָנען מיט פרייד דעם פאַקט, אַז דער אויסגאַנג פון דער אסיפה האָט אי־בערראַשט אַפילו די עקסטרעמע סקעפּטיקער. אין פּיטסבורג איז געלייגט געוואָ־רען דער יסוד פאַר אַ געמיינשאַפטליכער צוזאַמענאַרבעטונג. דער דעמאָקראַ־טישער גייסט האָט מנצח געווען. דער אידישער פאָלקס־ווילען איז געקומען דאָרטען צום אויסדרוק. אַ נאַציאָנאַלע אידישע „אַסעמבלי" ווערט בקרוב גע־רופען וואו עס וועט געשאַפען ווערען די אָפיציעלע אידישע רעפּרעזענטאַנץ וואָס וועט קענען אויפטרעטען און האַנדלען אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אידען.

אַ שווערע היסטאָרישע מיסיע ליגט אויף דעם אַמעריקאַנער מזרחי ניט נאָר צו מאָביליזירן און גרופּירען אַרום זיך אַלע רעליגיעזע־אָרטאָדאָקסישע כחות, נאָר אויך פעסטצושטעלען די ליניען און אַוועקשטעלען פאַר דער אי־דישער עפענטליכקייט אונזער פּראָגראַם אין אַזאַ קלאָרקייט און אין אַזאַ ליכט בכדי צו פאַרמיידען אַז די קאָמפּראָמיסען און פּשרות פון די פּראָפעסיאָנעלע „שלום זוכער" זאָלען ניט פאַרשטופּען אין אַ זייט די אידעען און פּרינציפּען וועלכע זיינען אַ לעבענס־פּראָבלעם פאַר אונזער פאָלק.

פונקט ווי מיר האָבען זיך אָפען אַוועקגעשטעלט געגען דעם פּראָגראַם פון „איחוד", דר. מאַגנעס און די „רעפאָרם־ראַבייס", אַזוי דאַרפען מיר מיט

דער פולסטער שטאַרקייט אַרויסטרעטען געגען דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע“ וועמענס פּראָגראַם פאַר ארץ ישראל און פאַר אַלגעמיינע אידישע אינטערעסען איז ניט ווייניגער שעדליך. זייער גאַנצער צוטריט צו אידישע פּראָבלעמען איז געבויט אויף די אַלטע אַסימילאַטאָרישע יסודות וועלכע מיר מוזען באַקעמפען.

אחדות אין אידישע רייהען — געוויס, אָבער ניט אויף דעם חשבון פון פּרינציפּען. דאָס דאַרף זיין דער שלאָגוואָרט אין די קומענדיגע חדשים בעת די וואַהלען צו דער נאַציאָנאַלער אידישער אַסעמבלי.

## ו.

דער מזרחי אין ארץ ישראל פון היינט איז ניט דער מזרחי פון אַמאָהל. דער מזרחי אין ארץ ישראל איז אויסגעוואַקסען און אויסגעברייטערט אויף אַלע געביטען פון ישוב און דער מזרחי פון אַמעריקא קען אויך ניט בלייבען אין אַ „סטאַטוס־קוואָ“ צושטאַנד. מיר שטעהען פאַר גרויסע פּראָבלעמען און מיר דאַרפען גרייט זיין צו קענען דערפילען. מיר קענען זיך ניט באַנוגענען מיט קליינע השגות און קליינע באַגריפען.

אונזער קאָנווענשאָן דאַרף זיך באַשעפטיגען מיט פאָלגענדע פיער פּראָבלעמען: ערשטענס פעסטצושטעלען פאַר זיך אַליין און אויך פאַר דער אידישער וועלט אונזער באַשטימטע פּאָליטישע ליניע אין ציוניזם; צווייטענס צו שטאַרקען דעם פינאַנציעלען אינסטרומענט פון מזרחי אין ארץ ישראל; דריטענס גרעסער און טיפער צו מאַכען די אָרגאַניזאַציע ביי אונז אין לאַנד אום זי זאָל קענען ארומנעהמען אַלע פּראָגען פון דער שעה; און פערטענס אַריינצוציהען אַלע אָרטאָדאָקסישע שוהלען אין די רייהען פון מזרחי.

אונזערע חברים מוזען זיך באַפרייען פון יענע באַגריפען אַפּצופּטר'ן ארץ ישראל מיט קליינע נדבות. דער אַמעריקאַנער מזרחי, כמעט די איינציגע אָרגאַניזאַציע אויף וועלכען דער וועלט־מזרחי איז אָנגעשפּאַרט, מוז לפּחות שיקען נאָך ארץ ישראל אַ פערטעל מיליאָן דאלאר אַ יאָהר, זאָנסט טוען מיר ניט אונזער חוב צו דער הייליגער אַרבייט פון אויפבויען אַ רעליגיעזע ארץ ישראל.

וואָס אַנבאַלאַנגט די אָרגאַניזאַציע קענען מיר מיט באַשטימטקייט זאָגען אַז אונזער אַדמיניסטראַציע האָט אין דער אָרגאַניזירונג־אַרבייט אַריינגעלעגט די גרעסטע כחות. ליידער האָבען מיר ניט דערגרייכט דעם ציעל וועלכען מיר

האָבען געזוכט צו דערגרייכען. מיר זיינען אָרגאַניזאַטאָריש נאָך ניט דער כח וואָס מיר האָבען געקענט זיין. מיר זיינען פּאַסיוו, גלייכגילטיג און גרינגשע־צענד ווען עס קומט צו אינערליכע אָרגאַניזאַציאָנס ענינים. עס פעהלט אונז די נויטיגע באַוואוסטזיניגקייט, דער טיפער אידעאַליזם, די פאַרטיפונג און פאַר־טראַכטונג. מיר פאַרגעסען איין זאַך — איז דער מזרחי שטאַרקער, איז דאָס אידענטום שטאַרקער; איז די אָרטאָדאָקסישע רבנות שטאַרקער; איז שמירת שבת שטאַרקער; איז למוד התורה שטאַרקער. און דאָס זעלבע, חלילה, פאַר־קעהרט.

דערצו מוז מען געדענקען אַז אויף אונז, אַמעריקאַנער חברים, ליגט אַ חוב גוטצומאַכען דעם ריזיגען פאַרלוסט וועלכען מיר האָבען פאַרלוירען דורך דעם חורבן אין די אייראָפּעאישע מדינות. מיר טאָרען ניט בלייבען ביים זעלבען נו־מערישען כח ווי מיר זיינען געשטאַנען ערב דער מלחמה. אַלס אַ פּאָליטישע באַוועגונג אין ציוניזם איז עס פאַר אונז אַ גרויסע סכנה וועלכע מיר מוזען פאַרמיידען.

ס׳איז אמת, אונזער אָרגאַניזאַציע האָט אין די לעצטע עטליכע יאָהר זעהר פיעל אויפגעטאָן אויף אַלע געביטען. מיר האָבען געהאָלפען אין דער שאַפונג פון „הצופה״; געגרינדעט דעם מחלקת החרדים ביים נאַציאָנאַל פאָנד; דעם יער מאיר; דעם נחלת הרצוג; דעם ועד החנוך החרדי; דעם ועד לחזוק התורה והיהדות; דעם קאָנגרעס למען השבת; דעם ועד ההצלה; דעם מכון פאַר תורה דורך הרב העליר; די שליחות פון הרב הראשי דר. הרצוג; דעם יוגענד און עדיוקיישאָן דעפּאַרטמענט, און אַנדערע וויכטיגע אַרבייטען. אָבער דאָס איז לחלוטין ניט גענוג לגבי דעם וואָס מיר האָבען געקענט און געדאַרפט טהון פאַר דעם אידענטום אין אַמעריקא, און אודאי פאַר דעם מזרחי אין ארץ ישראל.

אין אונזער דור זיינען געקומען גרויסע שווערע צייטען. דאָס מיינט גרויסע פליכטען. לאָמיר ענטפערען מיט גרויסע מעשים!

# גאַנצקייט פון כלל ישראל

## א.

דער יאָהר און אַ האַלב זינט דער לעצטער קאַנוועַנשאַן, איז געווען אַ צייט פון שווערע איבערלעבענישען. דער מאוים׳דיגער חורבן פון די מיליאָנען אידען, דער צער האומה און דער חורבן היהדות האָט אויף אַלעמען געלייגט אַ שווערען שטעמפעל. דאָס גלייכגילטיגקייט און אינדעפערענטיזם, וואָס האָט געהערשט אין דער אויסערליכער וועלט, באַזונדערס אין די קרייזען פון די פאַראייניגטע מלוכות, לגבי דעם אומפאַרגלייכבאַרען אידישען אומגליק, האָט אַריינגעבראַכט אין אַלעמענס הערצער זאָרג און עצבות, פעסימיזם און יאוש. מיר האָבען געפיהלט, אין יענער צייט, אַז אַ ריזיגער גייסטיגער כוח איז נויטיג צו דערוואַכען די אידישע מאַסען און די אידישע עפענטליכקייט פון דעם שרעקליכען פעסימיזם און פאַסיוויזם. דער באַזוך פון אונזער גרויסען און חשוב׳ן מנהיג הרב ר׳ מאיר ברלין, וועלכער האָט פאַרבראַכט מיט אונז נאָהנט צו אַ יאָהר, האָט שטאַרק געהאָלפען צו דערהויבען דאָס אַמעריקאַנער אידענטום צו דער נויטיגער הויך פון אידישער פאַראַנטוואָרטליכקייט. מיט זיין ברייטען און טיפען אַנאַליז איבער דעם טראַגישען אידישען מצב האָט ער אויפגעשטורעמט דאָס פאַרגליווערטע געוויסען פאַר דער רעטונג פון די מיליאָנען אידען און אויך אַריינגעבראַגט אַ טיפערע אָריענטאַציע וועגען ארץ־ישראל.

שווערע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען זיינען געשטאַנען און שטעהען פאַר אונז, אָבער מיר קענען מיט באַשטימטקייט קאָנסטאַטירען, אַז דער מזרחי סיי אַלס אַן אינטעגראַלער טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און סיי אַלס אַן אָרגאַניזאַציע אַן און פאַר זיך, האָט אָנגעשטרענגט אַלע כחות די דאָזיגע פּראָבלעמען

רעדע ביי דער 26טער קאַנווענשאַן.
ט׳ חשון, תש״ה, אַטלאַנטיק סיטי.

אויפצוקלעהרען און באַלייכטען, און אויף וויפיל נאָר מעגליך זיי גרינגער צו מאַכען.

## ב.

אין די לעצטע 5 יאָהר, זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, האָבען מיר צוזאַמען מיט אַלע ציוניסטישע גרופען אַנגעפירט אַ העפטיגען אויפקלעהרונגס קאַמף אויף דעם פּאָליטישען פראָנט. דער קאַמף איז געווען אַ דרייפאַכיגער: בעגען דער גזירה פון „ווייסען פּאַפּיר", פאַר אַ אידישער אַרמעע, און פאַר דער עטאַבלירונג פון אַ אידישער מדינה. דער קאַמף אויף דעם דאָזיגען שטח איז נאָך ווייט פון זיין אַ געוואונענער, אָבער אַ סך שריט פאָראויס זיינען מיר גע־גאַנגען.

די גזירה פון „ווייסען פּאַפּיר" הייגגט נאָך איבער אונזערע קעפּ, אָבער ביז אַ געוויסען גראַד איז עטוואָס פאַרלייכטערט געוואָרען. אין ענגלאַנד הויבט מען אָן צו פאַרשטעהן, אַז דאָס איז פולשטענדיגער ברוך פון איהרע הבטחות און אַז דאָס איז אַ דירעקטער אַטענטאַט אויף אידישער איינוואַנדערונג און אידישע קאָלאָניזאַציע, וועלכע זיינען די עלעמענטאַרע יסודות פון אַ נאַציאָנאַלער היים. דער דרוק פון דער עפענטליכער מיינונג, וועלכע איז שטאַרק אויפגע־בראַכט געגען דעם שענדליכען אַקט, וועט אפשר צווינגען ענגלאַנד, פריהער אָדער שפּעטער, בטל צו מאַכען די גזירה.

אויף דעם געביט פון פּאָפּולאַריזירען דעם געדאַנק פון אַ אידישער מדינה איז געמאַכט געוואָרען גרויסער פאָרטשריט. אונזער פּאָזיציע איז פיעל שטאַר־קער. דער פּאָליטישער קורס האָט זיך פיעל געהויבען. דער פאַרגאַנגענער יאָהר איז געווען דער פרוכטבאַרסטער אויף דעם שטח פון ציוניסטישער פּאָליטיק. די פראַגע פון ארץ ישראל אַלס ענטפער אויף דעם אידישען טראַגיזם איז אַרויס־געטראָגען געוואָרען, אויף דעם ברייטסטען אופן, פאַר דער אויסערליכער עפענט־ליכקייט. צום ערשטען מאָהל, פילייכט, אַז די דרויסענדיגע וועלט האָט אַזוי קלאָהר און בולט׳דיג גערעדט און געשריבען וועגען די אמת׳ע ענד־צילען פון ציוניזם. די ארץ־ישראל׳דיגע פונקטען אין די פּלאַטפאָרמען פוןביידע אמערי־קאַנער פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע באַטאָנען מיט קלאָהרקייט די נויטווענ־דיגקייט פון אַ אידישע מדינה, איז די גרעסטע פּאָליטישע דערגרייכונג. די דאָזיגע פונקטען געהן אַ סך ווייטער פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וועלכע איז געשריבען פאַרשטעלט און געבראַכט מיט זיך פאַרשיידענע פשט׳לאַך.

די אַלזייטיגע פאַרצווייגטע פּאָליטישע אַרבייט אין פּאַרלויף פון דיזען יאָהר איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון דעם „אַמעריקאַן עמוירדזשענסי ציוניסטישען קאונסיל", וועלכער פאַרטרעט אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, איז אַ גלענצענד־סטער קאַפּיטעל. דער מזרחי, וועלכער איז אַ ווירקזאַמער טייל אין דעם ציוניס־טישען קאונסיל, האָט געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע אין אַלע פּאָליטישע אַק־טיוויטעטען. טראָץ די שטילע רייבונגען אינערהאַלב דעם קאונסיל, די רייסע־רייען און צאַנקערייען מצד מאַנכע ציוניסטישע פיהרער, וועלכע האָבען, צום באַדויערען, געזוכט אַריין צו ברייגגען דיסאַנאַנסען און שוועריגקייטען, איז דער קאונסיל אָנגעגאַנגען מיט זיין אַגרעסיווער אַרבייט, מיט דער שנעלסטער טעמפּאָ, און מיט דעם ברייטסטען שוואונג. דער מזרחי איז שטענדיג געשטאַנען אויף דער וואַך, געמאָנט און געפאָדערט גרעסערע מעשים אָהן קאָמפּראָמיסען און אָהן פשרות. די מזרחי פאַרטרעטער האָבען זיך אויך באַטייליגט ביים היסטאָ־רישען קאָנגרעס פאַרהער אין וואַשינגטאָן, און געלאָזט הערען די שטימע פון רעליגיעזען אידענטום, וואָס האָט געמאַכט אַ וואנדערבאַרען גוטען איינדרוק. צום שבח מעג דערמאָנט ווערען, אַז דר. אבא הלל סילווער, דער ענערגישער עקזעקוטיוו טשערמאַן פון דעם עמוירדזשענסי קאונסיל, האַלט אָן די פריינדליכ־סטע באַציהונגען צו די ציוניסטישע פּאַרטייען און אַז דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער ווערט פון איהם שטריינג אָפּגעהיט.

ג.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער עטאַבלירונג פון אַ אידישער מדינה אויף וועלכער מען קען וואַהרשיינליך ערוואַרטען די הסכמה פון די יונייטעד ניישאָנס, איז נאָך אַמאָהל אַרויפגעשוואומען די פראַגע פון חלוקה, וועלכע איז לכל הדעות אַ סכנה פאַר דעם ווייטערדיגען אויפבוי פון ארץ ישראל. דאָס איז ניט קיין נייער פּראָיעקט. די „מומחיב" פון קאָלאָניעל אָפיס האָבען עס „ערפונדען" מיט עטליכע יאָהר צוריק אום דערמיט צו „לעזען" דאָס אידיש־אַראַביש פּראָבלעם. די דיסקוסיעס איבער דער פראַגע זיינען גוט באַקאַנט. דער חלוקה פּלאַן פון 1937 האָט שיעור ניט צעבראָכען די גאַנצקייט פון ציוניזם. דעמאָלט איז די אידישע לאַגע ניט געווען אַזוי מאוים'דיג. היינט צו טאָג, ווען דער אידישער חורבן איז אַזוי גרויס, איז דער חלוקה פּלאַן, וואָס ענגלאַנד זוכט ווידער אַמאָהל אַרויף צו צווינגען, אַ קאַטאַסטראָפע פאַר'ן אידישען פאָלק.

אויב מיר האָבען חלוקה באַקעמפט אין 1937, ווי גרויס דאַרף זיין אונזער קאַמף איצט ?

די היינטיגע פּאָליטישע חשיבות פון ארץ ישראל איז פון אַ גאַר אַנדער סאָרט. אין די צייטען פון הרצל׳ן האָט מען גערעדט וועגען אַן „עפענטליך־רעכטליך״ היים ; אין די צייטען פון באַלפור — וועגען אַ נאַציאָנאַלע היים. אין יענע יאָהרען איז עס געווען אַ טעאָרעטישער ענין. היינט רעדט מען וועגען אַ אידישע מדינה נישט אין טעאָרעטישען זינען, נאָר פון אַ באַלדיגער ווירקליכקייט. אַמאָהל האָבען זיך אַרום דער ארץ ישראל פראַגע גרופּירט בלויז יחידים. אין בעסטען פאַל, — יחידים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט פאַרטראָטען אַ גאַר קליינעם פּראָצענט פון אידישען פאָלק. היינט איז דאָס אַ פּראָבלעם נישט פון אידישען פאָלק אַליין, נור אַ וועלט־פּראָבלעם. עס איז אַ פראַגע פון הצלה, פון בנין און פון גאולת עם ישראל אויף וועלכע די דעמאָקראַטישע וועלט זוכט געבען אַן ענטפער. עס איז דאַריבער פאַרשטענדליך, אַז בעת מיר פיהרען אַ קאַמף פאַר אַ אידישע מדינה, וואָס איז די איינציגע גאַראַנטי פאַר אונזער פּאָליטישער זיכערקייט, פאַר עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, און פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט, מוזען מיר מיט אַלע פאַראייניגטע כוחות אָנפיהרען אַן אומ׳פשרות׳דיגען קאַמף פאַר אַ גאַנצער און ברייטער ארץ ישראל.

ביי אונז, רעליגיעזע תורה׳דיגע אידען, איז עס נישט נור אַ פראַגע פון פּאָליטיק, נור מיר זעהען אין דער אויפבויאונג פון אַ גאַנצער ארץ ישראל די פאַרווירקליכונג פון דער געטליכער הבטחה : „כי את כל הארץ אשר אתה רואה לך אתננה ולזרעך עד עולם״. אין דעם פרט פון געגנערשאַפט צו חלוקה זיינען מיר, אַלע צווייגען אין דער מזרחי באַוועגונג, פעלזען שטאַרק פאַראייניגט אָהן שום פשרות. אַלס תורה־אידען קענען מיר אַנדערש נישט טראַכטען און אַנדערש נישט האַנדלען.

## ד.

אויב ענגלאַנד איז אַזוי קאַרג אין ווערטער בנוגע די אָפּשאַפונג פון דעם „ווייסען פּאַפּיר״ אָדער בנוגע די עטאַבלירונג פון אַ אידישער מדינה, האָט זי אָבער סוף כל סוף געבראָכען איר שווייגען בנוגע די אידישער פאָדערונג פאַר אַ באַזונדער אידישע מיליטערישע אבטיילונג. די פאָדערונג איז נישט קיין

עקשנות אָדער קאַפּריז, נור אַ דרינגענדע פּאָליטישע נויטווענדיגקייט. איבער אַ מיליאָן אידען געפינען זיך אויף די שלאַכטפעלדער. מיר ברענגען ריזיגע קרבנות — און די וועלט ווייסט נישט דערפון. אונזערע קרבנות ווערען נישט אָנערקענט, בעת אַנדערע קלענערע פעלקער פאַרנעהמען אַזאַ אָנגעזעהענעם אָרט אין דער וועלט אַרענאַ.

די ענגלישע רעגירונג, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געזוכט צו פאַרשוויינען די אידישע פאָדערונג, האָט ענדליך געבראַכען דאָס אייז. די אָנערקענונג איז אפילו געקומען אין דער לעצטער סטאַדיע פון דער מלחמה, אָבער ס'איז קיינמאָל ניט צו שפּעט אָנערקענען גערעכטיגקייט. אַ אידישע בריגאַדע איז ניט קיין אידישע אַרמעע, דאָס איז בלויז אַן אַרמעע אין מיניאַטור, אָבער דאָך אַ דער־פרעהענדיגע דערשיינונג, ווייל דאָס סימבאָליזירט אונזער גלייכען סטאַטוס אַלס פאָלק אין דעם קאַמף פאַר אַ בעסערע און שעהנערע וועלט, און עס וועט אויך פיעל פאַרשטאַרקען אונזערע פּאָזיציעס בנוגע צו ארץ ישראל.

מיר באַגריסען הארציג די דאָזיגע דערגרייכונג. אַלס אַ טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָבען מיר אַ באַגלייכען טייל אין די יסורים, אין די קרבנות און אין די נצחונות. דאָס איז אַ נייער עטאַפּ אין די דערגרייכונגען פון אונזערע פּאָליטישע אַספּיראַציעס.

## ה.

די נאַציאָנאַלע אָרטאָדאָקסישע קאָנפערענץ, וואָס איז פאַררופען געוואָרען אויף דער איניציאַטיווע פון מזרחי, האָט דעמאָנסטרירט אויף דעם אימפּאָזאַנט־סטען אופן די לאָיאַליטעט צו אַ רעליגיעזער ארץ ישראל, לויט די שטרעבונגען פון מזרחי. די דערשיינונג פון דער אָרטאָדאָקסישער דעלעגאַציע אין סטייט דעפּאַרטמענט און דער מעמאָראַנדום וועגען אידישער רעטונג און ארץ ישראל איז געווען אין צייט און אין פּלאַץ, ערב דעם קאָנגרעס פאַרהער אין וואַשינגטאָן וועגען דער ארץ ישראל רעזאָלוציע.

די קאָנפערענץ איז אויך געווען אַ דירעקטער ענטפער צו די געגנער מכל המינים, וועלכע האַלטען נאָך אַן, טראָץ די ביטערע דערפאַהרונגען און נסיונות, זייער געגנערשאַפט צום ציוניזם. עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד האָבען מיר פון די בימות און פון אונזערע אסיפות געוואָרענט געגען דעם אויפשטייג פון די אַסי־מילאַטאָרישע עלעמענטען. מאַנכע האָבען די וואָרנונג נישט גענומען ערנסט,

ווייל זיי האָבען געגלויבט אַז די אַסימילאַציע, אין אַלע איהרע פאָרמען, איז שוין טויט. די ווירקליכקייט האָט באַוויזען דעם היפך. דער חוצפה׳דיגער אַרויסטריט פון דעם „אַמעריקאַן קאונסיל אַף דזשודאאיזם" איז די שטאַרקסטע נאַציאָנאַלע בגידה.

אָבער צו וואָס זיך וואונדערען אויף עלעמנטען, וועלכע האָבען שוין פון לאַנג איבערגעריסען זייערע באַציהונגען מיט אידישע פאַרגאַנגענהייט און אידי־שע צוקונפט, ווען געוויסע פיהרער, וועלכע האָבען זיך איינגערעדט אַז זיי האָבען אַ מאָנאָפּאָל אויף אָרטאָדאָקסיע און יראת שמים, האָבען געוואַגט אַרויסצוטרעטען מיט אַרטיקלען געגען אַ אידישע מדינה ווען די „רעליגיאָנס־גענאָסען" פון דעם „קאונסיל אָוו דזשודאאיזם" האָבען באַנוצט אין זייערע בולעטינען אַלס אַן עדות אַז אויך די אָרטאָדאָקסיע איז געגען ארץ ישראל . . .

דער גרויזאַמער אידישער חורבן האָט, וואַהרשיינליך, די דאָזיגע מענשען גאָר נישט געלערענט. ווי גליקליך וואָלט אונזער פאָלק געווען, ווען דער רוף פון מזרחי אין די לעצטע פערציג יאָהר וואָלט געענטפערט געוואָרען פון די ברייטע אָרטאָדאָקסישע מאַסען. וויפיל הונדערטער טויזענטער אידען וואָלטען מיר געווען געראַטעוועט! וויפיל נאָך טויזענטער שטחים לאַנד וואָלטען מיר געווען אויסגעלייזט! וויפיל נאָך טויזענטער אידישע קינדער וואָלטען מיר פאַרהיט פון אַנטי־רעליגיעזער אידישקייט! ווי שטאַרק וואָלט דער רעליגיעזער תורה׳דיגער גייסט געהערשט אין ארץ ישראל!

## ו.

נאָך אַ פעריאָד פון איבער פערציג יאָהר איז נישט נויטיג פאַר דעם מזרחי ווידער אַמאָהל צו פאָרמולירען זיינע צילען, שטרעבונגען און אויפגאַבען. נויטיג איז יאָ אונטערצושטרייכען אַז די אידעאָלאָגיע פון מזרחי האָט געהאַט דעם געהעריגען נצחון. גליקליכער וואָלטען מיר אוודאי געפיהלט, ווען די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג וואָלט זיך באַפרייט פון איהרע סעקולאַרע יסודות און זיך אינגאַנצען געשטעלט אויף דעם באַזיס פון תורה. אַזוי ווייט האָבען מיר, ליידער, נאָך נישט דערגרייכט. אָבער די אַלטע פאָרמולירונג, אַז „דער ציוניזם האָט קיין שייכות ניט מיט אידישען דת", האָט מעהר קיין אָנהאַלט ניט. אין ציוניסטישע קרייזען ווערט זעהר אָפט צוגעגעבען, אַז עס איז אַ פאַטאַלער טעות צו בויען אַ אידישע ארץ ישראל אָהן תורה, אָהן אמונה און אָהן אידישע

פאַרגאַנגענהייט. דער פאַר׳עקשנ׳טער אַטעאיזם איז פאַרבליבען אַ ירושה בלויז ביים „השומר הצעיר״, וועלכער איז סיי פון רעליגיעזען און סיי פון פּאָליטישען שטאַנדפּונקט אַ געפאַהר פאַר אונזער קיום. דאָס דאַרף מען אויפ־קלעהרען פאַר דעם אידישען עולם, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין אַ אידישער ארץ ישראל. אָבער אין אַנדערע ציוניסטישע קרייזען, אפילו אין די „הסתדרות״ קרייזען, ווערט שטופּענווייז פאַרשוואונדען דער אַלטער ראַדיקאַלער גייסט און — עס צייגען זיך הרהורי־תשובה. ערשיינען זעהר אָפט אין דער העברעאישער און אידישער פרעסע תשובה־אַרטיקלען פון אַנגעזעהענע שריפטשטעלער, וואָס זיינען אין תוך אַן אויסדרוק פון שטילער בענקעניש נאָך די אַלטע אידישע מקורות.

דערזעלביגער גייסטיגער איבערברוך און רעליגיעזע דערוואַכונג שפּירט זיך אין די פאַרשיידענע קיבוצים און ישובים אין ארץ ישראל. לאַנג וועט נאָך נעהמען, ביז וואַנעט די דאָזיגע הרהורים וועלען זיך קריסטאַליזירען, אָבער עס מערקען זיך די שפּראָצונגען פון אַ נייער תקופה — אַ תקופה, וואָס וועט זיך באַפרייען פון דער גוי׳אישער וואָכעדיגקייט און וועט זיך איינהילען מעהרער און מעהרער אין די מלבושים פון אידישער קדושה.

דער דאָזיגער פּראָצעס איז ניט געקומען פון זיך אַליין. דאָס איז אַ פּועל יוצא פון איבער פערציג יאָהר מזרחי פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלעהרונג אין דער אידישער גאַס און ביי ציוניסטישע קאָנפערענצען און קאָנגרעסען.

און אונזער נצחון איז נישט אין דעם ציוניסטישען שטח אַליין, נאָר אויך, און ביי אונז איז דאָס העכסט דערפרעהענד, אין יענע אָרטאָדאָקסישע קרייזען, מיט וועמען מיר זיינען אין תורה־ענינים ענג פאַרבונדען און וועלכע האָבען יאָהרען־לאַנג זיך געפּלפּול׳ט צי מעג מען על פּי דין זיך מתחבר זיין מיט לינקע קרייזען, ווען ס׳איז נוגע צו כלל־ענינים אָדער צו ארץ ישראל. אויך דאָרטען קומט פאָר אַן אינער־ליכער איבערברוך איינזעהענדיג דעם ביז אַהעריגען טעות. געוויס איז צו באַדויערען, וואָס זיי האָבען געמוזט וואַרטען אויף וועלט איבערקערענישען צו דערזעהן די אמת׳ע ליכט, אָבער די טויערען פון תשובה זיינען קיינמאָל ניט געשלאָסען . . .

ווען מען לייענט אין דער ארץ ישראל׳דיגער פּרעסע די באַריכטען פון דער „אגודה״ קאָנווענשאָן אין ירושלים, ווערט מען פאַרגאַפט טראַכטענדיג: רבונו של עולם! די זעלבע רייד און די זעלבע רעיונות האָלטען דאָך מיר,

מזרחים, אין איין באַטאַנען שוין איבער פערציג יאָהר. האָט מען באַדאַרפט וואַרטען ביז 1944 צו קומען צו דער מסקנא, אַז „יעדער אידישער מאַן און פרוי, וואָס רופט זיך איד, קען נישט איבעררייסען דעם קשר מיט דעם אידישען פאָלק און אידישען גאָט. נישט קוקענדיג וואָס זיי זיינען אַנטי־רעליגיעז און מחלל־שבת — הערשט דאָך די תורה איבער זיי.״

האָט דען נישט דער מזרחי אַגיטירט און פאַרשפּרייט דעם דאָזיגען גרונד־געדאַנק פאַר די לעצטע 40 יאָהר? ווארום האָט מען באַדאַרפט וואַרטען אַזוי לאַנג? און וואו איז יעצט זייער קאָנסעקווענץ? אויב מען גלויבט באמת, אַז דער „עם־התורה״ איז כולל אין זיך אפילו אַנטי־רעליגיעזע אידען, ווארום שאַפט מען פרוד און שנאת אחים? ווארום גרינדעט מען „קהילות נפרדות״ אין ארץ ישראל געגען דעם באַשלוס פון דער רבנות־הראשית און געגען די אינטערעסען פון דעם אָרגאַניזירטען אידישען ישוב? ווארום שאַפען אַ נייע פרצה אין אי־דישען לעבען אין דער צייט ,ווען אחדות איז אַזוי נויטיג?

דער עיקר איז אָבער, אַז סימנים פון תשובה ציי‌גען זיך ביי עקסטרעם לינקס און ביי עקסטרעם רעכטס. די מזרחי אידעע האָט גובר געווען. פאַר אונז איז עס אַ מאָראַלישער נצחון.

דער מזרחי איז נים קיין פּאָליטישע באַוועגונג אַליין, נור אויך אַ תורה באַוועגונג. מיר פיהרען פּאָליטיק נישט לשם פּאָליטיק, נור לשם הרבצת התורה און חיזוק התורה. אונזער טעטיגקייט אויף דעם געביט פון החזקת התורה אין אַמעריקא איז באַוואוסט. מיר זיינען געווען פון די איניציאַ־טאָרען פון דעם „עזרת־תורה״, פון סענטראַל רעליף און פון אַלע אַנדערע אַק־ציעס, וואָס האָבען אַ שייכות מיט תורה און בני־תורה. אונזער אַקטיווע באַ־טייליגונג אין „ועד ההצלה״ רעדט פאַר זיך אַליין. טראָץ דעם וואָס האָט גע־הערשט אַ געוויסע מיספאַרשטענדעניש צווישען אונז און דער פיהרערשאַפט פון „ועד־ההצלה״, אָבער צוליב אונזער איבערגעבענהייט צום הייליגען אידעאַל פון ראַטעווען תורה, האָבען מיר אַלץ פאַרבויגען און געשטעלט די גאַנצע מזרחי באַוועגונג אין אַקטיווען דינסט פאַר׳ן ועד ההצלה.

שטעהענדיג ביים סוף פון דער מלחמה איז פון אומגעהייער וויכטיגקייט צו קאָאָרדינירען און צענטראַליזירען אַלע כחות אויף דעם געביט פון הצלת התורה. דער ועד ההצלה, וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין אַ שעת חירום, וועט נישט קענען אויספילען די אַלע אויפבויאונגס־פונקציעס נאָך דער מלחמה. עס

פעהלט איהם דער נויטיגער אַפּאַראַט און דער מענשען מאַטעריאַל. מיר מוזען באַצייטענס אָנהויבען זאָרגען צו עטאַבלירען אַ גרויסע אָרגאַניזאַציע, פאַרטרע־טענדיג אַלע שיכטען פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום, מיט דעם ציעל אויפצו־בויען צוריק די תורה־צענטרען אין אַלע ישובים, וואו אידען וועלען זיך גע־פינען. די פיהרער פון „סענטראַל רעליף״, וועלכער האָט אונטער זיך אַ גלענ־צענדען רעקאָרד פון ריזיגע הילפס־אַרבייט פאַר ישיבות און תורה, וואָלטען באַדאַרפט ערנסט באַטראַכטען די פראַגע פון רעאָרגאַניזאַציע.

די מזרחי קאָנווענשאָן, וואָס קומט זיך צוזאַמען אין אַזאַ גורל׳דיגע שעה, וועט האָפענטליך אַרויסטראָגען אַ קאָנקרעטען באַשלוס וועגען דעם דאָזיגען ענין.

## ז.

דער מזרחי איז שטענדיג געשטאַנען אויף צוויי פּרינציפּען: גאַנצקייט פון כלל ישראל און גאַנצקייט פון ציוניזם. די צייט האָט באַוויזען, אַז די שיטה איז אַן אמת׳ע. דורך אונזער שטעהן אינווייניג, אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג, איז דערמעגליכט געוואָרען, אַז ארץ ישראל זאָל, ברוך השם, דער־גרייכען צו דער איצטיגער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מדרגה. אַ דאַנק די פּאַראייניגטע פאָלקס־כחות איז ארץ ישראל געוואָרען דער רעטונגס־צענטער פאַר מיליאָנען אידען. די געגנער פון ציון קענען ניט אָנצייגען אויף קיין שום קאָנסטרוקטיווען פּלאַן און אויף קיין שום קאָנסטרוקטיווען אויפטוה. מיר, די בויער פון ציון, קענען מיט שטאָלץ אָנצייגען אויף דעם גרויסען אויפלעבונגס־וואונדער, וואָס איז דערגרייכט געוואָרען אין אונזער לאַנד אין אַ משך פון פיער צעהנדליג יאָהר. דער מזרחי האָט אין דעם היסטאָרישען נס אַ קאָלאָסאַלען חלק. איבעראַל איז דאָ אונזער שוויס און מאַרך, אונזערע קרבנות, אונזער מסירות נפש.

פאַר אונז, אַמעריקאַנער מזרחי חברים, אויף וועמען די השגחה האָט אַרויפ־געלייגט גרויסע התחייבות׳ן, שטעהן פאַר פאָלגענדע פּראָבלעמען:

א) מיר מוזען, צוזאַמען מיט אַלע אָרגאַניזירטע ציוניסטישע גרופּען, פאַרטזעצען דעם אינטענסיווען קאַמף פאַר אַ מאַקסימום פּאָליטישען פּראָגראַם, פאַר אַ גאַנצער און ברייטער ארץ ישראל, וואָס זאָל פיהרען צו דער באַלדיגער פאַרווירקליכונג פון אַ אידישער מדינה.

ב) אַלס רעליגיעזע אידען, ביי וועמען תורה איז דער תמצית פון זייער לעבען, מוזען מיר דאַפּעלט קעמפען, אַז די געבויטע אידישע מדינה זאָל זיין אידיש, רעליגיעז, תורה׳דיג, לויט די דירעקטיוועז פון אונזערע נביאים, תנאים און אמוראים ביז דעם אחרון שבאחרונים.

ג) די מלחמה האָט געבראַכט נאָך ארץ ישראל טויזענטער פון אונזערע אייראָפּעאישע חברים און פיהרער, וועלכע דרעהען זיך אַרום אָהן אַן עקאָנאָמישען באָדען. דער מזרחי מוז שאַפען נייע עקאָנאָמישע און אַגריקולטורעלע פּונקטען, וואָס זאָל זיי דערמעגליכען זיך איינצובירגערען אין דעם לאַנד און ציהען אַ שטיקעל חיונה. די לאַנד פון אַלע אונזערע האָפנונגען טאָר ניט זיין פאַר זיי חלילה קיין אַנטוישונג.

ד) מיר דאַרפען פאָדערען פון אונזערע אינסטאַנצען אין ארץ ישראל צו צוטרעטען באַלד צו דער אויפבויאונג פון „כפר הרצוג״, פאַר וועמען דער נאַציאָנאַל פאָנד האָט שוין באַשטימט דעם באָדען פון סביבות ירושלים. דאָס וועט דערמעגליכען צעהנדליגע רעליגיעזע אידישע משפחות זיך צו באַזעצען דאָרטען און בויען זייער צוקונפט.

ה) מען רעדט איצט אַזוי אָפט וועגען צוגרייטען חלוצים פאַר ארץ ישראל. מיט שטאָלץ קענען מיר אייך אינפאָרמירען, אַז אונזער „השומר הדתי״, די מוסטער אָרגאַניזאַציע פון יוגענטליכע מזרחי־חברים, איז גרייט צו שיקען באלד נאָך דער מלחמה די ערשטע 25 רעליגיעזע חלוצים צו בויען אונזער לאַנד אין אונזער גייסט — דער גייסט פון תורה און אמת׳ע אידישקייט.

ו) מיר באַגריסען מיט פרייד די גרינדונג פון דער „אַמעריקאַן ארץ ישראל קאָרפּאָריישאָן״, וועלכע, מיר האָפען, וועט ברענגען גרויסע נוצען פאַר דער עקאָנאָמישער און אינדוסטריעלער ענטוויקלונג צווישען די רעליגיעזע און אָר־טאָדאָקסישע אידען. דיזע קאָרפּאָריישאָן, וואָס איז געגרינדעט און געלייטעט פון מזרחי פיהרער אין דער לאַנד, פאַרדינט די מאַקסימאַלע אונטערשטיצונג מצד אַלע מזרחי חברים.

## ח.

מיר זיינען אָרגאַניזאַטאָריש פיעל געוואָקסען. די הכנסה פון מיטגלי־דערשאַפט האָט זיך אַ סך פאַרגרעסערט, נישט אין דער מאָס צו וועלכער מיר האָבען געציעלט, אָבער מיר שטעהן אויף דעם וועג פון וואוקס און אויפשטייג.

וועלען אונזערע חברים טיפער פארשטעהן די ארגאניזאציאנס־חשיבות וועט דער פראצעס פון וואקסען אנגעהן א סך שנעלער. עס מוז אויך הערשען מעהר דיסציפלין און א טיפערע באוואוסטזיניגקדט צו אונטערשיידען צווישען איין ארגאניזאציע און דער צווייטער. עס טאר נישט געדולדעט ווערען קיין הכנעה־פאליטיק אין אידעאלאגישע שיטות, און אוודאי טאר מען נישט אויף זיי מוותר זיין.

דער מזרחי איז היינט די גרעסטע־רעליגיעז־נאציאנאלע ארגאניזאציע אין אמעריקע און האט אויך אלע פאטענציעלע מעגליכקייטען גרעסער און ברייטער אויסצואוואקסען, אבער דאס צו דערגרייכען מוז ער מערער און מערער פארט־זעצען זיין ארבייט פאר חיזוק התורה והיהדות איבער׳ן לאנד.

דער מזרחי מוז מיט דעם גאנצען ברען און התלהבות זיך קאנצענטרירען אויף דריי יסודות׳דיגע פונקטען: תורה, חינוך, און שבת. די אידעע פון „טאג־שולען" אדער ישיבות קטנות, מוז ווערען דער צענטראל פונקט פון דעם מזרחי אפאראט. פונקט ווי עס איז אן ארגאניזאציאנס־חוב, פאר יעדע אגודה צו צאלען דעם יערליכען שטייער זאגסט ווערט זי ניט אנערקענט אלס א גרופע, אזוי מוז זיין א הייליגער חוב אויף יעדען חבר פון מזרחי צו באשעפטיגען זיך בכובד ראש גמור מיט דעם תורה׳דיגען חנוך פראבלעם. דאס זעלבע איז אויך בנוגע די ארבייט פון שמירת שבת. אויב דער מזרחי גיט אוועק אזוי פיעל צייט און ענערגיע פאר שמירת שבת אין ארץ ישראל, ווי גרויס דארף, אלזא, זיין די ארבייט דא אין לאנד וואו דער הייליגער שבת איז אזוי צעבראכען און חרוב? מיר האלטען דאך שוין ביי א מדריגה פון בטול שבת מערער ווי חלול שבת...

די אסימילאציע און די אומוויסענהייט ווערט וואס מער געפערליכער פאר דעם אמעריקאנער אידענטום. זיי דרינגען טיפער אריין אין אידישע הערצער, אידישע הייזער און אפילו אין די בתי מדרשים. דער איינפלוס פון ארטאדאקסישע אידען ווערט שוואכער און שוואכער, ווייל דער פלאם פון אי־דישקייט ווערט שטופענווייז אויסגעלאשען.

תורה, שבת און חינוך זיינען די ריכט ליניען אויף וועלכען דער מזרחי אין אמעריקע איז אלעמאל געגאנגען. די דאזיגע ליניע מוז פארטגעזעצט ווערען אויב מיר ווילען אנהאלטען א לעבעדיגען אידענטום, א תורת חיים פאר זיך, פאר אונזערע קינדער און פאר די וייטערדיגע דורות. און בכדי אנצופירען

אַן איינפלוסרייכע פאַרצווייגטע טעטיגקייט פאַר אַ געזונטען אידישען תורה לעבען דאָ אין לאַנד, איז אומבאַדינגט נויטיג אויפצובויען אַ ריזיגען אָרגאַ־ניזאַציאָנס־אַפּאַראַט.

מיט דרייסיג יאָהר צוריק זיינען מיר, אַ קליינע גרופּע פון איבער דרייסיג חברים, זיך צוזאַמענגעקומען ביי דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון מזרחי אין אַמעריקע. קליין זיינען מיר געווען אין צאָל אָבער גרויס איז געווען אונזער אמונה, אַז דער מזרחי געדאַנק וועט טיף און ברייט אַריינדרינגען אין אידישע מחות און אין אידישע הערצער. איצט ווען מיר שטייען ערב די פאַר־ווירקליכונג פון אונזערע פאָלקס־חלומות און נאַציאָנאַלע האָפנונגען דאַרף די דאָזיגע אמונה שטאַרקער פלאַקערען אין אונזערע הערצער און רופען צו מסירות־נפש'דיגע מעשים סיי אין גלות און סיי אין ארץ ישראל און פאַר ארץ־ישראל.

זאָל פון דעם כינוס אַרויסגעהן אַ פלאַמענדער וואָרט פון טרייסט, פון דער־מוטיגונג, פון שטאַרקונג צו אונזערע געפייניגטע ברידער אין אַלע גלות לענ־דער וועמענס צער איז אונזער צער און וועמענס ווייטאָג איז אונזער ווייטאָג.

און זאָל די פערזאַמלונג דינען אַלס אַן אינספּירירענדער קוואַל פון טיפע אמונה באלקי ישראל, עם ישראל וארץ ישראל.

# דער הערָאישער קאַמף פון ישוב

## א.

צוויי יאָהר זיינען פאַראיבער פון דעם לעצטען צוזאַמענפאהר. דאָס זיינען ניט געווען קיין געווערהנליכע יאָהרען, נאָר אַ גאַנצע תקופה. די מלחמה האָט אויפגעטרייסעלט די יסודות פון דער גאַנצער וועלט, אונז האָט עס געטראָפען מעהר פון אַלע פעלקער. פאַר דער וועלט האָט זיך די מלחמה פאַרענדיגט, פאַר אונז איז עס אַ המשך. די מלחמה ציהט זיך אויף פאַרשיידענע פראָנטען — אין איין לאַנד איז עס אַ מלחמה פון נויט און הונגער; אין אַ צווייטע — פון פינס־טערניש און רעאַקציע, אין אַ דריטע — פון גיפטיגען אַנטיסעמיטיזם; אָבער די שווערסטע מלחמה איז — דער געראַנגעל אין ארץ ישראל, וואו אונזערע שונאים באַמיען זיך מיט אַלערליי כוחות צוצעברעכען אַלע עקאָנאָמישע און גייסטיגע פּאָזיציעס, וואָס מיר האָבען אין משך פון 50 יאָהר מיט שוויס און בלוט אָוועקגעשטעלט. און אויב דער קאַמף וואָס מיר פיהרען אין אַלע לענ־דער פאַר דער אויפהאַלטונג פון אונזער עקזיסטענץ איז שווער און פיינליך, איז דער קאַמף אין ארץ ישראל דער שווערסטער און דער פיינליכסטער, ווייל דאָס ריהרט אָן אין דעם פינטעל פון אונזער אויג און אין דער סאַמער אידישער האַרץ.

אַלע צרות און ליידען וואָס די מלחמה האָט אויף אונז געבראַכט, די מיליאָ־נען אידישע קדושים וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם, און די טויזענדער און טויזענדער אידישע קהילות וואָס זיינען פאַרברענט און רואינירט געוואָרען — דאָס אַלעס וועט אַזוי שנעל ניט פאַרגעסען ווערען. צו טיעף איז די וואונד און צו שמערצליך איז דער אומגליק, אַז מיר זאָלען דערפון מסיח דעת זיין. מיר קענען ניט און מיר ווילען ניט פאַרגעסען וואָס די רשעים מכל המינים האָ־

רעדע ביי דער 27טער קאָנווענשאָן.
ט׳ חשון, תש״ז, אַטלאַנטיק סיטי.

בען געטאָן דעם אידישען פאָלק. אין אונזערע מחשבות און אין אונזערע הערצער וועט קיינמאָל ניט אויפהערען דער ברענענדיגער געשריי: „וינקום לעינינו נקמת דם עבדיו השפוך״. אָבער נאָך שטאַרקער אין אונזער צאָרען איצט זעהענדיג די רשעות פון דער זאַגענאַנטער דעמאָקראַטישער וועלט. די ברוטאַלע באַציהונג צו דעם אומגליקליכען שארית הפליטה, די אכזריות׳דיגקייט פון דער ענגלישער אַרבייטער רעגירונג צו די אידישע פליטים, און דעם בלוטיגען אַנגריף וועלכען זיי מאַכען אויף דעם אידישען ישוב — דיזער פאָלקס צאָרען וועט אַזוי שנעל ניט אויסגעלאָשען ווערען. פאַר דורות שפּעטער וועלען עלטערען איבערגעבען צו זייערע קינדער און קינדס־קינדער: געדענקט וואָס די אַרבייטער רעגירונג פון 1946 האָט געטאָן דעם אידישען פאָלק!

פיר (4) טראַגישע געשעהענישען האָבען פּאַסירט אין די לעצטע עטלעכע חדשים וועלכע וועלען פאַרבלייבען אַלס שוואַרצע דאַטעס אין דער געשיכטע פון ישוב:

1. דעם 25־טן מאַי האָט די ענגלישע אַרבייטער רעגירונג פּראָקלאַמירט דעם עבר הירדן אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה.

2. דעם 29־טן יוני האָט זיך אָנגעהויבען דער מיליטערישער פּאָגראָם אויף דעם ישוב, אַרעסטירט די פיהרער פון דער אַגענטור, מאַנכע פון זיי ברוטאַל באַהאַנדעלט און געשלאָגען, און צוזאַמען דערמיט האָבען זיך אויך אָנגעהויבען די פּאָגראָמישע צעשטערונג פון אידישע דערפער און קיבוצים.

3. דעם 26־טען יולי האָט די זעלבע רעגירונג פאַרעפענטליכט דעם גריידי־מאָריסאָן־פּלאַן, וואָס ציעלט צו דערשטיקען דעם ישוב אין אַ נייער געטאָ אין 15 פּראָצענט פון ארץ ישראל.

4. און דעם 2־טען אויגוסט האָט זיך אָנגעהויבען די לעצטע שוידערלעכע געשעהעניש, ווען פאַרוואָגעלטע אידישע פליטים זיינען ברוטאַל אָוועקגעריסען געוואָרען פון חיפה׳ער האַפן און זיי פאַרפירט אין אַ נייעם קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער — די „ציפּערען״ אינזלען.

אַ פראַנצויזישער דיפּלאָמאַט, אַ פריינד פון אידען, האָט פאַרגלייכט די דאָזיגע געשעהעניש וואָס די אַרבייטער ממשלה פירט דורך אין ארץ־ישראל צו אַ דראַמאַטישער פאָרשטעלונג...

„פון צייט צו צייט, זאָגט ער, בייטען זיך די קינסטלער אויף דער בינע. אַמאָל הייסען זיי באַלדווין, אַמאָל מעקדאָנאַלד־פּאַספילד, אַמאָל טשוירטשיל

און היינט אַטלי־בעווין. דער אינהאַלט פון דער פאַרשטעלונג איז אָבער אַלע מאָל דער זעלבער. די קינסטלער, וועל זיי זאָלען ניט זיין, דעקלאַמירען כסדר דעם זעלבען אינהאַלט וואָס דער סופליאָר פון קאָלאָניעל אָפיס זאָגט אַריין אין זייער מויל״.

די צוויי יאָר זיינען געווען די פינצליכסטע פאַר דעם אידישען פאָלק, פאַר ארץ־ישראל און פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג. מיר געפינען זיך אין אַ גורל׳דיגער תקופה. דער ציוניזם ווערט געדראָהט פון גרויסע סכנות. מיר זיינען אַרומגערינגעלט פון אינעווייניגסטע און דרויסענדיגסטע שונאים. מיר מוזען מאָביליזירען אַלע אונזערע רייען געגען די צעשטערענדע כוחות. עס טאָר ניט צוגעלאָזען ווערען קיין שום שפּאַלטונג און צעשפּליטערונג. דאָס איז דאָך בעצם וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט געזוכט אַריינצוברענגען צווישען אונז, רייבונגען און שפּאַלטונגען, צעטיילען דעם אידישען פאָלק אין צוויי מחנות: „מעסיגע ציוניסטען״ און „געוויסענלאָזע עקסטרעמיסטען״. דער אַרעסט פון די אַגענטור מיטגלידער איז געפּלאַנט געווען פון די ענגלישע סטראַטעגיקער צו צעבראָכען דעם אידישען פראָנט און אויפשטעלען אַ נייע קוויזלינג־פירערשאַפט, וואָס זאָל שפּילען אויף בעווינ׳ס סטרונעס. עס איז אין די לעבענס־אינטערעסען פונ׳ם וועלט אידענטום אַרויסצוצייגען אַ קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע פאַראַנטוואָרטונג צום ישוב דורך אַ פעסטע געשלאָסענע אייניגקייט. דאָס וועט שטאַרקען זייערע הענט אין דעם הערּאָישען קאַמף פאַר דער רעטונג פון שארית הפליטה און פאַר דער רעאַליזירונג פון דעם ציוניסטישען ענד־ציל.

## ב.

איך האָב געהאַט די פּריווילעגיע צו באַזוכען היינטיגס יאָר ארץ־ישראל צוויי מאָל. פאַראַיאָרען, נאָך דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ (ערשטען אויגוסט 1945), צוזאַמען מיט אַ גרופּע מזרחי חברים, און היינטיגס יאָר, נאָך דער פּאַריזער קאָנפערענץ (צווייטען אויגוסט 1946), איינער אַליין. פאַראַיאָרען האָבען מיר געטראָפען די לאַנד אין אַ רואיגען צושטאַנד. מיר זיינען אַלע איבערראַשט געווען פון דעם ריזיגען וואוקס און פּראָגרעס וואָס די לאַנד האָט געמאַכט דורך די שווערע מלחמה יאָרען. מיר האָבען זיך באַטייליגט ביי דער קאָנפערענץ פון דעם העכסטען מזרחי ראַט — דער ועד הראשי — צו וועלכער אונזער דעלעגאַציע האָט פיל בייגעטראָגען. דער דאַמאָלסטדיגער באַזוך האָט אונז פערזענלעך

זעהר פיל געגעבען. מיר האָבען זיך אָנגעשעפּט מיט דעם גייסט און מיט דער השפעה פון ארץ־ישראל. מיר האָבען אָבער אויך פון אונזער זייט עטוואָס ביי־געטראָגען צו דער באַוועגונג. מיר האָבען געהאָלפען אַריינברענגען גאַנצקייט און האַרמאָניע אין דער באַוועגונג, און אויף וויפיל מעגלעך — צו דערווייטערען די חילוקי־דעות, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט דורך אַזוי פיעל יאָהרען, צווישען דעם מרכז עולמי, הפועל המזרחי און דעם מרכז אַרצי. אונזער שליחות איז ביז אַ געוויסען גראַד געווען דערפאָלגרייך. היינט צו טאָג, ווען מען קומט קיין ארץ־ישראל געפינט מען אַ בעסערע פאַרשטענדעניס און אַ מעהר רעספּעקטירענ־דע באַציהונג צווישען די מזרחי צווייגען. עס איז פאַרשוואונדען יענע ביטער־קייט, וועלכע האָט וואָס ווייטער אָנגענומען אַן ערנסטע פאָרמע און האָט געקענט פירען צו אַ חורבן אין דער באַוועגונג.

נאָך דער פאַריזער קאָנפערענץ, מיט צוויי חדשים צוריק, האָב איך גע־מאַכט אַ צווייטען באַזוך אין אונזער לאַנד. דער איצטיגער פּאָליטישער מצב האָט מיך געצויגען צו געהן און צו זעהן מיט אייגענע אויגען ווי אַזוי דער ישוב פיהלט איך די שווערע טעג. פונקט ווי פאַראַיאָרען אין די טעג פון רואיגקייט, אַזוי אויך היינט אין די טעג פון אומרואיגקייט, האָב איך געפונען דעם ישוב אין אין אַ מוטיגען און דרייסטפולען גייסט, וועלכער דערוועקט באַוואונדערונג און איבערראַשונג. פאַרוואונדעט איז דאָס האַרץ פון ישוב פון די קוילען פון די פאַרשיידענע שונאים. אָבער ער טראָגט מיט שטאָלץ די יסורים, ניט פאַרצווייפעלט און ניט האָפנונגסלאָז, נאָר מיט אַ טיפע אמונה, אַז די ליידען און קרבנות זיינען אַ פאַרבייגעהענדיגער פּראָצעס און אַז די דעמאָקראַטישע וועלט וועט פריי־ער אָדער שפּעטער אַנערקענען די מוראדיגע עוולות, וואָס זי באַגעהט געגען דעם אידישען פאָלק.

ווען מען פרעגט ביי מיר: וואָס איז דער ליכטיגסטער פונקט וואָס מען טרעפט היינט צו טאָג אין ארץ ישראל? איז מיין תשובה: — דער אומבויגזאַ־מער גייסט פון מסירת־נפש און עקשנות, די גרייטקייט פון יעדען איינעם זיך מקריב צו זיין פאַר דער רעטונג פון מיליאָנען אידען און פאַר אַ זעלבסטשטענ־דיגער ארץ ישראל אַלס אַ אידישע מדינה, — דאָס איז דער ליכטיגסטער פונקט ניט נאָר אין דער געשיכטע פון אידען, נור אויך אין דער געשיכטע פון מענטש־לעכער באַפרייאונג. יעדער איד אין א״י צו וועלכען קלאַס אָדער ריכטונג ער זאָל ניט געהערען, איז באַזעעלט מיט אַ הייליגען פייער פון קאַמף און ווידער־

שטאַנד, און מיט אַ באַוואוסטזיניגער אחריות צו ארץ ישראל און צום כלל ישראל. די הויכע מידה פון אהבת ישראל און פון מסירת נפש פאַר דעם כלל ישראל האָט דאַרטען דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה. אין דעם ליגט דער כח און די קדושה פון ארץ ישראל. צוליב דעם האָבען מעגלעך זיך געלוינט די אַלע ברענענדיגע ליידען, וואָס אידען האָבען זיך אָנגעליטען אין די פאַרשיידענע גלות׳ן, בכדי אַז אידישע נשמות זאָלען זיך ריין אויסלייטערען און ביכולת זיין אַרויפצוקלעטערען צו דער ירושלים של מעלה...

און ווען מען פרעגט ביי מיר ווייטער: וואָס דאַרפען זיין אונזערע אויפגאַבען אין דעם איצטיגען שווערען מאָמענט? איז מיין תשובה — אונזער אויפגאַבע איז: אַרונטערצורייסען אויף דעם שאַרפסטען אופן די ענגלישע רעאַקציאָנערע כוחות, וועלכע ווענדען אָן אַלע טייפלעשע מעשים אונטערצוגראָבען די יסודות פון דעם אידישען ישוב. די אויסערלעכע וועלט מוז וויסען וועגען דער צביעות און רשעות פון דעם ענגלישען אַרבייטער רעזשים, וועלכער ווידערהאָלט די אַכזריות׳דיגע מעשים פון יאָר 1929. אַטלי און בעווין זיינען ממשיך די זעלבע פּאָליטישע ליניע פון מעקדאָנאַלד און פּאַספילד. קיינער האָט זיך ניט גע־קענט פאָרשטעלן, אַז אַן אַרבייטער רעגירונג וואָס רעדט אין נאָמען פון סאָציאַלן יושר און וועלט געזעכטיגקייט זאָל אַרונטערזינקען צו אַזאַ נידעריגען תהום פון טעראָר און ברוטאַליטעט. די דרויסענדיגע וועלט האָט לחלוטין ניט קיין שום באַגריף וועגען די מעשים תעתועים פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ ישראל.

ראַטשווען הונדערט טויזענט אידען — האָבען זיי ניט דערלויבט, און אַריינ־ברענגען 100 טויזענט סאָלדאַטען — האָבען זיי יאָ דערלויבט. די ענגלישע אַד־מיניסטראַציע האָט פאַרוואַנדעלט גאַנץ ארץ ישראל אין אַ מיליטערישער פעס־טונג מיט קאַזאַרמעס, קעמפּס, ביקסען און טאַנקען. זיי האָבען געגען דעם קליי־נעם ישוב אויפגעשטעלט אַ ריזיגען מיליטערישען פראָנט, פּונקט ווי מיר וואָלטען געווען דער מעכטיגסטער שונא אין דער וועלט. דיזער ברוטאַלער אַקט מוז אַרויסגעבראַכט ווערען פאַר דער עפענטלעכקייט. מען דאַרף דערצעהלען וועגען די שוידערלעכע הזיקות, וואָס זיי האָבען געמאַכט אין די פיעלע ישובים. איך האָב געזען די צעבראָכענע הייזער, די אויסגעריסענע ביימער און די פאַרשטאָפּ־טע ברונימס. איך האָב זיך אָנגעהערט פון די פירער פון די ישובים וועגען דער באַרבאַרישער באַציהונג פון די ענגלישע חיילות. ווי צעווילדעוועטע חיות זיינען

זיי באַפאַלען אידישע דערפער און אָוועקגערויבט שיך, קליידער, מעבעל, צירונג און אַנדערע הויז־זאַכען. אזא באַהאַנדלונג האָט מען געקענט דערוואַרטען נאָר פון היטלער׳ס באַנדעס און ניט פון דעמאָקראַטישע מענשען.

כ׳האָב באַזוכט „יגור״, „שדות ים״, „דורות״, און „רוחמה״. זיי האָבען זעהר פיל געליטען. מען איז משער אַז דער שאָדען גרייכט אין הונדערטער טויזענטער פונט. וואָס האָבען בעווין׳ס חיילות געזוכט? — געווער, כעמישע שטאָפען, און אומלעגאַלע עולים... — האָבען זיי געפינען? — ניט אַלץ וואָס זיי האָבען געוואָלט האָבען זיי געפונען. אין דעם ליגט אַ שטיק העלדישקייט פון היינטיגען ארץ ישראל...

קיינער האָט ניט געגלויבט, אַז ענגלאַנד איז ביכולת צו זיין אַזוי ברוטאַל. איז אויך פאַראַן אַ שטיק נחמה, וואָס קיינער האָט אויך ניט געגלויבט און ענגלאַנד אוודאי ניט — אַז אַזאַ קליינער ישוב וועט אַרויסווייזען אַזאַ מעכטיגען ווידערשטאַנד און איבערמענשלעכע גבורה. די ענגלישע רעגירונג באַמיט זיך מיט אַלערליי מיטלען, דורך דער פּרעסע און ראַדיאָ, צו פאַרשוואַרצען דעם נאָמען פון ישוב און שטעמפלען אַלעמען פאַר טעראָריסטען און גענגסטער. אָבער זאָל מען געדענקען, אַז דאָס זיינען ניט קיין אידישע טעראָריסטען, נאָר אידעאַליסטישע העלדען פון העכסטען סאָרט, וועלכע זיינען גרייט צו יעדער צייט מקריב צו זיין זייערע לעבענס פאַר דעם אידישען לאַנד.

די ענגלישע רעגירונג האָט פאַרשלאָסען די טירען פון ארץ ישראל פאַר די הונדערטער טויזענטער אידישע פּליטים. ווען ניט די דאָזיגע גזירות וואָלט מען דורך דער צייט פון דער מלחמה געוווען געקענט ראַטעווען הונדערטער טויזענטער אידען פון די נאַצישע הענט.

הונדערטער אידישע בחורים און מיידלעך זיינען פאַרשפּאַרט אין די תפיסות פון לאַטרון, עטלית און אַנדערע פינסטערע מקומות פאַר דער איינציגער „זינד״, ווייל זיי זיינען איבערגעגעבענע קינדער פון דעם אידישען פאָלק.

איבער זעקס טויזענט אידישע פּליטים, פאַרוואָגעלטע און צעבראָכענע מענשען, זיינען מיט געוואַלד אָוועקגעריסען געוואָרען פון דעם חיפה׳ער ברעג און פאַרפירט אין די ציפּערן אינזלען.

הונדערטער אידישע משפחות זיינען אַרויסגעוואָרפען געוואָרען פון די הייזער, קראָמען און פאַבריקען און האָבען עס רעקווירירט פאַר מיליטערישע צוועקען.

דאָס איז „דעמאָקראַטישקייט״ און „ליבעראַליזם״ פון דער היינטיגער ענגלישער רעגירונג.

און ווען דער ישוב צייגט אַרויס אַ מעכטיגען ווידערשטאַנד געגען די מעשים תעתועים, ווערט עס געשטעמפּעלט אַלס „טעראָר” און „גענגסטעריזם”.

געגען דער האַזיגער פאַרלוימדונג מוז מען מיט אַלע כוחות פּראָטעסטירען.

ניט מיר זיינען די טעראָריסטען און די געזעצבּרעכער, נאָר זיי, וועלכע האָבען געבראָכען דעם מאַנדאַט, פאַרשוועכט זייערע הבטחות און פאַרשפּאַרט די טירען פאַר די אידישע פּליטים. אויף זייערע קעפּ פאַלט די אַחריות פון די אומשולדיקע קרבנות, וואָס זיינען געפאַלען אָדער וועלכע וועלען, חלילה, פאַלען אין ארץ ישראל.

דאָס איז ניט קיין טעראָר, נאָר פאַרטיידיגונג! דאָס איז אַ המשך פון דער אַלטער אידישער גבורה, וועלכע די מכבייער און די בר כוכבא׳ס האָבען דעמאָנסטרירט אויף די בערג פון יהודה און גליל.

דער חורבן אין דעם אייראָפּעאישען עמק הבכא, צעברעכט אונז אויף שטיקער. אָבער די גבורה אין ארץ ישראל דערוועקט אין אונז נאַציאָנאַלען שטאָלץ און נאַציאָנאַלע גאוה.

דאָס זיינען די ליכטיגסטע זייטען פון ישוב וואָס דאַרפען וואַרים און האַרציג באַגריסט ווערען.

## ג.

אין דעם איצטיגען פאַרשאַרפטען קאַמף מיט דעם ענגלישען רעזשים וואָס זוכט מיט אַלע מיטלען צו ליקווידירען די נאַציאָנאַלע אידישע היים און אַריינצוברענגען צעשפּליטערונג אין די ציוניסטישע רייען מוזען מיר אָנציייכענען אַן ענדגילטיגע פּאָליטישע ליניע וואָס זאָל דינען אַלס אונזער וועגווייזער פאַר דער געגענוואַרט און פאַר דער צוקונפט. די ליניע איז: אַ גאַנצע ארץ ישראל מיט אַ פּאָליטישען סטאַטוס פון אַ אידישע מדינה. אַלע אַנדערע דרכים פון פּשרות און קאָמפּראָמיסען זיינען געפערלעך פאַר דעם ישוב. ארץ ישראל איז ניט קיין ענין פון לוקסוס פאַר יחידים אָדער גרופּען, נאָר אַ לעבענסנויטווענדיגקייט פאַר דער אידישער אומה. מיר זוכען אַ תרופה פאַר דער נאַציאָנאַלער היימלאָזיגקייט. עס איז ניט קיין קאַמף פאַר דעם ישוב אַליין נאָר פאַר די הונדערטער טויזענטער אידען, וואָס רייסען זיך נאָך אַ מקום מנוחה.

לאָמיר זיך ניט לאָזען מעהר פאַרפירען פון פאַלשע אילוזיעס. די וועלכע טראָגען זיך אַרום מיט אַ מחשבה, אַז דאָס אידישע פּראָבלעם קען געלייזט

ווערען אין די גלות לענדער, מאַכען אַ גרינטליכען טעות. ניטאָ קיין לאַנד אויף דעם גאַנצען ערד קוגעל, וואָס זאָל זיך פאַראינטערעסירען מיט דעם אי־דישען גורל און עס איז ניטאָ קיין איינציגע דעמאָקראַטישע לאַנד וואָס זאָל גרייט זיין צו עפענען די טירען און אַריינגעמען די היימלאָזע אידישע מאַסען. ווער האָט עס געגלויבט, אַז נאָך דער מלחמה וועלען זיך געפינען טויבע אויערען צו די אידישע וועה־געשרייען? און ווער האָט עס געקענט גלויבען, אַז נאָך דער מלחמה וועלען מיר דאַרפען פירען אַ קאַמף מיט אַ דעמאָקראַטישע מלוכה ווי ענגלאַנד צו וועמען מיר האָבען בשעת דער מלחמה אַרויסגעוויזען אַזוי פיעל איבערגעגעבענהייט און איינגעשפּאַנט אַלע קרעפטען פון ישוב פאַר דעם נצחון געגען נאַציזם און פאַשיזם. איצט קריגען מיר באַצאָלט פון דער זעלבער „דע־מאָקראַטישער״ מלוכה דורך איר אַנגריף אויף דעם גוף און אויף די נשמה פון דעם אידישען פאָלק.

מיר זוכען ניט קיין מלחמות אין ארץ ישראל. מיר לעכצען נאָך שלום און מנוחה. די הונדערטער טויזענטער פליטים בענקען נאָך אַ היים וואו זיי זאָלען קענען פריי אָפּאָטעמען נאָך אַזוי פיעל יאָרען פון עינויים קשים און מורא׳דיגע יסורים. אַ נייע היים מיינט אָבער ניט צו שאַפען אַ געטאָ אין 15 פּראָצענט פון ארץ ישראל אָדער אַפילו אין אַ גרעסערע חלוקה וואו מען וועט אונז צוזאַמענפּאַקען נאָך עטלעכע שטחים לאַנד. אַ נייע היים מיינט די עטאַבלי־רונג פון אַ אידישע מדינה אין אַ גאַנצער ארץ ישראל וואו מיליאָנען אידען זאָ־לען קענען לעבען פריי לויט זייער אייגענעם גייסט, אייגענע טראַדיציעס און אייגענע לעבענס פאָרמען.

אָט פון דעם שטאַנדפּונקט, איז פאַר מיר איצט קלאָר, אַז עס איז געווען אַ פאַטאַלער טעות וואָס מען האָט ווידער אַרויפגעבראַכט דעם ענין פון חלוקה. לויט די לעצטע אַנטוויקלונגען אין לאָנדאָן, איז דער ענין פון חלוקה אַ טויטער בוכשטאַב. די ענגלישע רעגירונג, ווי עס ווייזט זיך אַרויס פון די אומאָפּי־ציעלע פאַרהאַנדלונגען, וויל ניט צולאָזען אַז אידען זאָלען האָבען אַן אייגענע מדינה אַפילו אין אַ קליינעם טייל פון ארץ ישראל, אָבער דאָס קאַפּיטעל איז נאָך ניט קיין געשלאָסענער. מעגלעך, אַז דאָס פּראָבלעם וועט זיין דער צענ־טער פון די דיסקוסיעס ביים קומענדיגען ציוניסטישען קאָנגרעס. איך וויל דעריבער קלאָר מאַכען אונזער שטאַנדפּונקט. איך וויל ניט אַריינגעהן אין די פּרטים פון דער פאַריזער קאָנפערענץ און אַנאַליזירען די סיבות, די צייכענס און שאָטענס אונטער וועלכע זי איז געשטאַנען. דאָס איז אַ זאַך פון געשיכטע.

איך וויל בלויז צוליב קלאָרקייט פעסטשטעלן די מיינונג וועלכע איך האָב אויסגעדריקט — און די זעלבע מיינונג איז אויך באַטאַנט געוואָרען פון די אַנדערע פאַרטרעטער פון מזרחי — סיי אין פּאַריז און סיי אין ירושלים, ווען מיר איז אויסגעקומען צו רעדען וועגען דעם ענין פון חלוקה:

„מיר זיינען היינט פונקט ווי מיט צעהן יאָר צוריק, די זעלבע פּרינצי־פּיעלע געגנער פון חלוקה. ארץ ישראל איז אינגאַנצען אונזערע, לויט די געט־ליכע הבטחות פון אונזער תורה. אויף דעם קענען מיר קיינמאָל ניט מוותר זיין, פונקט ווי מיר קענען ניט מוותר זיין אויף אַנדערע מצוות פון דער תורה. די היינטיגע צייט איז אָבער אַ שעת חירום פאַר׳ן אידישען פאָלק און אַ שעת גזירה פאַר ארץ ישראל. די ענגלישע רעגירונג געוועלטיגט ניט מיט דעם רעכט פון מאַנדאַט, נאָר מיט ברוטאַלען כח און געוואַלדטאַטען. אין אַ צייט פון גזירה מוזען מיר זיך בויגען. אָבער דאָס איז בלויז צייטווייליג. פּאָליטישע קאָניוקטורען בייטען זיך. די הערשאַפט פון ברוטאַליטעט וועט לאַנג ניט גע־דויערען. דאַן וועלען מיר צוריק באַנייען דעם קאַמף צו דעראָבערען די אַלע טיילען פון ארץ ישראל, וואָס מען האָט פון אונז אַוועקגעגזל׳ט.״

דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט אַז מיר זיינען געצוואונגען מסכים צו זיין צו חלוקה בלויז אין פאַל פון גזירות איז ניט געבוירען געוואָרען אין פּאַריז. די מזרחי פירערשאַפט, אַמוויייניגסטען מיר דאָ אין אַמעריקע, פלעגען דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט באַטאָנען אין די עפענטלעכע אַרויסטרעטונגען זינט דעם חלוקה־קאָנגרעס אין 1937 ביז צום היינטיגען טאָג.

וואָס פאַרשטעהען מיר אונטער דעם וואָרט גזירה? — הילפלאָזיגקייט, מאַכטלאָזיגקייט, שוצלאָזיגקייט, שוואַכקייט, און אוממעגלעכקייט זיך אַנטגעגען צו שטעלען דעם שונא. קומענדיג קיין ארץ ישראל און זעהענדיג פאַר זיך די העל־דישקייט און געוואַגטקייט פון דעם ישוב, איז דער פּחד פאַר גזירות פון מיר אַוועק. אין די עטלעכע וואָכען, וואָס איך האָב דאָרט פאַרוויילט בין איך געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע פירער און אָרגאַנען פון ישוב, וועלכע האָבען מיר געזאָגט:

„אין גלות האָבען מיר זיך געשראָקען פאַר גזירות: אין א״י וועלען מיר די גזירות באַקעמפען. אַלע גזירות וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט גוזר געווען אויף אונז האָבען מיר צעבראָכען. זיי האָבען פאַרשלאָ־סען די טירען פון ארץ ישראל, און מיר האָבען אַריינגעבראַכט טויזענ־

טער און טויזענטער אידען; זיי האָבען גוזר געווען אויף לאַנד קויף אין ארץ ישראל, און מיר האָבען געקויפט טויזענטער און טויזענטער שטחים לאַנד, אַפילו אין פאַרבאָטענע מקומות. זיי באַקעמפען מיט אַלע רשעות׳דיגע מיטלען די אומלעגאַלע עליה, און מיר ברענגען אַריין און וועלען ווייטער אַריינברענגען טויזענטער און טויזענטער אידען. אין א״י מוז פאַרשווינדן דער פחד פון גזירה.״

מען זוכט אַרויפצוואַרפען אויף דעם אַמעריקאַנער אידענטום אַ פסיכאָלאָגישען פחד, אַז דער ישוב איז מאָראַליש צעבראָכען. דאָס איז, לחלוטין, ניט אמת. דער מצב היינט איז אַ סך בעסער טראָץ אַלע שטערונגען מצד דער רעגירונג. מאָראַליש, גייסטיג און פסיכאָלאָגיש איז דער ישוב געשטאַרקט.

די געוואַגטקייט פון אידישע יונגעלייט אַרויפצוגעהן אויף דעם נגב וואו די ענגלישע סאָלדאַטען האָבען אויפגעשטעלט אַ רייע פון מיליטערישע פעסטונגען און געלייגט דעם יסוד פון נייע נקודות און ישובים איז אַ באַווייז, אויף וויפיל דער ישוב איז מאָראַליש פעסט און צעמענטירט.

און דער פאַקט, אַז עד היום ציט זיך אַ שטראָם פון מעפילים — פון אומלעגאַלער עליה — טראָץ די רשעות פון בעווינ׳ס שליחים איז אַ צווייטער באַווייז אויף וויפיל דער ישוב איז אַנטשלאָסען אין זיין קאַמף צו צעברעכען די ברוטאַלע גזירות אויף אידישער עליה.

און ווען כ׳האָב געפרעגט ביי אַ גרויסע רבנישע פערזענלעכקייט וואָס ער דענקט וועגען די מעפילים? וועגען דער הגנה? און וועלען זיי מצליח זיין?

האָט ער געענטפערט:

„די תורה זאָגט: ויעפילו לעלות אל ראש ההר... הננו ועלינו אל המקום... ויאמר משה: למה זה אתם עוברים את פי ד׳ — והיא לא תצלח.

והיא לא תצלח — נאָר דעם מאָל וועט איר ניט מצליח זיין, אָבער אין די שפּעטערדיגע דורות וועט איר יאָ מצליח זיין״...

דאָס איז דער גייסט וואָס שפירט זיך אין ישוב. מעפילים, עולים, לוחמים אָהן שום פחד פון גזירות...

שטיצענדיג זיך אויף דעם יסוד בין איך היינט דער זעלבער קעמפער און פאַרטיידיגער פון אַ גאַנצער ארץ־ישראל פונקט ווי כ׳בין געווען איידער כ׳בין געפאָרען צו דער פאַריזער קאָנפערענץ. דער רוב פון ישוב אין ארץ־ישראל

און צווישען זיי אויך דער רוב פון מזרחי, און הפועל המזרחי שטעהט אויף דעם זעלבען שטאַנדפונקט.

אונזער מיינונג איז דעריבער, אַז מיר זאָלען ווידער אַמאָל ראַטיפי־צירען אונזער אַלטע פאָדערונג פאַר אַ גאַנצע ארץ ישראל אָהן וויתורים און אָהן פשרות, ווייל אין דער גאַנצקייט פון ארץ ישראל הענגט אויך אָפּ די גאַנצקייט און די צוקונפט פון אידישען פאָלק.

ד.

און פונקט ווי מיר דאַרפען אָפּהיטען די גאַנצקייט פון ארץ ישראל אַזוי דאַרפען מיר אויך אָפּהיטען די גאַנצקייט און איינציגקייט פון דער מזרחי באַוועגונג. די מזרחי באַוועגונג, וועלכע נעמט אַרום אַלע צווייגען: דער אַלגעמיינער מזרחי, הפועל המזרחי, מזרחי פרויען, און די מזרחי יו־גענט, — שפּילט אַן אַנגעזעהענע ראָלע אין דעם לעבען פון ארץ ישראל. ווען מען האָט ביי אַ גרויסען רעליגיעזען פירער געפרעגט: „אין וואָס באַשטעהט די אַרבעט פון מזרחי אין ארץ־ישראל?" — האָט ער געענטפערט: „פרעגט בעסער ווי וואָלט ארץ־ישראל אויסגעזעהן ווען דער מזרחי וואָלט דאָרט ניט גע־אַרבעט?" אָט דעם פאַקט קען קיינער ניט אָפּשטרייטען. די אַרבעט פון מזרחי און הפועל המזרחי שפירט מען אומעטום אין אַלע פאַזען פון ישוב. דער ברייט פאַרצווייגטער מזרחי שול־סיסטעם, די וואונדערבאַרע קאָלאָניזאַציאָנס ישובים פון הפועל המזרחי און די מוסטערהאַפטע קינדער־היימען פון די מזרחי פרויען, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע רעליגיעזע קולטורעלע אַקטיוויטעטען, האָט געשאַפען כבוד ניט נאָר דעם מזרחי נאָר דעם אַלגעמיינעם ישוב. דאָס איז אַ לעבעדיגער עדות, אַז דאָס רעליגיעזע אידענטום איז אַ פּרוכטבאַרער שאַפענדער כח. די אַלע קאָנסטרוקטיווע מעשים האָבען אויך אַ גרויסע פּאָליטישע באַדייטונג, ווייל דער־מיט ווערען אָפּגעשלאָגען די טענות פון אונזערע שונאים, אַז דער ציוניזם איז אַן אַנטי־רעליגיעזע באַוועגונג.

דער מזרחי אין ארץ־ישראל שטעלט מיט זיך פאַר אַ טיף־פאַרוואָרצעלטען בוים מיט אויסגעשפּרייטע צווייגען וואָס זיינען אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסען און לחלוטין אומטיילבאַר. קיין צווייג קען זיך ניט באַריהמען, אַז דאָס האָבען זיי אַליין געשאַפען און אַז די אַנדערע צווייגען האָבען אין דעם קיין חלק ניט. קיין פאַראַנטוואָרטליכער פירער פון הפועל המזרחי אין ארץ־ישראל וועט ניט וואַ־

געגן צו דערקלערען אַז די בליענדע ישובים וואָס זיי האָבען אויפגעשטעלט אין אַלע טיילען פון לאַנד, וועלכע זיינען באמת דער גרעסטער קידוש־השם און קידוש האומה, איז בלויז זייער שאַפונג און אַז דער אַלגעמיינער מזרחי האָט דערמיט קיין שייכות ניט. אַזאַ באַרימעריי וואָלט מען אין די קרייזען פון הפועל המזרחי באַצייכענט אַלס אַן אַבסורד. ווען ניט די שטענדיגע קאָאָפּעראַציע און מיטווירקונג פון מזרחי, סיי אין מאָראַלישען און סיי אין פינאַנציעלען זין, וואָלט דער הפועל המזרחי קיינמאָל ניט געקענט דערגרייכען צו דעם וואָס ער האָט דערגרייכט. פונקט דאָסזעלבע איז בנוגע די מזרחי דערגרייכונגען אין לאַנד. אַלצדינג וואָס דער אַלגעמיינער מזרחי האָט דערגרייכט — און זעהר פיעל דערגרייכט אויף דעם געביט פון חינוך, שמירת שבת, רעליגיעזע קהלות, רבנות הראשית, און אַנדערע רעליגיעז־קולטורעלע ענינים וואָלט לחלוטין ניט מעגלעך געוועזען אָהן דער שטענדיגער באַטייליגונג פון הפועל המזרחי. אין דעם אָרגאַניזם פון אַ פאָלק פונקט ווי אין דעם אָרגאַניזם פון אַ יחיד, איז שווער פעסטצושטעלען וועלכע פאַקטאָרען זיינען מעהר וויכטיג די גייסטיג־קולטורעלע צי די קערפּערלעך־מאַטעריעלע. דאָס זעלבע איז אויך לגבי אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען. לאָמיר אָפּהיטען ווי דאָס אויג אין קאָפּ די גאַנצקייט פון אונזער באַוועגונג וועלכע מיר אַלע האָבען מיט אַזוי פיל שווייס און מאַרך געשאַפען. לאָמער זיך היטען פון אַריינברענגען דיסאַנאַנסען, וועלכע קענען מעגליך פיהרען פריער צו אַ פּסיכאָלאָגישען און שפּעטער צו אַ רעאַלען קריזיס.

ווען אונזער דעלעגאַציע האָט פאַראַיאָהרען פאַרבראַכט אין ארץ ישראל, האָבען מיר אָנגעהויבען אַרבייטען אין דער ריכטונג — צו שאַפען אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבייט פון אַלע צווייגען אין דער באַוועגונג. מיט פרייד קען איך קאָנסטאַטירען, אַז אונזער באַמיהונג האָט געבראַכט די געוואונטשטע רעזולטאַטען. עס איז קיינמאָל ניט געווען אין אונזער באַוועגונג אין ארץ ישראל אַזאַ געגענזייטיגע קאָאָפּעראַציע און חבר׳שע באַציהונג ווי עס עקזיסטירט היינט.

ביי דער פאַראַיאָהריגער קאָנפערענץ אין ירושלים האָט אונזער דעלעגאַציע געוואָרענט געגען אַ מעגליכער סכנה וואָס קאָן דראָהען איבער די מזרחי ישובים אין לאַנד. דיזע וואָרנונג איז באַזירט געווען אויף אַ גענויעם שטודיום, וואָס מיר האָבען געמאַכט באַזוכענדיג די ישובים. דער גרעסטער טייל פון זיי איז פאַרזונקען אין גרויסע עקאָנאָמישע חובות און מיט דער צוריקקערונג צו נאָרמאַלע צייטען וועלען זיך מעגלעך אָנרוקען עקאָנאָמישע קריזיסען, וואָס קענען חלילה פירען צו אַ שרעקליכען צוזאַמענברוך. די אַנדערע ישובים ליידען אויך

דערפון, אָבער קודם כל זיינען זיי עקאָנאָמיש מעהר פאַרפונדעוועט ווי אונזערע. און צוויטענס, זיי האָבען אונטער זיך אַ ריזיגען פינאַנציעלען אַפּאַראַט, וועלכער וועט קומען צו זייער הילף אין אַ פאַל פון עקאָנאָמישען קריזיס. די פראַגע וואָס מיר האָבען געשטעלט איז: ווער וועט זאָרגען פאַר די מזרחי און הפועל המזרחי ישובים?

מיר האָבען דעמאָלט פאָרגעשלאָגען, אַז די מזרחי באַוועגונג זאָל אָנהויבען טראַכטען וועגען דער ערנסטער פּראָבלעם און זוכען פאַרשיידענע מיטלען צו פאַרהיטען דעם קריזיס. עס וועט זיכער פרייען דער קאָנווענשאָן צו הערען, אַז אונזער אַדמיניסטראַציע האָט ניט נאָר געטראַכט וועגען פּלענער, נאָר אויך געטאָן בפועל ממש. מיר האָבען געשאַפען די ערשטע הלוואה פון הונדערט טויזענט דאָלאַר. מיר באַמיהען זיך אויך צו קריגען נאָך אַ גרעסערע סומע פון קרוב צו צוויי הונדערט טויזענט דאָלאַר, וועלכע וועט גענוצט ווערען פאַר אַזאַ פאָנד — צו פאַרלייכטערען דורך הלוואות דעם פינאַנציעלען יאָך פון די מזרחי ישובים אין ארץ ישראל.

מיט גרויס צער מוז איך באַריכטען, אַז דער גרעסטער טייל פון אונזערע דערפער אין ארץ ישראל האָבען ניט קיין אייגענע שוהל צום דאַווענען, אַ חוץ „כפר הרואה" און „כפר חסידים". ווען מיר האָבען באַזוכט „כפר עציון", „משו־אות יצחק", „שדה יעקב", „טירת צבי", „יבנה" און די אַנדערע, האָבען זיי ממש מיט טרערען אין די אויגען זיך געבעטען: „בויט פאַר אונז אַ שוהל צום דאַווענען, צום לערנען, און אויב איהר ווילט, — אויך צום באַשיצען. ווייל אונזערע אַ שוהל איז געבויט פאַר דריי צוועקען: לדורון, לתפלה, ולמלחמה..."

דער מזרחי חינוך סיסטעם האָט זיך דערוואָרבען אַ באַזונדער בכבוד׳יגען פּלאַץ אין דעם גייסטיגען לעבען פון ארץ ישראל, ווייל זיי האָבען ווירקליך גע־ראַטעוועט די אידישע יוגענט פון אַנטי רעליגיעזער השפעה. אָבער מיט דעם וואוקס פון ישוב איז אויך געקומען אַ פאָדערונג צו פאַרגרעסערען און פאַרטי־פערען דעם איכות פון מזרחי חינוך. אַזוי אַרום זיינען געשאַפען געוואָרען עטלעכע ישיבות: „ישיבת הישוב החדש" של המזרחי בתל־אביב", „ישיבת בני עקיבא" אין „כפר הרואה", די ישיבה „תורה ומלאכה" ביי פתח תקוה, די „מדרשיה" פון דער מזרחי יוגענט אין „פרדס חנה". לעצטענס איז מען צוגעטראָטען צו בויען דעם „כרם דיבנה", וואָס וועט, האָפענטליך, אַנטוויקעלט ווערען אַלס דער העכסטער מוסד פון תורה און חכמת ישראל, ווי עס פּאַסט פאַר דעם היסטאָרישען „כרם דיבנה".

אין גיכען וועט אויך דערשיינען אַ פּראַקטפולע קולטורעלע ווערק — די „תלמודישע ענציקלאָפּעדיע״, אונטער דער רעדאַקציע פון הרב ברלין, וואָס וועט, בלי ספק, זיין איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען אויף דעם תלמודישען געביט. נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט אונטער וועלכע פיזישע באַדינגונגען הרב ברלין אַרבייט, דאַרף מען אים ווירקליך באַגריסען פאַר זיין גרויסען שעפערי־שען אונטערנעמונגס גייסט.

דאָס איז בלויז אַ קליינער טייל פון די מזרחי שאַפונגען אין די לעצטע עט־לעכע יאָר, וועלכע זיינען סימבאָליש אויף די קאָלאָסאַלע כוחות, ווי אויך אויף דער גרויסער ראָלע, וואָס די מזרחי באַוועגונג שפּילט אין דעם ארץ ישראל׳דיגען לעבען.

## ה.

אין וועלכער ריכטונג זאָל אונזער אַרבייט געצילט זיין אין דער לאַנד ? — די דאָזיגע פראַגע שטעהט כסדר אין דעם צענטער פון אונזערע מחשבות. לויט די ספערען פון טעטיגקייטען האָט אונזער אָרגאַניזאַציע געדאַרפט און געקענט זיין אַ סך גרעסער און ברייטער. אפשר האָבען מיר גענומען אויף זיך צופיל, אָבער וואָס קענען מיר טאָן ? — מרובים צרכי עמך. די דרינגענדע פּאָליטישע אַרבייט נעמט אַוועק זעהר פיעל צייט און ענערגיע, אַ חוץ דעם האָבען מיר אויך געמוזט זיך קאָנצענטרירען אויף אַנדערע געביטען ווי דער „ועד ההצלה״, „מח־לקת החרדים״, „יונייטעד פּאָלעסטיין אַפּיעל״, „אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ״ און אחרון אחרון — דער „ועד החינוך החרדי ע״י המזרחי״ וועגען וועמען איך וועט באַזונדער הערען. אין דעם קנויל פון אַזוי פיל טעטיגקייטען ווערט דער עיקר אַרבייט פון אָרגאַניזאַציע פאַרנאַכלעסיגט. איינע פון די הויפּט־חסרונות פון דער אָרטאָדאָקסיע, וואָס מיר ווייסען ניט ווי אָפּצושאַצען ווי געהעריג די חשיבות פון אָרגאַניזירטע כוחות. אַ צדקה אָדער רחמנות־אינסטיטוציע ווערט מעהר פאַרשטאַנען ווי אַן אָרגאַניזאַציע פאַר פּאָליטישע אָדער קולטורעלע צוועק־קען. מיר זאָרגען צופיל פאַר קלענערע ענינים און פאַרנאַכלעסיגען מערערע מאָל דאָס וויכטיגסטע. דער פּראָבלעם פון אַ פיעל גרעסערע מיטגלידערשאַפט דאַרף ערנסט באַהאַנדלט ווערען ביי דער קאָנפערענץ.

דער ועד החינוך החרדי, דער ועד לתשמישי קדושה פאַר אייראָפּע, דער מזרחי־„הכשרה״ און דער יוגענד דעפּאַרטמענט האָבען פאַרנומען אַ גרויסען טייל

פון אונזער אויפמערקזאַמקייט. דער ועד החינוך החרדי איז אַ גרויסע גייסטיגע דערגרייכונג, וועלכע וועט מיט דער צייט ווערען אַ דאָמינירענדער פאַקטאָר אין דער רעליגיעזער נאַציאָנאַלער דערציהונג אין לאַנד. יעדע ישיבה קטנה איז אַ נייער ציגעל צו דעם אַלטען בנין, וואָס רופט זיך דאָס געפאַנצערטע אָרטאָדאָקסי־שע אידענטום.

די מוסדות פון תורה איבער דער גאָרער וועלט זיינען חרוב געוואָרען, און מיר מוזען אויפשטעלען נייע מקומות של תורה, וועלכע זאָלען ווייטער דינען אַלס דער אַוואַנגאַרד פאַר דעם אידישען פאָלק.

די ערנסטקייט פון דער שעה פאָדערט, אַז מיר זאָלען זיך דערהויבען צו גרעסערע און העכערע מעשים פאַר הרמת קרן התורה, פאַר הצלת עם ישראל און פאַר בנין ארץ ישראל אונטער אַלע אומשטענדען און אונטער אַלע באַדינ־גונגען.

אין דעם גייסט ברענג איך אייך אַ דערמוטיגטע באַגריסונג אין נאָמען פון אונזערע אייגענע חברים, וועלכע שטעהען אויף די בערג פון חברון און יהודה, פון גלעד און גליל — די בערג וועלכע זיינען דער סימבאָל פון אידישער אייביגקייט. פון „ביריה" ביז „כפר עציון" הערען זיך די אַלטע נביאישע רייד: „כי בשמחה תצאו ובשלום תובלון, ההרים והגבעות יפצחו לפניכם רנה וכל עצי השדה ימחאו כף... שמרו משפט ועשו צדקה, כי קרובה ישועתי לבוא וצדקתי להגלות!..."

# דער מהות פון מזרחי אידעאָלאָגיע

די מזרחי באַוועגונג אין אַמעריקע האָט אין דעם האַלבען יובל פון איהר עקזיסטענץ דורכגעמאַכט פילע ירידות און עליות. פון איהר הויפט ליניע איז זי אָבער אַ האָר נישט אָפּגעטראָטען. די שעפּפער און טרעגער פון דער באַוועגונג האָבען ווי געטרייע וועכטער געהיט איהר גורל און באַשיצט איהר אין אַלע קאַטאַסטראָפאַלע צייטען. אויך איצט, פונקט ווי מיט פינף און צוואַנציק יאָהר צוריק, שטעהט דער מזרחי פאַר דעם זעלבען פּראָבלעם: צו פאַרטיפען דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק אין דעם גייסט פון תורה אין ברייטסטען זין. איצטער איז דער פּראָבלעם אַ סך ערענסטער, ווייל דער ציוניזם איז מעהר ניט קיין אַבסטראַקטע אידעע. ארץ־ישראל איז געוואָרען אַקטועל, אַ ווירקליכקייט. וואָס גרעסער די סטרוקטור פון אונזער נאַציאָנאַלער היים האַלט אין וואַקסען און אויסברייטערען זיך, אַלץ בולט׳דיגער און שאַרפער ווייזט זיך אַרויס ווי נויטיג ס׳איז די השפעה פון מזרחי, און ווי דאָפּעלט נויטיג ס׳איז אַז דער מזרחי זאָל פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ בויענדען רעאַלען כח אויף אַלע צווייגען פון דעם געשאַפענעם ישוב.

דער מזרחי אין אַמעריקע, אַלס אַן אינטעגראַלער טייל פון דער אַלוועלטליכער באַוועגונג, האָט אין די אַלע יאָהרען אָנגעפירט אַ העפטיגען קאַמף געגען דער פאַלשער טענדענץ פון צעשפּאַלטען און צערייסען דעם אידישען קערפּער אויף פאַרשיעדענע טיילען. דער מזרחי קען באַין אופן ניט צולאָזען צו דואַליזם אָדער פּירוד צווישען דעם רעליגיעזען טייל און דעם נאַציאָנאַלען טייל. זיי געהען ביידע פּאַראַלעל. אידענטום, לויט דעם מזרחי שטאַנדפּונקט, איז אַן אוממיטעלבאַרער סובסטאַנץ. עס איז נישטאָ קיין נאַציאָנאַליזם אָהן רעליגיע פּונקט ווי עס איז נישטאָ קיין רעליגיע אָהן נאַציאָנאַליזם. די וואָס ווילען מאַכען אַ ריס

---

קובץ היובל של המזרחי, תרצ״ו.

אין דער אידישער נשמה שטעלען אין סכנה דעם קיום פון דער אידישער אומה. פאַר דעם עיקר האָט דער מזרחי געקעמפט אין גלות ווי אין ארץ ישראל, און ווען דעם קאַמף נישט אויפגעבען ביז דער דאָזיגער פרינציפּ וועט אַנערקענט ווערען אין זיין סאַמער גאַנצקייט. אַ קאָנגרעס רעזאָלוציע וועגען שמירת־שבת אָדער כשרות האָט נאָך נישט געלייזט אָדער פאַרענטפערט די צילען פון מזרחי. אַזעלכע רעזאָלוציעס, אויב זיי ווערען נאָר דורכגעפיהרט ווערען, זיינען געוויס אַ דערפרעהענדע דערשיינונג, ווייל שבת און כשרות זיינען דאָך עיקרים אין אידענטום. דער מזרחי האָט אָבער מיט דעם זיין אַרבייט נישט פאַרענדיגט. אונזער הויפּט שטרעבונג איז, אויסצורייסען די אַלע וואָרצלען וואָס האָבען גורם געווען צו דער געפעהרליכער גייסטיגער מחלה. וואָס שנעלער מיר וועלען פעסטשטעלען די אמת'ע סיבות פון דער קראַנקהייט און וואָס שנעלער מיר וועלען זיך באַנוצען מיט דער אמת'ער תרופה, אַלץ שנעלער וועט דער אידישער לעבען צוריק ער־ווערבען זיין אַמאָליגען גייסטיגען פרצוף פנים, און דער מזרחי וועט דאַן האָבען ערפילט זיין היסטאָרישע שליחות.

***

לאָמיר אָנרופען די קראַנקהייט מיט דעם ריכטיגען נאָמען. אַ ראַציאָנאַלער אידענטום וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם לבוש פון געטליכער קדושה, מעג עס זיך אפילו פאַררופען מיט דעם נאָמען נאַציאָנאַליזם איז עס אין זיין מהות אַ שפינאָזע־אידענטום. די אמת'ע אויסטייטשונג מיינט: אסימילאַציע, רע־פאָרם, רעליגיעזע כפירה און הריסת הדת אין עקסטרעמען זין. דער פאַקט בלייבט אומבאַשטרייטבאַר, אַז קיינער האָט ניט געוואָגט אַזוי אַרונטערצערייסען און צו ברעכען קדושת היהדות, קדושת הנביאים און קדושת התורה ווי שפינאָזאַ האָט עס געטאָן. אויב די אַסימילאַנטען מכל המינים האָבען זיך דערלויבט צו מאַכען חורבנות אין דעם כרם ישראל און וואולגאַריש געטראָטען אויף אַלע רע־ליגיעזע היילינגטימער, איז דאָס געקומען בלויז דורך זיין השפעה. אַלע אַנטי־רע־ליגיעזע שטרעמונגען און ריכטונגען וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען אין דעם לעצטען יאָהרהונדערט האָבען געטראָגען אויף זיך, דירעקט און אומדירעקט, דעם שפינאָזאַ־שטעמפּעל.

מערקווירדיג איז אויך די ערשיינונג, דאָס די קאָמפּליצירטע פילאָזאָפישע וועלט־אַנשויאונג פון דעם דאָזיגען שטרענגען ראַציאָנאַלען דענקער, באַגרינדער פון דער פאַנטעאיסטישער שיטה, אַנטהאַלט אין זיך פילע סתירות אויף וועלכע עס איז אוממעגליך צו געפינען אַ תשובה. פון איין זייט האָט ער אויף אַן אומ־

פאַרגלייכבאַרען אופן צעבראַכען אַלע נדרים פון דער אידישער תורה און מסורה; וואולגאַר פאַרשוועכט דעם קדשי־קדשים פון דער אידישער אומה און ברוטאַל פאַרוואונדעט די אידישע נשמה. און פון דער צווייטער זייט דערהויבט ער זיך, אין געוויסע פרטים, צום העכסטען שטאַפּעל פון רעליגיאָזיטעט וואָס קיין פרייער דענקער פון דעם סאָרט האָט קיינמאָל נישט דערגרייכט. אַלס פילאָזאָף און טיפער דענקער וואָס האָט געזוכט די פאָסטולאַטען פון אַבסאָלוטען אמת, האָט ער געמוזט בלייבען הילפלאָז שטעהענדיג פאַר דער גרויסער וועלט רעטעניש און וועלענדיג געפינען איהר פתרון. גלייך ביים ערשטען שריט, אָנהויבענדיג צו אַנאַליזירען די פאַרשיידענע מדרגות פון מענטשליכען שכל, שטויסט ער זיך אָן אין דער שווערער פאַרפּלאָנטערטער פּראָבלעמע וואָס פיהרט איהם צו ווידערשפּרעכונגען און צו זיין זאָנדערבאַרען פילאָזאָפישען סיסטעם.

מיט זיין גאַנצער אָנשטרענגונג צו קרוינען דעם שכל אַלס דעם העכסטען שופט פון מענשליכען דענקען און זוכענדיג מיט אַלערליי לאָגישע מעטאָדען אַרויפצושטופען איהם אויף דער העכסטער אינסטאַנץ פון מענשליכער דערקענ־טעניש, איז ער אָבער געצוואונגען מודה צו זיין, אַז דער מענשליכער דענקען איז ספּעקולאַטיוו, און אַז אפילו דורך אַלע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, אויף וועל־כע זיין גאַנצער פילאָזאָפישער סיסטעם ווערט באַגרינדעט, איז באַין אופן נישט מעגליך פאַר איהם צו באַהערשען די וועלט פון אידעען. פאַראַן איז אַ פיעל הע־כערע פאָרמע פון מחשבה צו וועלכער בלויז יחידי־סגולה קענען דערגרייכען. עס רופט זיך אינטואיציע, אָדער די אינערליכע דערקענטניש פון דעם מהות פון זאַכען וואָס באַווייזט זיך פּלוצלונג אָהן אַ פאַרוואָס און אָהן אַ פאַרווען. אַלס שטרענגער ראַציאָנאַליסט וואָס האָט געוואָלט אַלץ בויען לויט די געזעצען פון שכל און אויסשליסען יעדע זאַך וואָס איז למעלה מן הטבע, האָט ער זיך גע־שעהמט עס אָנצורופען מיטן נאָמען „נבואה” אָדער „רוח־הקודש”. דאָס איז דאָך פאַרבונדען מיט געטליכקייט און איבערנאַטירליכקייט. אינטואיציע קלינגט פאַר איהם שענער. אָבער דאָ שווימט גלייך אַרויף די סתירה. אין איין האַנד טראָגט ער דעם פאַקעל פון שכל, לאָגיק און מאַטעמאַטיק, און אין דער צווייטער האַנט — אינטואיציע, וואָס איז אין עצם אַ טיעף־רעליגיעזער מיסטישער באַגריף. די סודות פון דער גרויסער וועלט־בריאה האָבען איהם צוגעדריקט צו דער וואַנט. ער האָט געמוזט מודה זיין אין אַ געטליכער אויפפאַסונג. דער גרויסער „גאָט־לאָזער” דענקער וועלכער האָט געוואָגט אויפצוהויבען אַ האַק אויף אַלע טראַדי־ציאָנעלע הייליגקייטען איז סוף כל סוף צוגעקומען צו דער רעליגיעזער מסקנא,

פריער צו אינטואיציע, און נאָכהער צו דער אַלטער אידישער אמונה פון „שכלי־דיגער ליעבע צו גאָט".

בכדי צו פאַרשטיין די דאָזיגע סתירה מוז מען שפינאָזאַ׳ן באַטראַכטען פון צווייערליי שטאַנד־פונקטען.

אַלס קולטור היסטאָריקער אָדער טרוקענער פאָרשער, וועמענס חקירות זיינען באַגרינדעט אויף השערות און לופט־סברות האָט ער נאַטירליכערווייזע זיך נישט געקענט באַפרייען פון טעותים, דערצו נאָך גראָבע און ביזוויליגע טעותים, פון וועלכע עס שפירט זיך אַ היבש ביסעל שנאה צום אידישען פאָלק און צו די אידישע קולטורעלע אוצרות. אין דעם הינזיכט איז שפינאָזאַ׳ס זינד אומפאַרצייליך. ער האָט במזיד פאַרגרייזט פסוקים פון דער תורה, און אַריין געלעגט אין זיי מיאוס׳ע און שלעכטע כונות, אַבי צו דערנידעריגען דעם כבוד פון זיין פאָלק.

אַלס פילאָזאָף, וועלכער גרונטעוועט זיך צוצוקומען צו די קוועלען פון אמת, איז ער געצוואונגען געווען אַוועק צו וואַרפען זיינע לאָגישע מכשירים און זיך איבערגעבען אין די הענט פון דער „אינטואיטיווער דער־קענטעניס", וואָס רעכענט זיך לחלוטין ניט מיט׳ן שכל און ציט איר יניקה פון דעם אומערשעפליכען רעליגיעזען קוואַל. די „אינטואיטיווע דערקענטעניס" מיינט אַז דער מענשליכער שכל איז באַגרעניצט און אַז מען קען זיך אויף אים נישט פאַרטרויען. אין דער שמאָלער ראַם פון דעם מענשליכען וויסען קענען מיר בלויז משיג זיין זאַכען וואָס זענען אַרום אונז, אָבער צו פאַרשטיין די וועלט, משיג צו זיין די געטליכע השגחה, צו באַגרייפען זאַכען וואָס זיינען איבער אונז אָדער למעלה מן הטבע, דאָס קען קיין בן אדם נישט. אין דער מלוכה פון גייסט קען דער ערדישער מענש קיין ממשלה נישט האָבען, אפילו דער „ארון הנביאים" האָט בלויז זוכה געווען צו „וראית את אחורי ופני לא יראו"...

ווי עס שיינט, האָט זיך צו די געבלאָנזעטע חוקרים פון לעצטען יאָר־הונדערט צוגעקלעפּט בלויז דער טייל פון שפינאָזאַ׳ס שטה וואָס האָט צו טאָן מיט רעליגיעזער־כפירה און הריסה פון אידישען דת. זיינע סתירות אָדער השערות האָט זיי לגמרי נישט געקימערט. אַז די מענשליכע־הכרה איז באַשריינקט און באַגרעניצט פון דעם האָבען זיי גיט געוואָלט וויסען. דעריבער האָבען זיי זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַ שטומפיגער האַק אויסצוהאַקען די אַלע

רעליגיעזער עיקרים, און אונטערגראָבען אַלע יסודות אויף וועלכע דער אידישער בנין האָט זיך פאַר לאַנגע דורות געהאַלטען.

* * *

די ראַציאָנאַליסטישע שיטה, וואָס האָט אויך אַריין געדרונגען אין דער אידישער מחנה האָט געבראַכט דעם צושטערענדען גייסט פון רעפאָרם, די קללה פון אַסימילאַציע און די שרעקליכע שמד־עפּידעמיע. דער היסטאָריקער גרעץ האָט אויסגערעכענט אַז נאָך מענדעלסאָנ'ס עפּאָכע האָבען זיך גע'שמד'ט אַרום 60 טויזענט פון די אַזוי גערופענע „פאַרטגעשריטענע" אידען אין דייטשלאַנד. פאַראַן אין דעם אַ גאַנץ פסיכאָלאָגישע סבה. אויב, אמונה־ניט, תורה־ניט, און טראַדיציע־ניט, וואָרום זשע ניט קיין שמד? ווען מען שטיצט זיך אויף אַן אידעע וואָס צוברעכט אַלע קדשי־האומה, און פאַרשוועכט אַלע רעליגיעזע קנינים, איז אַסימילאַציע אָדער שמד דער לאָגישער אויסגאַנג...

און נישט נאָר רעפאָרם, נאָר אפילו דער נאַציאָנאַליזם — מיר מיינען דעם סאָרט נאַציאָנאַליזם וואָס שטרעבט איבערצורייסען זיין חבור מיט דער אידישער רעליגיע, — איז אין גרונד אַ שפּינאָזאַ אויפפאַסונג. די תשוקה נאָך ארץ־ישראל איז אַן און פאַר זיך אַ הייליגע. זי ציט איר יניקה פון דער אַלטער אידישער פאַרגאַנגענהייט. דעריבער איז נישט נאָר אַ ג ר י י ז צו בויען ארץ־ישראל אָן שום שייכות מיט דער אידישער מסורה, נ אָ ר ע ס א י ז אַ ז י נ ד ג ע ג ע ן ד ע ר א י ד י ש ע ר ג ע ש י כ ט ע. דאָס איז אין תמצית אַ שפּינאָזאַ־המצאה. אין זיין „טעאָלאָגישען פּאָליטישען טראַקטאַט" דריקט ער אויס דעם געדאַנק „אַז ער האַלט עס פאַר גאַנץ מעגליך אַז אידען וועלען נאָך מאָל, אויב עס זאָל זיך מאַכען אַ גינסטיגע געלעגענהייט, ווידער אַמאָל אויפבויען ארץ־ישראל".

דער מאָדערנער אידישער נאַציאָנאַליזם, פון וועלכען אחד העם איז דער גייסטיגער פאָטער, איז געבויט אויף די זעלבע וואַקעלדיגע יסודות. די ראַציאָ־נאַליסטישע אידעע גייט דורך ווי אַ שנור אין אַלע זיינע אַרטיקלען וואָס האָבען אָן ספק אַ גרויסע ליטעראַרישע און קולטורעלע חשיבות, אָבער פון אַ רעלי־גיעזען שטאַנדפּונקט זיינען זיי פול מיט פּגימות און זיינען געפערליך פאַר דעם נאַציאָנאַלען קיום. ווען איינער פון די משכילים, אַ חובב ציון, פרעגט ביי אים אַ שאלה:

„איך יקרא היהודי האוהב את עמו וספרותו וכל קניני הרוח אשר לו,

חפץ בתחיתו על אדמת אבותיו ושואף לחרותו, אך יחד עם זה חפשי הוא בדעותיו במובן הרחב והכולל של המלה הזאת, מכיר את הטבע ואת ממשלת חוקיו בכל זמן ובכל מקום ואינו מכיר את היוצר, המשגיח הפרטי, ועאכ״ו את נותן התורה לעמנו עם כל התולדות הנובעות מזה — הלנו הוא היהודי הזה או לצרינו״ ?

ענטפערט אחד העם מיט אַזאַ ברייטקייט, אַלס הלכה למעשה:

„היהודי הזה כפי הסימנים שמסר בו השואל, לנו הוא — כלומר בן נאמן לעמו ורוחו — לא רק ככל המון המאמינים, כי אם במובן ידוע עוד יותר מהם״.

און ער באַגרינדעט זיין „נאַציאָנאַלע הלכה״ מיט שפינאָזאַ׳ס לערע אַז דער פּאַנטעאיסט שטייט אַ סך העכער פאַר דעם מאָנאָטעאיסט, ווייל דער לעצטער באַטראַכט די נאַטור אַלס שליח פון וועלט באַשעפער, ווערענד דער פּאַנטעאיסט מאַכט נישט קיין צעטיילונג צווישען גאָט און נאַטור און קיין איבער־נאַטירליכעס עקזיסטענץ ניט פאַר אים. דער פרייער איד, לויט אחד העמ׳ס מיינונג, איז אין דער בחינה פון „אַ נאַציאָנאַלען פּאַנטעאיסט, אַ שטאָלצער פרייער מענש, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף זיינע אייגענע כחות, קוקט מיט שטאָלץ אויף זיין גרויסע ווערק אין דער פאַרגאַנגענהייט, און גלויבט אין זיך זעלבסט אויך אין דער צוקונפט״. ווערענד דער גלויביגער איד איז אַ מין לא יוצלח׳דיגע בריה, אין דער בחינה פון „אַ קנעכט וואָס זיין הערר גיט אים אַרבייט, קוקט אַרויס אויף זיין וואָרט און טוט אַלץ לויט זיין באַפעל״.

אחד העמ׳ס באַגרינדונג איז נישט קיין חידוש, ווייל הויבט מען אָן צו אַנערקענען די ערשטע הנחה פון שפינאָזאַ׳ס שיטה, מוז מען ממילא שוין אַנערקענען דעם גאַנצען סיסטעם, וואָס לייקענט אין אַלץ וואָס איז העכער פון מענשליכען שכל. כאָטש, ווי אויבען דערמאָנט, האָט שפינאָזא זעלבסט, דורך אָננעמען דעם מיסטישען רעליגיעזען באַגריף, אַליין סותר געווען זיין גאַנצען ראַציאָנאַלען בנין. אחד העם האָט אָבער פון אים גענומען נאָר דאָס, וואָס לוינט זיך פאַר דער באַגריינדונג פון זיינע נאַציאָנאַלע געדאַנקען. מיט די סתירות האָט ער זיך נישט געוואָלט רעכענען, פונקט ווי אחד העמ׳ס אַנהייגער רעכענען זיך נישט מיט די חרטה־ווערטער וואָס ער זאָל האָבען געזאָגט צו ביאַליק׳ן: „אַז ווען ער זאָל יעצט איינגער זיין וואָלט ער זיך גאַנץ אַנדערש נוהג געווען אין פילע זאַכען״...

וואָלט די ענטשטעהונג פון דער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס איז אין תוך אַ טייל פון דער אידישער טראַדיציע און די אידישע פאַרגאַנגענהייט, גרינטליכער

פאַרשטאַנען געוואָרען, און וואָלטען מיר אויף דעם גרונד פון די היסטאָרישע ערפאַרונגען גרינדליכער אויפגעפאַסט די טרויעריגע קאָנסעקווענצען וואָס די פאַלשע אידעאָלאָגיע פון אָפּטיילען רעליגיע פון נאַציאָנאַליזם האָט גורם געווען אין אידישען לעבען, וואָלט דער מזרחי נישט געשטאַנען איינער אליין אין קאַמף. דער מזרחי פילט זיך אָבער שטאָלץ, וואָס אין משך פון די אַלע יאָרען פון זיין עקזיסטענץ האָט ער בסדר ווידערהאָלט און אונ־טערשטראָכען דעם דאָזיגען עלעמענטאַרישען אמת: אַז אידענטום קען נישט אָוועק געשטעלט ווערען אין דער קאַטעגאָריע פון ספּעקולאַטיווע אידעען וואָס ווערען אויסגעוועבט אין די מחות פון געוויסע דענקער. אידענטום איז פאַר־בונדען מיט געטליכער אייביגקייט וואָס קען נישט געמאָסטען ווערען מיט דער מאָס פון טרוקענעם ראַציאָנאַליזם. דער מזרחי גלויבט אויך אין פאַנטעאיזם, אָבער פון אַ גאַנץ אַנדער סוג. דער פאַנטעאיזם באַשטייט פון „ישראל ואורייתא וקוב״ה חד הוא״...

* * *

דער מזרחי קאַמף איז אָבער נישט געריכטעט אין דעם שטח פון רעליגיעזער כפירה אליין. דער מזרחי גלויבט אויך אין דער נאַציאָנאַלער איינהייט פון אידישען פאָלק, פונקט ווי מיר באַקעמפען די רעליגיעזע פאַרלייקענונג אָדער אָפּלייקענונג, אַזוי באַקעמפען מיר אויך די נאַציאָנאַלע פאַרלייקענונג, מעג זי קומען פון וועלכער ריכטונג עס איז. דעריבער זיינען מיר שטענדיג געשטאַנען אינערהאַלב דער ציוניסטישער באַוועגונג. מיר האָבען זיך נישט איזאָלירט פון דער נאַציאָנאַלער מחנה, אינווענדיג געשטאַנען און געקעמפפט, אָפּטמאָל מיט פאַרצווייפלונג, און פאַרביטערונג, אָבער געקעמפפט פאַר די אייביגע אמת'ן.

דער מזרחי איז טריי געבליבען צו זיין מאַקסימום פּראָגראַם נישט נאָר אויף דעם רעליגיעזען־נאַציאָנאַלען געביט, נאָר אויך אויף דעם פּאָליטישען געביט. אַלס הרצל ציוניסטען ווילען מיר ניט זעהן אַז ארץ־ישראל זאָל דינען אַלס הכנסת־אורחים, אָדער מקום מקלט, פאַר די גערודפטע אידען. מיר שטרעבען צו אַ נאַציאָנאַלע־פּאָליטישע היים, אַ אידישע מדינה פאַר

דעם אידישען פאָלק. פונקט ווי מיר זיינען געגען דואַליזם אָדער פשרות בנוגע תורה און פאָלק, אַזוי זיינען מיר אויך געגען דואַליזם אָדער פשרות בנוגע די פּאָליטישע תביעות אויף ארץ־ישראל. דער מזרחי האַלט זיך ביי דער אַלטער פאַרשפּרעכונג: „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ״.

שטיצענדיג זיך אויף דיזע פעסטע און קלאָרע פּראָגראַם האָט דער מזרחי אין אַמעריקא זינט זיין גרינדונג, גענומען אַ פירענדע ראָלע אין אַלע ענינים פון חזוק היהדות, למוד התורה, שמירת שבת און חנוך. מיר האָבען נישט געוואַרט אויף דעם נייעם פּראָגראַם־נוסח פון דער מזרחי וועלט קאָנפערענץ אין קראָקוי, וואָס פאָדערט „צו באַפעסטיגען דעם טראַדיציאָנאַלען אידענטום און פאַרשטאַרקען איר השפעה אין גלות״. דער דאָזיגער נוסח איז אָנגענומען געוואָרען ביי אונז אַמעריקאַנער מזרחיים, מיט צוואָנציג יאָר צוריק. עס זיינען דאַמאָלט אפילו געווען אַזעלכע חברים וועלכע האָבען געציטערט „אַז דער מזרחי שלעפּט אַרויף אויף זיך אַ צו שווערען מאַנטעל״ און אַז די צוברעקלונג פון די כחות אויף פילע געביטען וועט אָפּשוואַכען דעם מזרחי. דער רוב פון די מזרחי דעלעגאַטען ביי יענעם צוזאַמענקונפט איז געשטאַנען פאַר אַן אויסגעברייטערטער גלות־אַרבייט פּראָגראַם. די צענדליגע ישיבות און תלמוד־תורות וואָס זיינען אויסגעבויט געוואָרען דאָ אין לאַנד, איז צו פאַרדאַנקען דעם מזרחי כאָטש אָפיציעל טראָגען זיי ניט קיין מזרחי־חותם. די זעלבע אַקטיווע באטייליגונג האָט אויך דער מזרחי גענומען אויפ׳ן געביט פון שמירת שבת, הצלה און אַנדערע פאָלקס־ענינים. איבעראַל איז אַריין געטראָגען געוואָען דער גייסט פון טראַדיציאָנאַלער אידישקייט. אַזוי אַרום איז דער מזרחי געוואָרען אַ שעפערישער און פּראָדוקטיווער כח אין אַמעריקאַנער אידענטום.

פינף און צוואַנציג יאָר זיינען פאַראיבער. נישט קוקענדיג אויף די פאַרשיידענע גלגולים, האָט דער מזרחי ניט פאַרלאָזען זיין פּרינציפּען פעסטקייט. מיר זיינען איצט פיעל שטאַרקער באַזעעלט און באַהערשט פון דעם טיפען גלויבען, אַז דער ריינער תורה גייסט פאַר וועלכען דער מזרחי קעמפט אַזוי עקשנותדיג וועט ענדליך מנצח זיין די פאַלשע טענדענצען און פרעמדע השפעות וואָס האָבען זיך טיף אַריין געפרעסען אין דעם אידישען קערפּער.

# אונזערע בעלי חשבונות

מיר האָבען שוין, ווי עס שיינט, אַזאַ פּאַרוואוינטען מנהג אַז ווען עס קומט צו ארץ־ישראל קלעפּט זיך אָן צו אונז מער יאוש און פּעסימיזם ווי צו עטוואָס אַנדערש. דער נאַציאָנאַלער שטן האָט שוין זיין וועג. קיין תירוצים און טענות פּעלען אים ניט. טרעפט חלילה עפּעס אין ארץ־ישראל פאַלט מען באַלד אַריין אין אַ מרה־שחורה, מען ווערט אַפּהיינטיג און פאַרצווייפעלט, פּונקט ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אונטערגעגאַנגען.

דער דאָזיגער יאוש־פּראָצעס פאַנגט זיך ניט אָן איצט. ער ציט זיך פון גאַנץ פריער, פון פיעלע צענדליגע יאָרען צוריק.

ווען מען האָט מיט אַ האַלבען־יאָר הונדערט צוריק אָנגעהויבען ריידען וועגען אַ מאַסען־עמיגראַציע נאָך אַרגענטינא, איז קיינעם נישט איינגעפאַלען צו פרעגען קלאָץ־קשיות: אפשר איז דאָרטען אַ מדבר? פיליכט איז דאָרטען פאַראַן מאַלאַריע אָדער אַנדערע קראַנקהייטען? ווער וויים צי די לאַנד אין אַלגעמיין איז מוכשר פאַר קאָלאָניזאַציע? צי איז זי בכלל אויפנאַמס־פעהיג פאַר אַ ברייטער איינוואַנדערונג. און ווער קען פאַרזיכערען צי נאָך די אַלע אָנשטריינגונגען וועט זיין אַ מעגליכקייט צו שאַפען דאָרטען חיונה? — קיינעם האָט אַזוינע קשיות נישט געקימערט, נישט די פאָלקס־מאַסען, וועלכע פרעגען בכלל קיין קשיות ניט אין אַזעלכע ענינים, און נישט די זאַגענאַנטע אידישע פירער. בלויז איין רוף אין דער דאַמאָלדיגער אידישע פרעסע: „פאָרט נאָך אַרגענטינא״! איז גענוג געווען אויף צופלאַקערען צענדליגע טויזענדער אידען זיי זאָלען זיך אַ לאָז טאָן אויף אַלע סכנת־דרכים, אַבי צו באַקומען אַ פריי־שטיקעל מדינה וואו דעם קאָפ אָנצושפאַרען.

ווידערהאָלט זיך אין אונזער צייט דער זעלבער עפּיזאָד.

די סאָוועטען־רעגירונג האָט, מיט אַ פּאָליטישער כונה צי ניט, אַרויסגעלאָזט אַ רוף: „געהט נאָך בירא־בידזשאַן״! האָט קיינער נישט געוואָגט צו פרעגען וואָס פאַר אַ סאָרט מדינה איז דאָס — נישט אונזערע פילאַנטראָפּען

און נישט די מאָסען. אַלע ווייסען אַז דאָרטען איז נישט קיין גן־עדן, און אַז צענדליגע יאָרען וועלען נאָך אוועקגעהן איידער די שיין פון אַ גן־עדן וועט זיך דאָרטען באַווייזען. אַלע ווייסען אַז בירא־בידזשאַן איז אַן אָרט פון קעלט, פרעסט, בלאָטעס, זומפען, רעגענס, כמאַרעס און נאָך אַנדערע נאַטור־אייגענשאַפטען וואָס מאַכען נישט דעם מענשען לעבען אַזוי גרינג און גליקליך — אָבער זעהט דעם מזל! פּרובירט, אדרבה, צו שטעלען אירגענד וועלכע קשיות — שטעמפּעלט מען אייך אַלס קלאַריקאַל, רעאַקציאָנער און אפשר אויך אַלס אידען־פיינט... צוריקווייזען אַזאַ „ישועה" פאַר אידען איז דאָך גיט מעשה־מענש. באַזונדערס זיינען אונזערע אידישע מנהיגים באַגייסטערט געוואָרען פון דעם דאָזיגען רעטונגס־פּראָיעקט, שיקט מען אַהין צו קאָמיסיעס, מען זאַמעלט פאָנדען און מען ערמוטיגט אידישע משפחות אַהין צו פאָרען. אין אַזעלכע לעבענס ענינים פרעגען אידען קיינמאָל קיין שאלות ניט. מען לאָזט זיך אויף שבעה־ימים, אַבי צו דערגרייכען „אל המנוחה ואל הנחלה" אין דער פאַרשפּראָכענער „אידישע אויטאָנאָמיע" אין דעם פאַרפּרוירענעם אַמור־געגענט וואָס וועט, אַזוי גלויבען זיי, אויסלעזען אידען פון צרות און דורך דעם אויך מקרב זיין די מענשליכע גאולה דורך די סאָוועטישע משיחים...

גאַנץ אַנדערש איז דער „מזל" מיט אונזער ארץ־ישראל. מיט דרייסיג־פערציג יאָר צוריק האָט די ציון באַוועגונג אָנגעהויבען טראָגען אַ קאָנקרעטען כאַראַקטער. די דורות לאַנגע פרומע ווינשען און בענקענישען, האָבען אָנגעהויבען צו באַקליידען זיך אין רעאַלע־מעשים. און נאָך איידער וואָס־ווען, האָט מען באַלד דערהערט די איראָנישע שאלה: פאָרען — וואוהין? נאָך ארץ־ישראל? אין קליין אַזיען? און וואָס איז מכח די וויסטענישען? די שטיינער און בערג? און וואָס טוט מען מיט טראַכאָמא און געל־פיבער? פאָרן אין אַזאַ סכנת'דיגען מקום — דער רבונו של עולם וועט עס נישט וועלען ליידען...

וועגען אַרגענטינא האָט מען קיין שאלות נישט געפרעגט און קיין חשבונות נישט געמאַכט. מען האָט זיך פאַרלאָזט אויף נסים, מסתמא וועט אַלעס זיין כשורה... וועגען בירא־בידזשאַן מאַכט מען אוודאי קיין חשבונות ניט. ווער וועט וואַגען, חלילה, צו צווייפלען אין אַ רעגירונגס־אונטערנעמונג וואָס איז דערצו, נאָך פאַרבונדען מיט אַ „אידישער אויטאָנאָמיע"?... אָבער קומט

צו ארץ־ישראל ווערען מיר „בעלי־חשבונות״... דער אלטער „עם־הספר״ וויל זיך ניט לאזען פירען סתם אין דער וועלט אריין...

האבען זיך געפונען צווישען אונז אזעלכע „חכמים״ און „עקספערטען״ וועלכע האבען באוויזען מיט אלע „אותות ומופתים״ אז דער פלאן פון א אידישער טעריטאריע, ווער שמועסט, אין ארץ־ישראל, איז אן אוטאפיע, א נארישער חלום; אז די וויסטע לאנד איז בכלל נישט מסוגל פאר קיין קאלא־ניזאציע, און אז די אידען זיינען אזעלכע שלים מזל׳ניקעס דאס זיי וועלען זיך קיינמאל ניט קענען באפרייען פון די גלות־פרנסות און שאפען זיך נייע לעבענס־באדינגונגען.

מיט א שיבוש האט מען אין יענע יארען געקענט אויסקויפען טויזענדער שטחים דונאם לאנד. מיט קליינע — נישטיגע סומען האט מען געקענט אויפ־שטעלען אינדוסטריען, פאבריקען און ווירטשאפטען פון וואנעט טויזענדער אידען וואלטען געווען געקענט ציען פרנסה בכבוד. שוין נישט ריידענדיג וועגען פאליטישע כונות אדער נאציאנאלע אספיראציעס — נור פשוט פון דעם שטאנדפונקט פון פארדינען א שטיקעל ברויט און פארגרינגערען די דאגת־פרנסה. אבער ווי אזוי האט מען געקענט זיך צוהערען צו אזא מסוכנ׳־דיגען פלאן, ווען די פראפעסיאנעלע „בעלי־חשבונות״ אונזערע, האבען באוויזען שווארץ אויף ווייס אז דער פלאן טויג נישט...



עטליכע צענדליג יאר זיינען פארלאפען. אלע חשבונות בנוגע צו ארץ־ישראל האבען זיך ארויסגעוויזען פאלש, לחלוטין פאלש. דאס וויסטע לאנד איז פארוואנדעלט געווארען אין א גן־עדן. א קאנסטרוקטיווער־עקאנאמישער לעבען האלט אין וואקסען און בליען. דער ישוב ווערט גרעסער, שטארקער און פראדוקטיווער. עס זיינען צוגעקומען הונדערטער קאלאניעס, קבוצות און ישובים מיט א מאדערנער ווירטשאפט. אידען האבען אוועקגעווארפען די לופט־פרנסות און אוועקגעשטעלט אן עקאנאמישען מעמד וואס רופט ארויס וועלט־באוואונדערונג.

די אמאליגע „חשבונות״ זיינען געווארען ווערטלאז, אבער די „בעלי־חשבונות״ זיינען נאך אלץ פארבליבען... אויב פון זייערע עקאנאמישע־חשבונות האט זיך אויסגעלאזט א זייפענבלאז, זיינען זיי איצט געווארען „פאליטיקער״. יעדער קליינער אדער גרויסער אומרוה אין ארץ־ישראל, יעדער

צוזאַמענשטויס מיט די אַראַבער גיט די דאָזיגע „עקספּערטען" קיין מנוחה ניט. זייענדיג בטבע פּחדנישע אידען, פאַלען זיי באַלד אַריין אין אַ יאוש'דיגע שטימונג. ווערען זיי נערוועז, צוטראָגען, אויפגעבראַכט. אַ קליינינקייט — „פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל", דאָס שטימט דאָך מיט זייער חשבון...

אונזערע זאָגענאַנטע „פּאָליטיקער" פאַרשטעהן אַז קיין שום לאַנד ווערט נישט געבויט אָהן קרבנות. די אַמעריקאַנער געשיכטע האָט אַ סך צו דער־צעהלען וויפיל יסורים די ערשטע פּיאָנערען האָבען דורכגעליטען און וויפיל טויזענדער קרבנות עס זיינען געפאַלען. די באַפרייאונגס־באַוועגונגען פון פראַנקרייך, רוסלאַנד און אַנדערע לענדער זיינען דורכגעווייקט מיט מענש־ליכע קרבנות. קומט אָבער צו דער אידישער באַפרייאונג, ווערען אונזערע „עקספּערטען" פּאַסיפיסטען, שלום־זוכער, ווייכע־מענשען, וועלכע קענען ניט פאַרדייען דעם טעם פון קרבנות.

געוויס וואָלט מער ניחא געווען פאַר דעם אידישען פאָלק אויפצובויען די נאַציאָנאַלע היים אין דעם גייסט פון „שלום, אהבה אחוה ורעות", אָהן אומרוען און אָהן בלוט־פאַרגיסונגען. טאָר מען אָבער נישט פאַרגעסען אַז מיר האָבען צו טאָן מיט ישמעאל'ס און עשו'ס אייניקלעך, וועלכע זיינען טריי געבליבען צו זייער זיידענ'ס ירושה פון „ועל חרבך תחיה". מיט אַזוינע מענשען קען מען קיין שלום־פּאָליטיק פירען.

מעגען אונזערע שרעקענדע אידען ציטערן וויפיל זיי ווילען, מיר וועלען זיך ניט לאָזען באַהערשען פון פּחדנות־געפילען. דאָס אידישע פאָלק טראָגט מיט זיך אַ לאַנגע קייט פון העראָאיזם און מאַרטירערטום. אויב מיר האָבען דעם מוטיגען גבורה־גייסט אַרויסגעוויזען אין די פינסטערע גלות־לענדער, וועלען מיר, בעזרת השם, דעם זעלבען עקשנות'דיגען — קעמפערישען גייסט אוודאי אַרויסווייזען אין אונזער אייגענער לאַנד — די לאַנד פון אַזוי פיעל ליכטיגע האָפנונגען. אומרוען, אָנפאַלען, איבערפאַלען, אַרעסטען און קרבנות — מיר וועלען עס איבערלעבען. תורה און ארץ־ישראל זיינען פון די זאַכען וואָס ווערען ערוואָרבען בלויז דורך יסורים. וואָס גרעסער די יסורים זיינען, גרעסער איז אונזער ענטשלאָסענע תשוקה צו בויען און צו קעמפען. די ארץ־ישראל'דיגע ליידען זיינען פון אַ גאָר אַנדער שניט. אין גלות ליידען מיר ח ב ל י ־ מ י ת ה, אין ארץ־ישראל ליידען מיר ח ב ל י ־ ל י ד ה...

דוקא אין דער דאָזיגער ערנסטער שעה ווען אונזער פאָלק לעבט דורך

אַזעלכע שווערע נסיונות, ווערט אונזער אמונה מער צופלאַקערט און אונזער האָפנונג גרעסער און שטאַרקער.

שאַלט אין אונזערע אויערן די געטליכע אידישע נבואה: „הנה אני פותח את קברותיכם והעלתי אתכם מקברותיכם עמי והבאתי אתכם אל אדמת ישראל".

קברים!... אין איין לאַנד גראָבט מען פאַר אונז פאָליטישע קברים, עקאָנאָמישע קברים, און אין דער צווייטער לאַנד רעליגיעזע קברים, נאַציאָנאַלע קברים... אונזערע שונאים זוכען צו באַגראָבען דעם אידישען גייסט, די אידישע נשמה און דעם אידישען כבוד. די לומפיגע קברנים מאַכען אַ טעות. קיינער איז נישט בכח דעם אידישען גייסט צו דערשטיקען, פונקט ווי קיינער איז נישט בכח אָפצושטעלען די שיין פון דער זון אָדער די כוואַליעס פון ים.

זאָלען אונזערע מעלאַנכאָלישע „בעלי־חשבונות", וועלכע ציטערען אַזוי שטאַרק פאַר די אומרוען אין ארץ־ישראל, געדענקען אַז דער פייערדיגער אידעאַליזם וועלכער רייסט אונז און שלעפט אונז נאָך ארץ־ישראל — איז אש מן השמים... מיר זיינען פאַרבונדען מיט דער געטליכער אייביגקייט וועלכע באַשיצט אונז פון פייער און פון וואַסער... אומזיסט איז די צושטער־רונגס־אַרבייט פון עשו׳ס אייניקלעך. זיי וועלען דעם געטליכען פייער נישט אויסלעשען און דעם אויפבוי פון אונזער נאַציאָנאַלען בנין ניט אָפשטעלען.

# אַ סינטעזע פון תורה און חכמה

בשעת מען האָט מיט עטליכע און פופציג יאָר צוריק געלייגט דעם גרונד־שטיין פון ישיבת ר' יצחק אלחנן, האָבען זיך געפונען סקעפּטיקער און ניט־גלויביגע, וועלכע האָבען דעם גאַנצען ענין אויסגעלאַכט. די דאָזיגע קטני־אמונה אידען, וועלכע שפּראַצען שטענדיג אַרויס ביים אויפשטייג פון יעדער נייער אידעע, האָבען אין דיזען פאַל געפילט אַז „ידם על העליונה", ווייל אין יענער תהו ובהו'דיגער צייט איז ביי אַלעמען געווען אַ דבר־ברור, אַז וואָס מען זאָל אין דיזען לאַנד פון „מעגליכע אונמעגליכקייטען" ניט קענען אויפבויען, אָבער אויפשטעלען אַ געצעלט פון תורה, איז אַן אוממעגליכקייט פון אַלע אונמעגליכקייטען. תורה אין אַמעריקאַ האָט געקלונגען אַלס אַ פּאַראַדאָקס, ניט נאָר אין די ראַדיקאַלע קרייזען, וועלכע האָבען, אגב, זיך געמערט און געפּרוכפּערט אין יענער צייט, — די סאַמע גלענצענדסטע תקופה זייערע — נאָר אַפילו אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזען, די אָקאָרשט אַריבערגעקומענע פון דער אַלטער היים, וועלכע האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גרויסען גייסטיגען באַגאַזש פון תורה און טראַדיציעס — ביי זיי, און דער עיקר ביי זיי, האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער וואָרים פון פאַרצווייפלונג און אומגלויביגקייט. קיינעם האָט זיך ניט געוואָלט גלויבען, אַז דער באָדען פון אַמעריקאַ איז מוכשר פאַר גייסטיגע ענינים, פאַר ישיבות, פאַר בני־תורה, און ווער רעדט וועגען מגדל זיין אייגענע כלי־קדש און אייגענע רבנים. אָנצוהויבען אַ באַוועגונג פאַר תורה אונטער אַזוינע אומשטענדען האָט זיך געפאָדערט אַ גאָר גרויסע מאָס פון עקשנות, און אַ גאָר שטאַרקע דאָזע פון אידעאַליזם. אָבער, טראָץ די כוואַליע פון עם־הארצות איז די התחלה געמאַכט געוואָרען אַ דאַנק אַ קליין הייפעלע אידעאַליסטישע אידען ביי וועמען דער גלויבען איז נאָך פייכט געווען און וועלכע האָבען זיך ניט גערעכענט מיט מעגליכקייטען אָדער אונמעגליכקייטען, ווייל לעבען אָהן תורה האָט געמיינט ביי זיי אַ פיעל־גרעסערע אונמעגליכקייט. און ה י י נ ט, נאָך אַ משך פון

עטליכע און פופציג יאָר זעהט מען דעם אונטערשייד פון סקעפּטיציזם ביז גלויבען...

די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן איז דאָס גרעסטע אידישע ווערק וואָס אַמעריקאַנער אידען האָבען געשאַפען. וועלכען גייסטיגען פּרצוף־פּנים וואָלט דאָס אָרטאָדאָקסישע אידענטום געהאַט אָהן דיזען גרויסען תורה־צענטער, וועלכער איז אַ מוסטער מיט זיין גראַנדיעזער אויסערליכקייט, מיט זיינע פּראַכטפולע בנינים, און דער עיקר, מיט דעם שטאַרקען תורה־גייסט וואָס ברויזט און קאָכט דאָרטען יומם ולילה? וועלכען שעהנעם תכלית וואָלט פון אונז געוואָרען ווען מיר ווערען דאָן פאַר׳כשופ׳ט פון די „לאָגישע רייד" פון די פּראָפעסיאָנעלע סקעפּטיקער, וועלכע זיינען נאָך ניט אינגאַנצען פאַרשוואונדען פון דער אידישער מחנה, און זעהר אָפט הערען מיר נאָך היינט פון זיי די זעלבע חשבונות אויף דעם געביט פון ארץ ישראל, און וועגען וואָס ניט?...

רעדט מען וועגען ישיבת ר׳ יצחק אלחנן איז מען געוואוינט זיך אָפּצושטעלען אויף דער סינטעזע וואָס די ישיבה האָט געשאַפען צווישען דעם „יפיפיתו של יפת" מיט די „אהלי שם". אין דער געשיכטע פון אידען אין פאַרשידענע תקופות איז אַזאַ סינטעזע קיין חידוש ניט. די גרעסטע אידישע גייסטער פון וועמענס ברונען מיר טרינקען עד היום, האָבען פאַרקערפּערט אין זיך דאָס אידישע און וועלטליכע. ביי זיי איז ניט געווען קיין ריס צווישען איד און מענש. דער לעצטער האָט ניט חרוב געמאַכט דעם ערשטען, און דער ערשטער האָט ניט מבטל געווען דעם צווייטען. צווישעןביידע האָט געהערשט אַ פאָלשטענדיגע האַרמאָניע. יעדער איינער האָט דערגענצט די חסרונות פון צווייטען. ס׳איז דעריבער פאַרשטענדליך אַז ווען מען האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דער גרינדונג פון אַ תורה־צענטער אין לאַנד, האָט מען ניט געקענט טראַכטען אַנדערש ווי צו שאַפען אַ סינטעזע צווישען אידישקייט און וועלטליכקייט, אָבער אויף אַזאַ אופן אַז די ערשטע זאָל דורך דעם מערער און מערער געבויט ווערען. דאָס לעבען, די צייט, די באַדינגונגען האָבען עס אַזוי געפאָדערט. און דאָ האָבען זיך באַלד אונטערגערוקט די געשוואָרענע סקעפּטיקער און אָנגעהויבען שטעלען פראַגע־צייכענס. זיי האָבען געציטערט טאָמער וועט דער שידוך ניט עולה־יפה זיין און טאָמער וועלען מיר דורך אַזאַ שריט ניט איינשטעלען די צוקונפט פון אונזערע קינדער.

די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן האָט זיך פאַר די אַלע חששות ניט אָפּגע־

שטעלט און האָט דעם דאָזיגען חידוש געשאַפען. דער דערפאָלג פון דער ישיבה „היי־סקול" און „ישיבה קאָלעדזש" איז אַ לעבעדיגער פאַקט וואָס רעדט פאַר זיך אַליין. עס פאַסירט צום ערשטען מאָל אַז גרויסע אוניווערזיטעטען פון לאַנד זאָלען אנערקענען אַ הויכען אַקאַדעמישען קורס פון אַ ישיבה, וואָס דאָס אַליין איז איינע פון די גרעסטע חידושים וועגען וועלכע עס איז כדאי זיך צו פאַרטראַכטען.

דער חידוש פון ישיבת ר' יצחק אלחנן באַשטעהט אָבער נאָך גרעסער אין דעם, וואָס זי האָט באַוויזען איינצוברעכען די אייז און די פאַרפרוירענקייט וואָס האָט געהערשט לגבי תורה און אידישקייט אין לאַנד. מיט איר געוואַגט־קייט האָט זי דורכגעשפאַלטען אַ וועג פאַר אונזערע רעליגיעזע קולטורעלע ווערטען אויף דעם טרוקענעם מאַטעריאַליסטישען באָדען, — אַ זאַך וואָס האָט ניט געקענט איינפאַלען אַפילו דעם אָפּטימיסטישען גלויבער. און ניט נאָר האָבען מיר דורך דער ישיבה דעראָבערט נייע פּ אָ ז י צ י ע ס פּ אַ ר ת ו ר ה, נאָר דורך איר זיינען אָפּגעטויט געוואָרען די באַצילען פון עם־הארצות וועלכע האָבען פאַרגיפטעט די אידישע אַטמאָספערע, און ניט דער־לאָזען אַז די גייסטיגע בנינים פון אידישען פאָלק זאָלען זיך דאָ קענען איינ־וואָרצלען.

און דער חידוש אַנטפּלעקט זיך אויך אין דעם פאַקט, וואָס דעמאָלט האָט מען געמאַכט אַ פאַרזוך צו פאַרפלאַנצען אַ אייראָפּייאישע ישיבה אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען, ווייל 90 פּראָצענט פון אירע תלמידים זיינען געקו־מען מעבר לים, און ה י י נ ט איז דאָס אַן אַמעריקאַנער ישיבה פאַר אַמעריקאַנער אידישע קינדער, ווייל 90 פּראָצענט פון די תלמידים זיינען היגע געבוירענע, און זיינען באַזעעלט מיט דעם אמת'ן ברען פון אהבת־תורה, פאַר וועלכע זיי ווידמען זיך טאָג און נאַכט פּונקט ווי אין די אַלטע גוטע יאָרען פון וואָלאָזשין. דאָס איז אָהן ספק איינע פון די פרעהליכסטע דערשיינונגען פאַר וועלכע בלויז די ישיבה איז פאַראַנטוואָרטליך.

די ישיבת ר' יצחק אלחנן האָט דערמעגליכט נאָך אַ גרויסע דערגריי־כונג וואָס אין איר און אַרום איר איז קאָנצענטרירט דער בעסטער קוואַליטעט פון אידישען געניוס, די גרעסטע ראשי־ישיבות און די אויסגעצייכענטע תלמידים, וועלכע באַרייכערען דעם אַמעריקאַנער אידישען לעבען מיט זייערע קולטורעלע שאַפונגען. אין די קלאַסען פון מאַטעמאַטיק סיי אין היי־סקול און סיי אין קאָלעדזש, ווייזען מאַנכע תלמידים אַרויס זייערע „גמרא־קעפּ" וואָס רופט

אַרויס באַוואונדערונג פון די ניט־אידישע לערער און פּראָפעסאָרען. די האַרבע סוגיות פון אַביי ורבאַ האָבען ענטוויקעלט זייערע קלאָרע און שאַרפע מחות, וועלכע האָבען פאַר זיך גרויסע פּערספּעקטיוען צו קלעטערען העכער און העכער ביז צו אמת׳ער גדלות בחכמה און גאונות בתורה.

צו דער ישיבת ר׳ יצחק אלחנן דאַרף מען צוטרעטען מיט אַ גאַנץ אַנדער מאָס. מען קען איר ניט צוזאַמענפאַרען מיט וועלכע אַנדערע תורה־אינסטי־טוציעס, מעגען זיי זיין ווי וויכטיג. די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן איז די ערשטע און גרעסטע פון אַלע ישיבות אין לאַנד. זי — און נאָר זי — האָט צוגעגרייט פאַר זיי דעם עקזיסטענץ־באָדען. ניט יעדע ישיבה האָט אַ רעכט צו שטעמפּלען זיך אַלס די גרעסטע ישיבה מיט אַ „הא הידיעה״. די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן האָט יאָ אַ רעכט דערויף. זי פאַרמאָגט אַלע סימנים און מעלות — און אפילו אויך די חסרונות — פון אַ גרויסען מקום־תורה פון אַ גאָר העכערען שניט. פריער איז זי געוועזען אַ ב י ו ־ י אָ ר ק ע ר ישיבה; שפּעטער אַ ל אַ ב־ ד ע ס ־ישיבה; און איצט, אָהן צווייפעל, אַ א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ישיבה. די סקעפּטיקער האָבען דערצו געוויס ניט בייגעטראָגען. די דאָזיגע דערגרייכונג שטאַמט נאָר פון דעם וואָס אירע גרינדער פון אַמאָל, אַזוי ווי אירע מנהיגים פון היינט טראָגען אין זיך דעם טיפען גלויבען און אָהן דעם תורה־רעזערוואואַר קענען מיר ניט עקזיסטירען.

די סקעפּטיקער פון היינט געהן אָבער אין אַנדערע דרכים. אָפּלייקענען די מעגליכקייט פון ענטוויקלונג אַ תורה־לעבען, דאָס קענען זיי מער ניט. עטליכע און פופציג יאָר פון תורה־אַרבייט אין דער לאַנד, האָט בולט׳דיג באַוויזען אַז זייער שיטה האָט באַנקראָטירט. זוכען זיי אַנדערע מיטלען. זיי זוכען צו מינימיזירען דעם איכות פון דער ישיבה און צונישט מאַכען דעם כח פון די יונגע מוסמכים. אויך אין דעם ליגט אַ גרויסער טעות. מענשען וואָס האָבען אַ פאַרבינדונג מיט דעם אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען, קענען אַזעלכע טעותים ניט מאַכען. דער פאַקט דאַרף קלאָר זיין: ווען ניט די השפּעה פון מאַנכע יונגע רבנים, וואָלט שוין אין מאַנכע טיילען פון לאַנד אַפילו קיין זכר ניט פאַרבליבען פון אָרטאָדאָקסישער אידישקייט. דאָס ביסעל טראַדיציע און דעספּעקט פאַר אידישקייט וואָס איז נאָך פאַראַן אין יענע מקומות, איז בלויז צו פאַרדאַנקען דעם אידעאַליזם און דעם עקשנות־גייסט פון די יונגע רבנים, וועלכע דאַרפען דורכמאַכען טאָג־טעגליכע שווערע נסיונות

צוזאַמען מיט אַן אומאויפהערליכען ביטערען קאַמף, און גלויבט מיר, מען באַדאַרף די דאָזיגע יונגע גייסטיגע פירער נישט מקנא זיין, און רעדען אויף זיי, אָדער באַציען זיך צו זיי מיט דעם געוועגליכען בטול, טאָר מען אוודאי און אוודאי ניט.

גרינג איז צו זיצען אין דער גרויסער ניו־יאָרק און חלומ׳ען חלומות וועגען אַן אויפבליענדע אידישקייט. דער וואָס באַזוכט די פאַרשידענע טיילען פון לאַנד וואו מ׳באַגעגענט זיך פנים אל פנים מיט שרעקליכע גייסטיגע חורבנות און מיט אַ מוראָ׳דיגע רעליגיעזע ירידה פאַר אים איז דער יונגער רב אַן אמת׳ער מאַרטירער, ווייל אים קומט אויס צו קעמפען מיט אַלע שטרע־מונגען בכדי אָנצוהאַלטען דאָס ביסעל פאַרבליבענע רעליגיעזע אידישקייט. מאַנכע יונגע רבנים אין די פאַרוואָרפענסטע ווינקלעך פון לאַנד רופען ממש אַרויס באַוואונדערונג פאַר זייער אויסגעהאַלטענקייט און פרינציפּען פעסטקייט.

אונטערוועגענס איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען מאַנכע יונגע רבנים, סיי פון דער ישיבה און סיי פון דעם בית המדרש לתורה, וועלכע קענען זיין אַ מוסטער מיט זייער רבנישע אויפפירונג. זיי פירען אָן אַ קאַמף פאַר דעם קיום פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום, און געגען פאַרזוכען איינצופיהרען רעפאָרם אין די אָרטאָדאָקסישע שוהלען. אין געוויסע פאַלען זיינען זיי מנצח נישט קוקענדיג וואָס עס דראָט פאַר זיי אַ סכנה צו פאַרלירען זייערע שטעלעס. אויב די אידישע טראַדיציעס האָבען נאָך וועלכען עס איז אָנהאַלט אין די צעהנדליגע אידישע שטעטלעך, דאַרף עס, קודם כל, אַוועקגעשטעלט ווערען אויפ׳ן חשבון פון ישיבת ר׳ יצחק אלחנן. נעקסט אין דער רייע קומט דער בית־המדרש לתורה אין שיקאַגאָ. די אַנדערע ישיבות וועלכע האָבען זיך לעצטענס פאַר־מאָסטען צו קאָנקורירען אָדער זיך פאַרגלייכען צו דער ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, דאַרפען נאָך וואַרטען אַ היבש ביסעל יאָרען זיי זאָלען זיך קענען שטעלען אין דער זעלבער קאַטעגאָריע. אָנמעסטען אויף זיך אַ מלבוש פון „גרויסקייט" איז לייכט, אָבער עס דאַרף ציטערען די האַנד ווען מען טהוט עס אויפ׳ן חשבון פון תורה. און נאָך מער דאַרף אַרומכאַפּען אַ ציטער ווען מען דערלויבט זיך מוציא לעז צו זיין אויף אַזאַ גרויסען תורה־צענטער ווי ישיבת ר׳ יצחק אלחנן.

די זאָגענאַנטע משולחים פון געוויסע ניו־יאָרקער ישיבות, וועלכע האָבען זיך איינגערעדט אַז זיי האָבען אַ „מאָנאָפּאָל" אויף יראת־שמים, האָבען זיי

עס געמאַכט פאַר זייער „הייליגער" אויפגאַבע נישט נאָר צו לויבען זייער אייגענע סחורה, נאָר, הויפטזעכליך, מזלזל צו זיין אין דעם כבוד פון דער ישיבת ר׳ יצחק אלחנן און אונטערגראָבען איר פּרעסטיזש. אין געוויסע קהלות, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכען בין איך ממש דערשטוינט געוואָרען צו הערען שקרים און בלבולים וואָס די דאָזיגע משולחים פאַר־שפּרייטען וועגען דער ישיבה אַלס די „נעסט פון אפיקורסות, עם־הארצות", און נאָך אַזעלכע פאַרלוימדונגען.

קיין נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע קען זיך ניט באַרימען מיט פאָלקאָמענהייט. אַלע גרויסע ישיבות וואו זיי זאָלען ניט זיין, אַפילו די ישיבת וואָלאָזשין אין איר גלענצענדסטע תקופה, זיינען נישט ריין פון חסרונות און פּגימות. די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן איז אין דעם פּרט נישט אַנדערש. געוויס נויטיגט זי זיך אין פילע תקונים, וועלכע וועלען האָפענטליך מיט דער צייט איינגע־פירט ווערען. אָבער דער פאַקט בלייבט אומבאַשטרייטבאַר אַז זי איז נאָך עד היום נישט נאָר די עלטסטע נאָר אויך די ג ר ע ס ט ע און ב אַ ד י י־ ט ע נ ד ס ט ע י ש י ב ה אין לאַנד.

# דער וואונדערליכער אויפבוי פון דעם ישוב

## א.

דער באַזוך אין ארץ ישראל איז פאַר מיר, פונקט ווי פאַר מיינע אַנדערע חברים, געווען אַ געוואַלדיגע איבעררַאשונג. מיינע אויגען האָבען ניט געגלויבט צי דאָס איז די זעלבע ארץ ישראל וועלכע מיר האָבען געזען מיט 8 יאָהר צוריק. דער ריזיגער עקאָנאָמישער אויפשטייג, די גרויסע אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, די בליהענדע פונקטען און ישובים, דער אימפּולסיווער קלאַפּענדער קולטורעלער לעבען — אַט די אַלע דערשיינונגען רופען אַרויס געפיהלען פון באַוואונדערונג. איהר שפּאַצירט איבער די רוישיגע גאַסען פון די שטעדט, איהר באַזוכט די אויפגעבליהטע אידישע דערפער, איהר געהט פון איין אינסטיטוציע צו דער צווייטער, און איהר פרעגט זיך: „איז דאָס אַ ווירקליכקייט?"

דורך די שעהנע יום־טוב טעג — און קיין שעהנערער און פרעהליכער יום טוב ווי אין ארץ ישראל איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט — איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכען פילע אַנגעזעהענע פערזענליכקייטען אין ירושלים וועלכע פאַרטרעטען אַלע שאַטירונגען און ריכטונגען פון דעם ישוב. איינעם פון די גדולי הרבנים, אַ גרויסער בעל הוראה און דערצו אַ איד אַ פּקח, וועלכער וואָהנט שוין אין ירושלים קרוב צו 60 יאָהר, האָב איך אַ פרעג געטאָן: דערקענט איהר ירושלים צי ניט? דער רב האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע פאַר׳כישופ׳טע אויגען, ערנסט אַ טראַכט געגעבען און קלאָהר געענטפערט: „זעהר אָפּט, ווען מיר קומט אויס צו שפּאַצירען איבער די גאַסען פון ירושלים ווער איך פאַר־בלאָנדזשעט. איך שטעל זיך אָפּ און גיב זיך אַ פרעג, איז דאָס אַ חלום? איך דערקען ניט די מענשען, איך דערקען ניט די שכונות. אַלצדינג איז אַנדערש געוואָרען. גאַנץ ירושלים איז באַנייט מיט אַ פרישען לעבעדיגען גייסט. אידישע

הענט האָבען דאָס אַלץ אויפגעבויט. איך גלויב באמונה שלימה אַז אין דעם איז פאַראַן אַ אצבע אלקים. אויף אַן אַנדער וועג האָט עס ניט געקענט פאַסירען. דערצעהלט די אידען פון גלות — האָט מיר דער גרייז־גרויער רב ווייטער געזאָגט — וועגען די מעשה־נסים וואָס פאַסירט מיט ארץ ישראל אין היינטיגען דור".

אַ בעקאַנטער אַרבייטער פיהרער וועלכער האָט אין משך פון עטליכע און פערציג יאָהר דורכגעמאַכט אַלע שווערסטע גלגולים, אָנהויבענדיג מיט דער פשוט׳סטער גראָבער אַרבייט ערגעץ וואו אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקעל אין גליל ביז זיין איצטיגען העכסטען אַמט אין ישוב — אַ איד מיט אַ שטאַרקער בייגונג צו חסידישער מיסטישער פילאָזאָפיע, אָבער איז בעגאָבט מיט אַ געניאַלען קלוגען קאָפּ — האָט פאַר מיר זיך מודה געווען, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ קאַלאָסאַלע ענדערונג אין זיין מחשבה גאַנג".

„דאָס וואָס איר הערט פון מיר, האָט ער געזאָגט, איז ניט דערפאַר ווייל איך דערנעהנטער זיך צו די עלטערע יאָהרען, נאָר ווייל עס שטעהן אונטער מיר איבער 40 יאָהר פון שווערע איבערלעבענישען. אין אַלע שטופען וואָס ארץ ישראל האָט דורכגעמאַכט, בין איך געווען אַן אַקטיווער שותף: געקרענקט און געפיבערט, געליטען און געהונגערט, געבויט און געקעמפט. אין מיין זכרון לויפען דורך די אַמאָליגע העראָאישע בילדער ביז דעם היינטיגען פאָליטישער קאַמף. ווען איך פרעג ביי זיך: וואו ליגט די אידישע גבורה? וואו געפינט זיך דער סוד פון דעם אומ׳פשרות׳דיגען אויסדויער? איז פאַר מיר, לפחות פאַר מיר, פאַראַן אַ תשובה: דער אומבאַגרעניצטער אידעאַליזם פון אַ העלדישער גרופּע אידען, וועלכע האָבען פאַרבונדען זייער גורל מיט דעם גורל פון ארץ ישראל, אָבער איך גלויב אויך, אַז עס איז דאָ אַ העכערע קראַפט וואָס פיהרט און באַשיצט. רופט עס מיט וועלכען נאָמען איהר ווילט".

טרעטענדיג אויף דער ערד פון ארץ ישראל האָט זיך אין מיר אינערליך דערוועקט, און נאָך מעהר פאַרשטאַרקט, די רעליגיעזע צוגעבונדענקייט צו דער הייליגער לאַנד. וואָס מעהר מיינע אויגען האָבען זיך אָנגעזעטיגט מיט דעם ריזיגען וואוקס און ענטוויקלונג פון ישוב, האָט זיך אין מיר דער דאָזיגער אינערליכער געפיהל מעהר צעפלאַקערט — צעפלאַקערט עד כלות הנפש. איך האָב זיך אָבער אַליין ניט געטרויט. אַ מחשבה איז דורכגעלאָפען: אפשר צופיעל סוביעקטיוויטעט? אפשר צופיעל איבערטריבענע בעגייסטערונג? אפשר צופיעל

פארבלענדקייט ? אפשר און אפשר ?... דער דערמאנטער ארבייטער פיהרער וועלכער איז ווייט פון רעליגיעזע סוביעקטיוויטעט, ניט קוקענדיג דערויף וואס ער גריבעלט זיך אזוי פיעל אין מיסטישע ליטעראטור און קבלה־ספרים, האט מיך שטארק בארוהיגט. מיין אני מאמין איז פעסטער און טיפער געווארען.

אין דער געשיכטע פון אידישען פאלק וואס איז דורכגעווייקט מיט אזוי פיעל בלוט און טרעהרען זיינען פאראן א סך הערואישע קאפיטלעך. דער אויפבויענדער, קעמפענדער און מוטיגער אידישער ישוב איז דאס גלאררייכסטע קאפיטעל פון די צייטען פון די חשמונאים, בר־כוכבא, ביז היינטיגען טאג. און פיליכט ליגט אין דעם די גרונט־סיבה ווארום אונזערע גוי׳שע „פריינט" — און בעיקר די „ליבעראלע פריינדליכע" ענגלאנד — לייגען אזוי פיעל שטיינער אויף דעם וועג פון א אידישער ארץ ישראל. זיי האסען אונז, זיי שטערען אונז, ווייל מיר זיינען געגען זיי א לעבעדיגער פראטעסט. אין דער צייט ווען די זאגענאנטע „דעמאקראטיע" האט אזא שעהנע וועלט צעבראכען און חרוב געמאכט, האבען אידען זיך אפגעצאמט אין א קליינעם ווינקעל, און פון א וויסטען מדבר האבען זיי א ליכטיגען גן עדן געמאכט. די היינטיגע ארץ ישראל מיט איהר קאלאסאלען אויפבויאונגס אימפעט איז די שווערסטע אנקלאגע געגען דער ציוויליזאציע, וועלכע האט א שעהנע און פרייע וועלט אין א ברענענדען גיהנם פערוואנדעלט.

ווען מיר איז אויסגעקומען צו באזוכען די צוויי דערפער פון עקסטרעם לינקס בין עקסטרעם רעכטס — „כפר גלעדי" און „כפר עציון" — די ערשטע ארומגערינגעלט מיט די בערג פון גלעד און די צווייטע מיט די בערג פון חברון, און זעהענדיג פאר מיר די איבערנאטירליכע גבורה פון די אומפאר־גלייכבארע אידישע גבורים, וועלכע האבען זיך מתגבר געווען איבער די שווערסטע מכשולים און אויפגעבויט וויכטיגע שוץ־פונקטען פאר׳ן ישוב, האב איך געטראכט: ווען די גרויסע אידישע נביאים ישעיהו און ירמיהו, אדער די צוויי גרויסע תנאים ר׳ יוחנן בן זכאי און ר׳ עקיבא וואלטען אויפגעשטאנען פון זייערע קברים און געזעהן וואס זייערע גייסטיג, פעלזען־שטארקע איניקלעך, די העלדישע זיהן און טעכטער פון אידישען פאלק, האבען אויפגעבויט מיט אזוי פיל מסירות נפש און מיט אזוי פיל קרבנות — וואס וואלטען זיי געזאגט? וועלכען נייעם געטליכען ווארט וואלטען זיי געלאזט הערען צו דער אידישער און ניט אידישער וועלט?

דאס וואס פאסירט היינט צו טאג אין ארץ ישראל איז ניט נאר א נס, נאר א סך העכער דערפון...

***

איך משך פון די צוויי חדשים וואס איך האב פארבראכט אין ארץ ישראל האב איך באזוכט די וויכטיגסטע קבוצות און ישובים אהן אונטערשייד פון וועלכער ריכטונג. מיר האט אינטערעסירט צו זעהן דאס לאנד און איהר גאנצ־קייט און ניט געוויסע טיילען. מיט 8 יאהר צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זעהן א סך פון די דאזיגע ישובים, און ווי גרויס איז דער אונטערשיעד! דעמאלט האב איך געטראפען פנים'ער פארטרויערטע, פארזארגטע און פארצווייפעלטע. זייענדיג פארדרעהט פון א קנויל פון איבערמענשליכער ארבייט, פון טיפע פערזענליכע דאגות, און פון דער שטענדיגער מורא פון אראבישע איבער־פאלען און אומזיכערען מצב, האבען זיך זייערע מחות אנגעהויבען עגבערען פילע ספקות: אפשר ארבייטען זיי אויף'ן ווינד? אפשר וועט פון זייער איבער־מענשליכער אנשטרענגונג גאר ניט ארויסקומען? אייניגע האבען מיר דעמאלט געזאגט: מיר זיינען גרייט צו ברענגען קרבנות, אבער צי לוינט זיך צו באצאלען אזא פרייז? ווען ניט דער גייסטיגער כח פון ארץ ישראל ווער ווייס אויב וואלטען מיר דא גאר געקענט פארבלייבען?

דער דאמאלסדיגער באזוך האט אויף מיר געמאכט א פיינליכען איינ־דרוק. מען קען זיך פארשטעלען וועלכען איינדרוק עס האבען אוועקגעטראגען די מענשען וועלכע האבען באזוכט דאס לאנד מיט א סך יאהרען פריהער ווען דער מצב איז געווען פיל ערגער.

די מייסטע פון די נייע ישובים, ווי איך האב זיי דאן געטראפען, זיינען געווען אין א פרימיטיווען צושטאנד. „צריפים" פון ברעטער, אנשטאט געבויטע הייזער, און ווער רעדט וועגען אנדערע עלעמענטארע באקוועמליכקייטען. איך האב דאן פארלאזען די ישובים, רעליגיעזע ווי ניט־רעליגיעזע, אונטער א געדריקטער שטימונג. איך בין ממש געווען א צעבראכענער מענש. עס איז געווען א טאפעלטע זארג, ערשטענס, אזא שעהנער, אויסגעקליבענער מענשען־מאטעריאל, אויב זיי וועלען חלילה פארלאזען די פלעצער וואס פאר א היזק וועט עס זיין פאר דעם ישוב? ווי אזוי קען מען בויען א לאנד אהן אזויגע אידעאליסטישע פיאנירען! און צווייטענס, וואוהין וועלען די דאזיגע מענשען, וועלכע האבען די בעסטע יאהרען פארבונדען זייער לעבען מיט ארץ ישראל,

געהן? אין די ביטערע גלות־לענדער, פון וואַנען זיי זיינען מיט אַזוי פיל ביטערקייט אַנטלאָפען?...

איך קען ניט פאַרגעסען עטליכע בילדער פון יענער צייט. איך וועל ניט דערמאָנען קיין נעמען פון די ישובים. ווי אַזוי לעבט זיך אייך? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. אויף דעם איז געקומען אַן ענטפער מיט אַ סאַרקאַסטישען שמייכעל: „עס לעבט זיך זעהר גוט... מיר האָבען דאָ אַלצדינג וואָס אַ מענש דאַרף, נאָר איין זאַך פעלט אונז — ברויט"... כ'האָב אַ ציטער געטאָן און געבעטען אַ פירוש. און דער ראָש פון דאָרף האָט מיר באַלד דעם פירוש געגעבען: „דאָס לאַנד מאַכט דורך שווערע אַרבייטסלאָזיגקייט. אונזער מושב האָט נישט קיין תבואה, מוזען מיר זוכען אַרבייט אַרגעץ אַנדערש, כדי צו פאַרדינען אויף קויפען תבואה, און היות קיין אַרבייט איז ניט מעגליך צו באַקומען, מוזען מיר, אַ גאַנץ גרויסער דאָרף פון איבער 60 משפחות, אויסקומען אָהן ברויט"...

די דאָזיגע יונגע מענשען האָבען בוכשטעבליך געהונגערט, אָבער זיי האָבען מיר פאַרזיכערט „אַז זיי וועלען די פּאָזיציעס ניט פאַרלאָזען". זיי האָבען געהאַלטען וואָרט. ווען מיר האָבען זיך היינטיגס מאָל געטראָפען האָט מען מיר דערמאָנט וועגען יענער באַגעגעניש. אין אַ גרויסען הילצערנעם צריף האָב איך דאָן געפונען אַ ביבליאָטעק מיט ספרים, ביכער און זשורנאַלען. אין אַ ווינקעל זיינען געזעסען יונגעלייט מיט מידע פּנים'ער איבער גמרות און אַנדערע ספרים און גע'פּלפּול'ט זיך איבער שווערע ענינים.

אין איינעם פון די אַרבייטער מושבים האָב איך דעמאָלט דורכגעמאַכט אַזאַ מין אינטערעסאַנטען עפּיזאָד. דער מצב איז דאָרטען געווען ניט גלענצענד, אָבער דער וואָס האָט מיר אַרומגעפירט איבער'ן דאָרף האָט מיך דערמוטיגט און געזאָגט: „אויב איהר טרעפט ניט דאָ קיין שעהנע הייזער, כאַפּט אַ קוק אויף אונזער בית עולם. מיר האָבען שוין אַ היבש ביסעל קדושים, געפאַלענע על קידוש הארץ. אָט די קברים זיינען אייביגע מאָנומענטען פאַר דעם ישוב, ווי אויך פאַר דעם כלל ישראל. און אויב איהר געפינט ניט אין אונזערע מקומות דעם גייסט פון אידישקייט ווי איהר פאַרשטייט, זייט מלמד זכות אויף אונז... מיר זיינען אין אַ מלחמה, מיר מוזען פאַרטיידיגען דאָס לאַנד, אונזערע מוחות קענען זיך דארום ניט באַשעפטיגען מיט אַנדערע ענינים"...

עס איז דעמאָלט געווען פּונקט צוויי חדשים נאָך דעם ווען אַ געוואגטע גרופּע פון „הפּועל המזרחי" איז אַרויף אויף'ן באָדען פון „טירת צבי" אין

דעם מסוכנ׳דיגסטען געגענד פון בית שאן. ווער עס האָט ניט געזעהן ווי אַזוי די רעליגיעזע אידישע יוגענט האָט דעראָבערט נייע סטראַטעגישע פּאָזיציעס וואָס ווערען באַוואונדערט עד היום פון דעם גאַנצען ישוב, און ווער עס האָט מיט די אידישע יונגעלייט ניט גערעדט און ניט בעאָבאַכטעט די טיפע אמונה און דעם הויכען אידעאַליזם וואָס באַזעעלען זייערע גרויסע נשמות, קען ניט האָבען די מינדעסטע השגה וואָס דאָרטען איז געטאָן געוואָרען. אין יענער צייט האָב איך דאָרטען געטראָפען בלויז איין און איינציגען בנין מיט אַ גרויסען בהמות שטאַל, און עטליכע און אַכציג אידישע נפשות. אַ פאַרציטערטער בין איך געשטאַנען און בעטראַכט די אויסערגעוועהנליכע גבורה פון אידישע יונגעלייט און זייער פעסטע עקשנות׳דיגע ענשטלאָסענקייט אַוועקצוגעהן אין דעם ווייטען ווילדען געגענד פון בית שאן און געדראָהט צו ווערען מיט געפערליכע סכנות וואָס זיינען ביז היינט נאָך אַלץ ניט פאַרשוואונדען.

אַזעלכע העראָאישע בילדער וואָס איך האָב געטראָפען אין אַנדערע ישובים זיינען דער סימבאָל פון גבורה און מסירות נפש פון העכסטען סאָרט, וואָס איז שווער צו געפינען ביי וועלכער עס איז אומה ולשון. ניט נאָר זיינען אונזערע ליידען און קרבנות אַנדערש, נאָר אויך אונזער מסירת נפש און אידעאַליזם איז פון אַן אַנדער סאָרט.

***

באַזוכענדיג היינטיגס מאָל די זעלבע ישובים האָבען זיך יענע בילדער אָפּגעפרישט אין מיין זכרון. אָבער דאָס מאָל האָט זיך דאָס בילד לגמרי געענדערט. פאַר מיר זיינען איצט געשטאַנען פריילעכע פנים׳ער, פול מיט אמונה און קוראַזש פאַר דעם ווייטערדיגען קאַמף. די קיבוצים און מושבים זיינען אַ קוואַל פון אינספּיראַציע און דערמונטערונג. קומענדיג פון דער לאַנדאַנער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואו די שוידערליכע פרשה פון אידישע צרות און חורבנות איז אויפגעוויקעלט געוואָרען אויף דעם ביטערסטען אופן, זיינען די דאָזיגע ישובים, קיבוצים און דערפער טראָפּענס פון גרויס נחמה. די 8 יאָהר זיינען געווען יאָהרען פון קאַמף און ליידען, אָבער אַלצדינג האָט זיך אַ ריהר געטאָן פאָראויס. וואָס מען האָט פאַרזייהט מיט אַזוי פיל שוויס און בלוט האָט אָנגעהויבען ברענגען פרוכטבאַרע רעזולטאַטען. די פעלדער, די ביימער, די גערטנער, די בלומען, האָבען זיך צעוואָקסען און צעבליהט. די זעלבע מענשען קוקען אויס מוטיגער און פרעהליכער, ניט אַכטענדיג אויף די פאַרוואָלקענטע

פּאַליטישע האָריזאָנטען. מיינע אייגענע אויגען האָבען ניט געגלויבט אַז אין אַזאַ קורצער צייט זאָל קומען אַזאַ גרויסע ענדערונג צום בעסערען.

און ווען איך האָב זיך באַמיהט נאָכצוזוכען די סיבות האָט מיר איינער, וועלכער איז דורכגעגאַנגען אַ סך גלגולים פון התישבות מיר עס ערקלערט אויף פאָלגענדען אופן:

„אין די ערשטע גרינדונגס יאָהרען האָבען מיר געליטען חבלי יצירה, און די וויהען זיינען געוועזען מורא׳דיג שמערצליך. היינט געניסען מיר פון שמחת היצירה. ביים אַרויפגעהן אויף דעם באָדען האָבען מיר אַליין ניט געגלויבט ווי לאַנג מיר וועלען קענען אויסדולדען. מאַנכע זיינען געשטאָרבען. שווער איז געוועזען פאַר זיי איבערצוטראָגען די ליידען. אַ טייל האָבען אונז פאַרלאָזען און געגאַנגען זוכען אנדערע מקורות פון חיונה. דער געזונטערער טייל איז פאַרבליבען. מיר האָבען געקעמפט מיט די לעצטע כחות און בייגעשטאַנען אַלערליי נסיונות. אַלע לעבענס באַדינגונגען זיינען געווען געגען אונז. מיר האָבען זיך אָבער אָנגעהאַלטען בקרנות המזבח, מיר האָבען טיף זיך אַריינגעריסען אין דער ערד און באַהעפט זיך מיט איר און פאַר איהר. קיין כח קען אונז פון דאַנען ניט אַרויסרייסען“.

און דער ברענענדיגער יונגערמאַן האָט אויף זיין התלהבות׳דיגען אופן פאַרטגעזעצט:

„ענגלאַנד מאַכט אַ קאָלאָסאַלען טעות. מיט טעראָר מיטלען וועט זי אונז ניט איבערשרעקען. מיר האָבען זיך אַליין מפקיר געווען און מיר זיינען גרייט ווייטער זיך מקריב צו זיין פאַר דער רעטונג פון אידישען פאָלק. די גרויסע ענגלאַנד וועט פאַרלירען איהר מלחמה געגען דעם קליינעם אידישען פאָלק. זי וועט די טויערען פון ארץ ישראל פאַר אונז ניט צושליסען. דורך אַלע וועגען וועלען זיך ציהען מחנות אידען. מיר וועלען שפּאַלטען די ימים און ברעכען די שטיינער. דער שארית הפליטה האָט ניט קיין אַנדערען רעטונגס וועג — דער איינציגער וועג פאַר זיי איז נאָר ארץ ישראל. די דאָזיגע געבויטע אידישע דערפער וועלכע איהר זעהט אין דער לענג און אין דער ברייט פון ארץ ישראל זיינען ניט געבויט פאַר אונז אַליין. די טירען זיינען אָפען פאַר יעדען געראַטעוועטען אידען. מיר וועלען דעם גאַנצען דאָרף פאַרוואַנדלען אין איין גרויסען האָטעל און געבען אַ רוה פלאַץ פאַר אונזערע געראַטעוועטע ברידער“.

אַט אַזוי רעדט אַ איד, וועלכער האָט זיין לעבען פאַרבונדען מיט דער

אידישער צוקונפט. דאָס איז די שטימע וואָס איהר הערט וואו מען געהט און וואו מעט שטעהט אין ארץ ישראל.

נאַטירליך זיינען פילע פון די דאָזיגע ישובים נאָך זעהר ווייט פון פולקאָמענער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג. די עקזיסטענץ פון מאַנכע ישובים וואקעלט זיך דאָ און דאָרטען: עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס זיינען פאַרזונקען אין אַ סך חובות וואָס דריקען זיי זעהר פיל. אָבער, אויב די עקאָנאָמישע באַדינגונגען זאָלען ניט ערגער ווערען, וועלען זיי, אַ דאַנק דעם עקשנות׳דיגען אויסדויער אַרויסקריכען אין דער נאָהענסטער צוקונפט פון די דריקענדע חובות. מיט וועמען מיר האָבען גערעדט האָט זיך געהערט די זעלבע לאָזונג: „מיר שטרעבען צו ווערען פריי און זעלבסשטענדיג, און — איש תחת גפנו ותחת תאנתו״.

ווען מיינע אויגען האָבען געזעהן דעם נייעם שעפערישען לעבען אין די אויפגעקומענע קיבוצים און דערפער וואו צעהנדליגער טויזענטער אידען בויען מיט הערליכקייט און מיט שוויס און בלוט א געזונטע אידישע געזעל־שאַפט, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם געשפרעך מיט דעם גרייז גרויען רב און דעם אַרבייטער פיהרער. אין מיינע אויערען האָבען אָפּגעקלונגען די מעשה־נסים וועגען וועלכע זיי האָבען גערעדט מיט אַזוי פיל אמונה און התלהבות.

און באַוואונדערען דאַרף מען אין ארץ ישראל ניט נאָר די נייע עקאָ־נאָמישע שאַפונגען און קולטורעלע ווערטען, נאָר באַזונדערס — די דיסציפּ־לינירטע איינערקייט פון דעם ישוב, די מוטיגע האַלטונג אין קריטישע מאָמענטען, און די מוסטערהאַפטע סאָלידאַריטעט אין דעם איצטיגען קריזיס, ווען די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אָרגאַניזירט אַלע פינסטערע כחות אונטערצוגראָבען די יסודות פון אַ גרויסער און ברייטער אידישער ארץ ישראל. דאָס איז בלי ספק דער גרעסטער וואונדער.

ווי אַזוי רעאגירט בכלל, דער ישוב אויף דעם נייעם ענגלישען אטענ־טאט? וועלכע ראָלע שפּילען די אַראַבער אין דעם איצטיגען ענגלישען טייפעל שפּיל? וואָס איז די דאָרטיגע שטימונג? וואָס זיינען די קאַמפּס מעטאָדען וואָס דענקען די לייטענדע פּערזענליכקייטען פון ישוב? ווי אַזוי באַציהט זיך דאָס רעליגיעזע אָרטאָדאָקסישע אידענטום צו די ברענענדיגע פּראָבלעמען? וואָס פאָדערט דער ישוב פון אַמעריקאַנער אידען?

וועגען דעם אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלעך.

# די מסירות נפש פון דעם ישוב

## ב.

דער ישוב אין ארץ־ישראל, דער גאַנצער ישוב, אָהן וועלכען עס איז אויסנאַם, איז מורא׳דיג אויפגעבראַכט אויף דער ענגלישער רעגירונג. יעדער איינער ברענט מיט כעס נישט ווייל זי האָט צעבראָכען און פאַרשוועכט אירע הבטחות צום אידישען פאָלק; נישט ווייל זי וויל אַרויפצווינגען אויף אונז די גזירות פון דעם „ווייסען פאַפיר", און אויך נישט ווייל זי וויל שאַפען אַ נייע געטאָ אין ארץ־ישראל לויט דער פאָרמע פון אַלטע אידישע געטאָס. די אַלע געפלאַנטע גזירות מצד דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע זיינען פאַר׳ן ישוב נישט ניי. מען איז אפשר באַגאַנגען אַן אומפאַרצייליכע עוולה וואָס מען האָט די גאַנצע צייט פאַרשוויגען און פאַרגלעט די „דזשענטעלמענישע" באַציהונגען, בעת מיר האָבען נישט אויפגעהערט צו ליאַרמען געגען די אַנדערע רשעות׳דיגע מדינות. דער איצטיגער גרימצאָרן פון ישוב איז צוליב די ברוטאַלע מעטאָדען, וועלכע בעווינ׳ס ממשלה האָט אַנגענומען, וואָס באַשטעהען נישט נאָר אין רציחות און גוואַלדטהאַטען, נאָר בעיקר, צו פאַרשוואַרצען דעם פנים פון ישוב איבער דער גאַרער וועלט און אים שטעמפלען אַלס אַ „באַנדע פון צעשטערער און גענגסטער". אין דער לעצטער צייט האָט די רעגירונג אין ירושלים און אין לאָנדאָן אויפגעשטעלט אַ גרויסען פובליסיטי־אַפּאַראַט, בכדי צו „באַלייכטען" די וועלט מיט דעם צעשטערענדען גייסט וואָס הערשט אין ישוב, וועלכען זיי ווילען אויסראָטען און פאַרניכטען. דאָס איז די נייע ריכט־ליניע פון דער אַרבייטער רעגירונג. קודם כל זיך אַליין רעכטפערטיגען און ריינוואַשען, און די הויפט זאַך — צו רעפלעקטירען דעם אידישען נאָמען. אַט די פאַרלוימדערישע פּראָוואָקאַציעס קען דער ישוב נישט אַראָפּשלינגען.

אפשר זיינען די וויטערדיגע ווערטער צו שאַרף און נישט דיפּלאָמאַ־טיש, אָבער דער געוויינליכער איד אין ארץ־ישראל רעכענט זיך מער מיט

זיינע אינערליכע געפילען ווי מיט דעם לעגאַלען לשון. מיט ווענען מען רעדט הערט מען די דאָזיגע אַפקלאַנגען: „די היטלער ממשלה איז שוין אַ סך בעסער געווען. מען האָט געוואוסט, אַז מיר האָבען צו טאָן מיט אַ באַנדע רשעים, וועלכע שפּילען די ראָלע פון אָפענע רשעים, אָבער ווען רשעים שפּילען די ראָלע פון צדיקים איז עס אַ „מורא'דיגער אומגליק"...

אָט די אָפענע דיבורים כאַראַקטעריזירען דעם שטאַרקען אויפברויז פון דער אידישער נשמה. די גוואַלדטהאַטען אויף אומבאַשיצטע מענער, פרויען און קינדער זיינען געוואָרען אַן אָפענער אַקט. די ארץ־ישראל אַדמיניסטראַציע האָט אַרונטערגעריסען די מאַסקע און אָנגעהויבען זיך באַנוצען מיט בויאַנישע מיטלען. זיי צילען דערמיט נישט איבערצושרעקען דעם ישוב, ווייל זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער ישוב איז פעלזען־שטאַרק אין זיינע פאָדערונגען, נאָר הויפּטזעכליך צילען זיי אָנצווואַרפען אַן אימה ופחד אויף די אומלעגאַלע פּליטים, וועלכע רייסען זיך אויף אַלערליי אופנים קיין ארץ־ישראל. דער דאָזיגער מיטעל אַליין איז נאָך אַלץ פאַר איר נישט גענוג. יעדען טאָג ווערען אַרעסטירט אידישע יונגעלייט, וועלכע זיינען נישט נושא חן אין די אויגען פון דער ענגלישער פּאָליציי. מען פאַרשפּאַרט זיי אין די פינסטערע טורמעס, וואו זיי שמאַכטען פון הונגער און מוזען אויסשטעהן אַלערליי פיזישע פּייניגונגען. דאָס אַלץ ווערט געטאָן אין יאָר 1945 דורך דער ארץ־ישראל אַדמיניסטראַציע אונטער דער ממשלה פון דער לייבאָר פּאַרטיי, וועלכע האָט אין אַלע יאָרען שטורעמדיג באַקעמפט די גזירות פון „ווייסען פּאַפּיר" און עפענטליך זיך דערקלערט פאַר דער גרינדונג פון אַ אידישער „קאמאנוועלטה".

נאָך זייענדיג אין לאָנדאָן ביי דער ציוניסטישער קאָנפערענץ, האָט איינער פון די פירער געוואָרענט: „מען זאָל זיך נישט לאָזען צופיל פאַרכאַפּען פון די אָפּטימיסטישע לאָזונגען פון דער אַרבייטער רעגירונג. די מעקדאָנאַלד רעגירונג ליגט אונז נאָך ביטער אין טעם... שווער איז צו פאַרגעסען די בלוטיגע ראַיאָטען פון 1929 און די קברים פון חברון. ווער ווייס וועלכער נייער פּאַספילד וועט איצט אויפשטעהן?..."

דער נייער פּאַספילד האָט זיך ליידער באַוויזען. זיין שטימע האָבען מיר שוין געהערט. די רוצח'שע מעשים האָבען זיך שוין ווידערהאָלט, און דאָס מאָל — נישט מצד די אַראַבער, נאָר מצד די ענגלישע סאָלדאַטען, וועלכע

האָבען מיט עטליכע חדשים צוריק געקעמפט האַנט אין האַנט, שולטער אין שולטער מיט די אידישע סאָלדאַטען אויסצוראָטען דעם נאַציזם פון דער וועלט. אַזאַ איראָנישען שפּיל איז נאָר ענגלאַנד עלול צו באַווייזען. מען וואָלט געקענט אַ היבש ביסעל לאַכען, ווען עס וואָלט נישט אַזוי שמערצליך וועה געטאָן...

און אַז ענגלאַנד איז פעסט אַנטשלאָסען צו באַקעמפען דעם ווייטער־דיגען וואוקס און אַנטוויקלונג פון ישוב איז איצט קלאָר ווי דער טאָג. אָבער נאָך מער איז זי אַנטשלאָסען אָפּצושטעלען דעם דינסטען שטראָם פון אומלעגאַלער איינוואַנדערונג. דאָס פאַרדריסט ביז׳ן זיבעטען ביין. אַזאַ „פאַר־ברעכען" צו צוזאַמענברייגען די נדחי ישראל אויף פאַרשידענע אומלעגאַלע וועגען, אויף שיפען און אויף שיפלעך, און זיי אַריינשמוגלען קיין ארץ־ישראל, דאָס קען די לעגאַלע און געזעצליכע ענגלאַנד נישט פאַרטראָגען... דער ענגלישער געפיל פון יושר און רחמנות קען עס נישט דולדען.

איר וואָלט באַדאַרפט זיין יענעם פרימאָרגען אין תל אביב און אויף דעם גאַנצען שליאַך צו חיפה, פון דאָרטען צו „יגור", „כפר חסידים" און ווייטער, וואו עס האָבען זיך געצויגען גאַנצע מחנות מיט באַוואָפענטע סאָלדאַטען, מיט טאַנקען און אַנדערע משחיתים און געזוכט די שפּורען פון דער „באַנדע אידישע פאַרברעכער", וועלכע האָבען געוואַגט אין מיטען נאַכט אַריינצודרינגען אין דעם פריזאָן פון עטלית, פאַרשלייפט די וועכטער סאָלדאַטען, געבונדען זייערע הענט און פיס, צוגענומען זייערע כלי־זיין און אויף אַ רוהיגען אופן, אָהן וועלכע עס איז בלוט פאַרגיסונגען, אַרויסגעראַטעוועט די 200 פאַרשפאַר־טע אידישע פליטים, וועמען מען האָט באַדאַרפט די טעג פאַרשיקען ערגעץ וואו אין אַ קאָנצענטראַציע־קעמפּ פאַר דער מורא׳דיגער „אינטערנאַציאָנאַלער זינד" אַריינצו׳גנב׳ענען זיך אין דעם אידישען לאַנד — ווען איר וואָלט דאָרטען יענעם פרימאָרגען געווען און באַטראַכט די ווילדע סצענעס, די ברוטאַלע מאַנעוורען און דעם אינטענסיווען געיעג נאָך די רעטער צוזאַמען מיט די געראַטעוועטע, וואָלט איר דאַמאָלסט געשפּירט דעם קריסטליכען געפיל פון „יושר און רחמנות" אין וועמענס נאָמען ענגלאַנד רעדט אַזוי אָפט...

איך און מיינע חברים האָבען אָט די היסטאָרישע סצענע בייגעוואוינט. מיר האָבען זיך געפיהלט מורא׳דיג אומגליקליך, אָבער צו דער זעלבער צייט אויך גליקליך, וואָס לפחות דער אידישער קוואַל פון

רחמנות איז נאָך נישט אויסגעשעפּט און אויסגעטריקענט, טראָץ די פאַרדאַר־בענקייט און בייזוויליגקייט פון דער היינטיגער וועלט.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען נאָך „יגור", נישט ווייט פון חיפה, און געטראָפען אין דרויסען הונדערטער יונגעלייט בחורים און מיידלעך — אָט די בחורים וועלכע מאַנכע פון זיי האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס אין סכנה, געלאָזט זיך אויף געפערליכע גרענעצען אין אייראָפּע און געטראָגען אויף זייערע הענט פאַר׳חלש׳טע רבנים און גוטע אידען און געראַטעוועט זיי פון טויט; און ווען מיר זיינען שפּעטער אָנגעקומען אין דעם באַרימטען מזרחי׳סטישען כפר חסידים, וואו חסיד׳ישע אידען מיט זייער גאַנצער יוגענט זייגען געשטאַנען ביי די טויערען פון דאָרף צו „עמפּאַנגען" די אָנגעלייגטע געסט, די ענגלישע סאָלדאַטען; און ווען אין אונזערע אויערען האָבען אָפּגעקלונגען די רירענדע ווערטער: „מיר זיינען גרייט אונזערע לעבענס אָוועקצוגעבען פאַר די געראַטעוועטע פליטים" — ווער עס האָט די דאָזיגע סצענע געזעהן, דער קען באַגרייפען ווי אַזוי דער ישוב איז זיך מוסר נפש פאַר דעם כלל ישראל. דער דאָזיגער קאַפּיטעל „מסירת נפש אין ארץ־ישראל" איז נאָך נישט געשריבען געוואָרען, אָבער ווען עס וועט אַמאָל פאַרענדיגט ווערען, וועט עס זיין דער גלאַררייכסטער ביטראָג אין דער מענשליכער געשיכטע. מעגליך, אַז נאָר דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז געלייטערט מיט אַזוי פיל יסורים און ליידען איז מוכשר צו דער־גרייכען צו אַזאַ שטופע פון מסירת נפש, און אפשר איז נאָר ארץ־ישראל מסוגל פאַר אַזאַ הויכער הייליגער מדריגה. יעדענפאַלס, ווען מיינע אויגען האָבען די דאָזיגע סצענע געזעהן, האָב איך צו זיך געטראַכט: „אשריך ישראל! וואויל איז צו דיר, אידיש פאָלק!..."

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט אַ באַרימטען רב, אַ גרויסער זוהן פון אַ גרויסען טאַטען און אַ איד מיט אַ גאָר הויכער נשמה. ווען מיר האָבען זיך צוזאַמענגערעדט וועגען דעם דאָזיגען ענין, האָט ער מיר עס מסביר געווען אויף אַזאַ אופן: „פּונקט ווי דור דור ודורשיו, און דור דור ומנהיגיו, אַזוי האָט יעדער דור זיינע באַשטימ־טע אויסצייכנונגען. עס איז געווען אַ דור פון תורה, אַ דור פון עבודה, אַ דור פון חסידות, אַ דור פון השכלה. היינט איז עס אַ דור פון מסירת נפש. אויב מיר ווילען פאַרשטעהן דעם אמת׳ען סוד פון מסירת נפש קומט נאָך ארץ־ישראל"...

און דער דאזיגער ביטערער געפיל געגען ענגלאנד שטאמט נישט בלויז אלס נאציאנאלע גאוה אליין, נאר אויס טיפען נאציאנאלען אומגליק.* מען מוז פארשטעהן די אמת'ע סיבות. די מערסטע אידען פון ישוב זיינען אריבערגעקומען אין די לעצטע צוויי צענדליג יאר און זיינען נאך טיף פארקניפט מיט טויזענטער פעדים צום אייראפעאישען אידענטום. דער שוידערליכער חורבן האט געמאכט א טיפען שניט אין זייערע הערצער. גאנצע משפחות פון פרויען און קינדער, טאטעס און מאמעס, ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען. נישט סתם געשטארבען, נאר פארברענט געווארען אין די קאלך־אויוועוס און אין די גאז קאמערען. די מענשען געהען ארום צעמישט און פארוואונדעט. אין דעם פארבליבענעם יאמער טאל וואלגערען זיך נאך ארום א קרוב, א גואל, אן אוד מוצל מאש, וועלכע שרייען, מען זאל זיי ראטעווען. דאס געוויסען פלאגט זיי ווארום האט מען געשוויגען ביז אהער. אפשר וואלט מען געווען אפגעשטעלט די האנט פון דעם נאצישען מלאך המות? און ווען די ברוטאלע האנט פון ענגלאנד האט פארשלאסען די טויערען פון ארץ־ישראל, קען מען דאס נישט פארגעבען. זיי זעהען אין אזא אקט די פארטזעצונג פון דעם נאציזם, וועמענס טרעגער עס ווערען איצט גע'משפט אין נירענבערג. און ווי קען מען אנדערש פילען, ווען אן אומגליקליך פאלק ווערט אזוי ציניש באהאנדעלט? ווי אזוי קען מען זיך באהערשען און איינהאלטען אין זיך דעם שרעקליכען פאלקס־צארן?

דער געוואגטער העלדישער טהאט אין עטלית האט דעם גאנצען ישוב דערמוטיגט און דערהויבען. אלע האבען באוואונדערט די מחשבה און די גבורה. מיך האט שטארק געצויגען צו טרעפען זיך מיט די רעטער און מיט די געראטעוועטע. נישט אזוי לייכט איז עס אנגעקומען. איך האב געדארפט דורכמאכען פילע קאמפליקאציעס. איך האב אבער דעם וועג דורכגעבראכען. אין א שעהנעם מוצאי שבת האב איך זיך אין א געוויסען מ ו ש ב באגעגענט פנים אל פנים מיט דריי פון די אנטלאפענע. היינט געהען זיי שוין ארום פראנק און פריי אין תל אביב, אין ירושלים און וואו נישט. די ענגלישע סאלדאטען מיט זייערע געשולטע הינט האלטען זיי נאך אלץ אין ארומזוכען, פונקט ווי זיי האלטען אין איין זוכען די פארשידענע ברעגעס פון ים און די שפאלטען פון די בערג דורך וועלכע די אומלעגאלע פליטים ווערען אריינגענומען... אבער דאמאלסט האבען זיי נאך געשפילט די ראלע פון באהאלטענע.

וואָס די דאָזיגע צום טויט פאַרמאַטערטע מענשען האָבען מיר אַנדער־צעהלט וועגען גיהנום'ס, יסורים, קראַנקהייטען, הונגער און מגפות, וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט אין משך פון דריי־פיר יאָר, בין איך נישט בכח איבערצוגעבען. און ווער וואָלט עס יאָ געקענט? וועלכער קינסטלער אָדער דיכטער קען זיך פאַרמעסטען צו מאָלען דאָס קלאָג ליד פון היינטיגע חורבנות? און ווען יאָ — ווער וואָלט עס געקענט גלויבען?

איינער פון די דאָזיגע בחורים האָט מיט זיינע שילדערונגען מיך מורא־דיג פאַרכאַפּט:

„מיין וועלט איז במילא אַ צעבראָכענע — האָט ער געזאָגט — פון מיין גאַנצע משפחה איבער 60 מענשען איז קיינער נישט פאַרבליבען. ווי אַזוי מיין אַלטער זיידע, מיין טאַטע, מיינע ברידער האָבען באַגעגענט דעם גרויזאַמען טויט ווייס איך נישט. ווי מען גיט מיר איבער, האָט מען זיי, אַנגעטאָנענע אין טליתים און תכריכים לעבעדיגערהייד באַגראָבען. זיי זיינען נישט די איינ־ציגע. הונדערטער טויזענטער אידען האָבען אויף אַזאַ אופן זייערע הייליגע און ריינע נשמות אויסגעהויכט. וואָרום אַזוינע אומשולדיגע, צדיקים גמורים, האָבען באַקומען אַזאַ סוף, פאַרשטעה איך ניט. איך וויל חלילה נישט ריידען כלפי מעלה... עס זיינען נאָך פאַרבליבען רעשטלעך אידען, בלויז רעשטלעך, צעבראָכענע שאַרבענס און אומגליקליכע געמיטער. מיר מוזען זיי ראַטעווען. וואָס די גויים האָבען אונז געטאָן, וועלען מיר מעגליך פאַרגעסען, אויב מען קען פאַרגעסען. איינס וועלען מיר נישט דערלאָזען: צושליסען די טויערען פון ארץ־ישראל — דאָס נישט! זיי רירען אָן אין פינטעל פון אויג, אין סאַמע האַרץ. מיר וועלען שפּרינגען אין פייער און אין וואַסער. מיר וועלען קעמפען ביז מסירת נפש..."

מער האָט ער נישט געקענט רעדען. ער האָט צוזאַמענגעבראָכען אין אַ יאָמערליכען געוויין. די גאַנצע מסיבה האָט זיך נישט געקענט קאָנטראָלירען. אַ קוואַל פון טרערען האָט זיך געעפענט און מיר אַלע האָבען מיטגעוויינט.

„אין פייער און אין וואַסער, אויף מסירת נפש" — דאָס איז דער שטאַרקסטער דעוויז פון דעם יונגען אידישען דור אין ארץ־ישראל. די אַטליס און די בעווינס האָבען פאַר זיך אַ שווערע מלחמה. זיי האָבען אַפּנים פאַרגעסען, אַז זיי האָבען צו טאָן מיט די אייניקלעך פון די חשמונאים, מיט „סלמנדרא" אידען, מיט אידען וואָס זייער ירושה איז מסירת נפש...

אַ גרופּע פּריוואַטע האָט מיך שפּעט אין אָוונט באַגלייט אין אַן אויטאָמאָ־ביל אויף דעם וועג קיין תל־אביב. די גאַנצע צייט האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט. קיינער האָט אַ וואָרט נישט גערעדט. פאַר מיר איז דורכגעלאָפן אַ גאַנצע רייע פון שוידערליכע בילדער: וואַרמייזאַ, קאָרדאָוואַ ביז די גאַז־קאַמערן אין בעלזען בערגען, ביז די געפּייניקטע אידישע פּליטים אין עטלית...

און פונדעסטוועגן האָבן נאָך די פּרעסע אַגענטן פון אַטלי און בעווין די עצה צו פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון ישוב און אים שטעמפּלען אַלס אַ „באַנדע פון טעראָריסטען".

# דער גייסט וואָס באַהערשט ארץ ישראל

## ג.

אין אַ דאָרף, ניט ווייט פון חיפה, וואו דער רוב פון די מענשען איז גענויגט צו ראַדיקאַלע טענדענצען, האָב איך אין אַ חול המועד סוכות׳דיגען אָוונט פאַרבראַכט אין אַן עכט אינטעליגענטער מסיבה. איך האָב אָט דעם דאָרף איצט, פונקט ווי אין מיין פריערדיגען באַזוך, ניט דורכגעלאָזט. די פירער פון דאָרף האָבען מיך באַגעגענט מיט וואַרימקייט, וויסענדיג, אַז כ׳בין אַן אָפּענער געגנער צו זייער אידעאָלאָגיע, אָדער ווי איינער האָט מיך קאָמפּלימענ־טירט: אַ שאַרפער געגנער. די מדה פון הכנסת אורחים ציט זיך פון אברהם אבינו אָן און אויב צען מאָס פון הכנסת אורחים איז אַרונטערגעגאַנגען אויף דער וועלט, האָט ארץ־ישראל צוגענומען דעם גרעסטען טייל. זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די „פני" און מיך ברודערליך באַגריסט און געמאַכט מיך פילען, אַז „בתוך עמי אנכי יושב".

אַ גייסטרייכער אָוונט איז דאָס געווען. גערעדט, געשמועסט און באַרירט פאַרשיידענע פּראָבלעמען, אַפילו די קינדערליך — אוי, טייערינקע ארץ־ישראל׳דיגע קינדערלעך — זיינען געזעסען צוזאַמענגעדריקט און מיט ערנסטקייט זיך איינגעהערט צו די לעבהאַפטע וויכוחים. אַ גרויסער טייל פון דעם דאָרף, געוועזענע סטודענטען פון אייראָפּעאישע אוניווערזיטעטען, זיינען פאַרבליבען די זעלבע בוך־מענשען ווי אַמאָל ניט קוקענדיג אויף די פופצען־צוואַנציג יאָר פון שווערע, זעהר שווערע, אַרבייט ביי דער ערד. דאָס נייע לעבען האָט ניט איבערגעריסען זייער באַציהונג צום ספר. זעהר טרעפליך האָט עס איינער פאָרמולירט: „מיר זיינען אַן „עם השדה" געוואָרען, אָבער ניט קיין „עם הארץ"...

די וועלט מלחמה האָט אויפגעטרייסעלט די יסודות פון דער מענשהייט. די אויפטרייסלונג האָט אויך שטאַרק אַנגערירט אונזער אייגענעם ווינקעל.

נייע ווינטען האָבען אָנגעהויבען בלאָזען. אין די חדרי־חדרים פון די אידישע מוחות עגבערען נייע מחשבות. רופט עס הרהורי תשובה, רופט עס חשבון־הנפש. דער נאָמען איז ניט וויכטיג, אָבער אַ שטילע רעוויזיע לויפט דורך אין די באַהאַלטענע קאַמערען פון דעם דענקענדיגען אידען. מען זוכט נייע וועגען, נייע ריכט־ליניען. אין דעם דאָזיגען קרייז פון אידישער אינטעליגענץ האָב איך דעם נייעם צייט־גייסט דערשפּירט.

דער מצב פון אידען און אידישקייט איז געווען דער הויפּט ענין אַרום וועלכען דער וויכוח האָט זיך געדרייט. עס זיינען געפאַלען בליציגע געדאַנקען וואָס מען קען ניט ערוואַרטען פון פּשוט׳ע ערד־ארבייטער. איינער האָט אַרויסגעבראַכט אַזאַ מחשבה: „לאָמיר ניט פאַרמאַכען די אויגען פון דער ווירקליכקייט. אונזער מצב אין דער וועלט איז אַ שווערער. די צאָל פון אידען איז ניט מאַסגעבענד. געווען צייטען ווען מיר האָבען געציילט דריי מיליאָן אידען — דאָס אידישע פאָלק איז אָבער געוואָרען שטאַרקער, ווייל — „כל כלי יוצר עליך לא יוצלח״. מיליאָנען יחידים ווערען פאַרשוואונדען, דאָס פאָלק בלייבט. דעמאָלט האָבען מיר געהאַט אַן אינערליכע פעסטונג וואָס די שונאים האָבען ניט געקענט איינברעכען. מיר מוזען זיך צוריקקערען צו די אַלטע דרכים. מער קולטורעלע שאַפונגען, מער עטישע פאַרטיפונג, מער אמונה אין דער אידישער אייביגקייט. מיר האָבען פאַרלוירען דעם כ מ ו ת פון אידען. וואו נעמט מען מער א י כ ו ת?״

פאַר מיר זיינען די דאָזיגע רייד געווען אַ מאָדנע דערשיינונג. איז דאָס דער פועל־יוצא פון דער וועלט איבערקערעניש? צי איז דאָס דער כח פון ארץ־ישראל? מיט עטליכע יאָר צוריק האָב איך אין דער זעלבער הויז געפונען אַלערליי העברעאישע ספרים, אָ ב ע ר אַ ר ע ל י ג י ע ז ע ר ס פ ר ה אָ ט ג ע פ ע ה ל ט. היינט געפינט מען אַ תנ״ך, ביאַליק׳ס „ספר האגדה״, עגנונ׳ס „ימים־נוראים״. עס שמעקט מיט אַן אַנדער אַטמאָס־פערע. מען רעדט אַזוי פאַרזאָרגט ניט בלויז וועגען אידען, נאָר וועגען אידיש־קייט, אַפילו נאָך ז י י ער באַגריף פון אידישקייט...

איינער פון דער מסיבה האָט אַריבערגעצויגען דעם געשפּרעך אויף מאַקס נאָרדוי׳ס ביכער „די קאָנווענציאָנעלע ליגענס פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע״, „דעגענעראַציע״ און „פּאַראַדאָקסען״, וועלכע האָבען מיט פופציג יאָר צוריק אויפגעציטערט די ליטעראַרישע קרייזען. דער ארץ־

ישראל'דיגער אידישער „פויער", וועלכער גריבעלט זיך אין פילאָזאָפישע און סאָציאָלאָגישע פּראָבלעמען גלויבט, אַז נאַרדוי'ס רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען וועגען דער פּאַרפּוילטקייט און דעמאָראַליזאַציע פון דער היינטיגער קולטור, וואָלטען באַדאַרפט ברייט און טיף פּאָפּולאַריזירט ווערען, ווייל די וועלט פון היינט שטעהט אַ סך ערגער פאַר אַ גייסטיגען און קולטורעלען באַנקראָט.

„אַ שאָד, האָט דער פילאָזאָפישער „פויער" גע'טענה'ט, — וואָס די אינטעלעקטועלע וועלט האָט זיך ניט צוגעהערט צו נאַרדוי'ס שאַרפען אַנאַליז איבער דער פּאַרפּוילטקייט פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע פּונקט ווי די ציוניסטישע וועלט האָט ניט פאַרשטאַנען זיך צוצוהערען צו זיינע דרייסטע פאָדערונגען וועגען אַריינברענגען הונדערטער טויזענדער אידען נאָך ארץ־ישראל. נאַרדוי איז ווי אַ פאַרגעסענער אין דער ציוניסטישער וועלט, אָבער זיינע „קאָנווענציאָנעלע ליגענס" איבער קולטור פון פעלקער, זיין וויטע וויזיע וועגען ציוניזם און ציוניסטישע אַספּיראַציעס, בלייבען אַן אייביגקייט".

כ'האָב דערמאָנט דער אינטערעסאַנטער געזעלשאַפט, אַז אויך אין יענער צייט האָבען ענגלישע קריטיקער אויף נאַרדוי'ס געוואַגטע ביכער זיך באַנוצט מיט די זעלבע מעטאָדען וואָס דער ענגלישער קאָלאָניאַל אָפיס באַנוצט זיך היינט. דער שאַרפסטער קריטיקער בערנאַרד שאָו, וועלכער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון די איידאָפּעאישע קולטור־געטער וועמען נאַרדוי האָט אַרונטערגעוואָרפען פון זייערע טראָנען, האָט אים פאַרגעוואָרפען, אַז ער איז אַ צעשטערענדער כח, אַז ער זעהט בלויז די נעגאַטיווע זייטען פּונקט ווי זיינע עלטער־עלטער זיידעס, מיינענדיג דערביי די אידישע נביאים...

כ'וועל זיך שפּעטער נאָך אומקערען צו דעם אינטערעסאַנטען געשפּרעך מיט אונזערע אידישע „פויערים", אָבער בעת מעשה האָב איך געטראַכט: שווער איז איבערצובייטען דעם כאַראַקטער פון די גוים. די ענגלישע רעגירונג, וועלכע האָט עפענטליך צעבראָכען אירע הבטחות צום אידישען פאָלק און באַציט זיך מיט אַ חוזק באַציהונג צו די נויטען פון אַ ליידענדען פאָלק — זיי זיינען עס די קאָנסטרוקטיווע עלעמענטען וואָס ווילען באַזאָרגען דער חרוב געוואָרענער וועלט מיט יושר און דעמאָקראַטיע. נאָר מיר, דער עם עני ואביון, וועלכע זיינען זיך מקריב צו ראַטעווען זייער בלוט און פלייש, זיינען עס געוואָרען אַ צעשטערענדער כח... ווער וויים וויפיל אַנדערע בלבולים דער אויסערן־מיניסטער פון דער ענגלישער אַרבייטער־ממשלה וועט נאָך אויף אונז אויסטראַכטען.

„אַ באַנדע פון גענגסטערס" — דאָס איז דער נאָמען מיט וועלכען די ענגלישע אַדמיניסטראַציע פון ארץ־ישראל האָט אונז געקרוינט. ווער עס באַזוכט ארץ־ישראל און באַטראַכט די גרויסע עקאָנאָמישע און קולטורעלע ערפאָלגען וואָס דער ישוב האָט דערגרייכט מיט שווייס און מאַרך, מוז אָפּוואַרפען מיט דער ביטערסטער אַנטריסטונג די פאַרלוימדונג און באַשולדיגונג, אַז מיר זוכען צו שאַפען טעראָר און אַרויסרופען מלחמה. מיר זיינען אַ פאָלק פון שלום. מיר זיינען געקומען אין דעם לאַנד צו אַנטוויקלען אַ רוהיג און בעסער לעבען. ווען ניט די אינטריגעס מצד דער ענגלישער רעגירונג פאַר וועמען עס לוינט זיך בעסער צו האָבען אַן אָפּגעשטאַנענעם, אָפּגעלאָזטען און פרי־מיטיווען מיטעלען־מזרח איידער קולטור און ציוויליזאַציע, וואָלטען קיין ערנסטע קאָנפליקטען צווישען אידען און אַראַבער ניט פאַרגעקומען. די אַראַ־בער אין ארץ־ישראל לאָזען זיך ניט היינט, טראָץ די שטענדיגע העצעריי פון די ענגלישע אַגענטען, אַזוי גרינג פאַרפירען פון די ענגלישע הבטחות. ניט קוקענדיג אויף די ערנסטע אָנגעצויגענע באַציהונגען וועלען די אַראַבער ניט וואַגען אַזוי שנעל צו מאַכען איבערפאַלען אויף אידען, אַזוי דענקען די פירענדסטע פערזענליכקייטען פון ישוב. ערשטענס, ווייל דער ישוב איז גוט אָרגאַניזירט און איז מוכן ומזומן פאַר אַלע באַדינגונגען; און צווייטענס, די אַראַבער, וועלכע זיינען אויך ניט ווייט פון שקרנות'דיגער פּאָליטיק, האָבען דורך דער צייט געלערענט, אַז ענגלאַנד'ס אינטריגעס זיינען ניט געצילט פאַר זייער טובה וועגען. די ענגלישע אַגענטען האָבען זיך אַן עצה געגעבען. זיי האָבען איבערגעפירט די העצערייען נאָך קאַירא און טריפּאָלי, וואו אומוויסענדע אַראַבער זיינען באַפאַלען די אידישע שכונות, באַרויבט אידישע געשעפטען, אויפגעריסען שוהלען און פאַרברענט ספרי תורה'ס, הכל לפי מנהג הפּאָגראָמען...

אַט אַזוי פירען זיך די היינטיגע דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע מלוכות. ווען אַ געניאַלער אידישער דענקער האָט אויפגעדעקט די פאַלשקייט פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע האָט מען אים אין ענגלאַנד פאַרשריגען אַלס צעשטערער און צעברעכער, און ווען די אייניקלאַך פון די חשמונאים זיינען זיך מקריב פאַר דער הצלה פון זייערע געליטענע ברידער קומען די טרעגער פון סאָציאַליסטישען געדאַנק און שטעמפּלען זיי אַלס אַ „באַנדע פון טעראָ־ריסטען".

און ניט אומזיסט האָט מען ביי דער דערמאָנטער מסיבה פון די „פשוט'ע"

ערד־אַרבייטער, וועלכע האָבען אין זייערע יוגענטליכע יאָרען קנאות׳דיג גע־קעמפט פאַר יעדע קוצו של יוד פון מאַרקס׳עס אָדער לעניג׳ס תורה, גערעדט מיט אַזוי פיל פאַרביטערטקייט און אַנטוישונג פון דער היינטיגער דעמאָקראַ־טיע, און פון די היינטיגע אַרבייטער פירער. „מיר פילען זיך מורא׳דיג פאַר־וואונדעט, האָט איינער פון דער מסיבה געזאָגט, ניט ווייל זיי ווילען אויסלעשען אונזערע נאַציאָנאַלע האָפנונגען, נאָר ווייל זיי האָבען צעבראָכען אונזערע וועלט־חלומות און צעשטערט אונזער גאַנצען אידעען־גאַנג. מיר מוזען אָנ־הויבען דעם קאַמף פון ד אָ ס־ב י י, און אין אַ גאַנצער אַנדער ריכטונג״.

און אָן אַ באַגרינדונג געהט עס ניט ביי דער דאָזיגער חברה פון איני־טעלעקטועלע ערד־אַרבייטער. האָט ער עס אילוסטרירט מיט אַזאַ ביישפיל: „ווען מיר זיינען אַריין אין דער הגנה האָט מען אונז אין דער צייט געגעבען ליידיגע רעוואָלווערען אָהן קוילען. איינער פון די חברים, זייענדיג אומדער־פאַרען אין די הלכות־שיסען האָט איבערגעקערט דעם רעוואָלווער מיט׳ן מויל צו זיך. ווען דער לערער האָט עס דערזעהן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „אין מלחמה איז פאַראַן אַ כלל, אַז שיסען דאַרף מען דעם שונא און ניט זיך״... אַלע יאָרען האָבען מיר געלעבט אין טעות. פילע פון אונז האָבען געדענקט, אַז אַלצדינג וואָס איז פאַראַן ביי זיי — די גוים — איז גוט און שעהן. האָבען מיר כסדר געזוכט חסרונות נאָר צ ו ו י ש ע ן זיך און געקעמפט ג ע ג ע ן זיך... היינט זעהען מיר די „גוטסקייט און שעהנקייט״ פון דער דעמאָקראַטישער וועלט. דער קאַמף דאַרף געצילט זיין געגען זיי.

כ׳האָב זיך פון דעם קבלת־פנים אַזוי שנעל ניט אויסגעדרייט. ס׳איז שוין שפעט נאָך חצות און דער וויכוח האַלט נאָך אין סאַמע ברען. פאַרענדיגט האָט זיך די מסיבה מיט אַ התלהבות׳דיגען חסידישען ריקוד און מיט אַ האַרציגען ניגון: „לא אמות כי אחיה, לא אמות כי אחיה״.

אין מזרח באַווייזען זיך שוין גאָלדענע־ווייסע שטראַלען. דאָ און דאָרט הערען זיך די פיס־טריט פון אַן אַרבייטער, וועלכער גייט מסתמא באַזאָרגען די בהמות און די הינער מיט פת־שחרית... איך דרעה זיך אויף מיין בעטעל. שווער צו כאַפּען אַ דרעמעל. אין מיינע אויערען קלינגען די ווערטער: „לא אמות כי אחיה, לא אמות כי אחיה״...

אַ באַוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער, אַ גרויסער תורה אויי־

טאַריטעט און דערצו אַ הייסער ליובאַוויטשער חסיד, מיט וועמען איך פלעג זיך אָפט צוזאַמענטרעפן אין ירושלים און אַרומשמועסן די נייע מיסטישע שטרעמונגען פון היינטיגען דור האָט געזוכט צו באַווייזן, אַז על פי זוהר און על פי חסידות איז די דאָזיגע דערשיינונג ניט ניי, זי אַנטפּלעקט זיך פון צייט צו צייט אין ד ע ר אָדער אין א ן א נ ד ע ר צורה.

„איר ווייסט דאָך וואָס חסידישע ספרים זאָגן, אַז יעדער איד, אַפילו דער גרינגסטער פון די גרינגסטע טראָגט אין זיך הייליגע פונקען און ווער רעדט וועגען הויכע נשמות. פונקט ווי די לאַמעד וואָוניקעס (ל"ו צדיקים) פירען אַ באַהאַלטענעם לעבען און וואַרטען אויף אַ פּאַסענדער צייט פון התגלות, אַזוי פּאַסירט דאָס זעלבע מיט אַלע גרויסע נשמות ווי פאַרבלאָנדזשעט זיי זאָלען ניט זיין. פריער־שפּעטער וואַרפען זיי אַראָפּ פון זיך די קליפּות און קערען זיך צוריק צו די ערשטע מקורות. ארץ־ישראל איז דער זאַמלונגס־אָרט פון אַלע הייליגע פונקטען — זיי מוזען נתגלה ווערען... ארץ־ישראל וועט נאָך איבערראַשען דער וועלט מיט נייע געטליכע ווערטען. דער גלות איז דערויף ניט מסוגל. דאָרטען ווערט יעדע גרויסע אידישע פאַרוואַסערט, פאַרטונקעלט, פאַרטויבט, וואונדערט זיך ניט אויף די נייע מיסטישע טענדענצען. דאָ ליגט דער כח פון ארץ־ישראל...

# ווי רעליגיעזע חלוצים בויען ארץ ישראל

## ד.

זונטאָג פאַרטאָג, ראש חודש חשון התש"ו, האָט זיך אויף די בערג פון חברון אָפּגעשפּילט אַ דראַמאַטישע סצענע, וואָס וועט בלייבן פאַראייביגט אין דער געשיכטע פון ישוב. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זיך געהערט דער געררויש פון שיירות (גרופּען), וועלכע האָבן זיך געצויגען אויף די קרומע, נאָך נישט אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, צום אָרט וואו עס וועט דערראָבערט ווערען אַ נייער פּונקט פון התישבות (קאָלאָניזאַציע). זינט די בלוטיגע ראַיאָטען אין 1929 שטעהט דער גאַנץ גרויסער שטח פון ירושלים ביז חברון, מיט אַלע היסטאָרישע פּונקטען און נאַטור־שעהנקייטען פאַרלאָזען, און קיין שום אידישען ישוב קען מען דאָרטען נישט געפינען. די פירענדע פּערזענליכקייטען פון ארץ־ישראל פילען זיך כסדר פאַרזינדיגט, וואָס מען האָט, זינט יענער צייט, אין חברון פאַרגעסען. אויף דער זיצונג פון אַקציאָנס קאָמיטעט, אין יאָר 1938, אין לאָנדאָן, האָב איך געהאָט די מעגליכקייט אינטים צו פאַרברייגגען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם מנחם אוסישקין ז"ל. האָט ער מיר דאַמאָלסט געזאָגט, אַז פון איין זייט פילט ער זיך גליקליך, וואָס זיין באַוועגונג צוריק אויפצובויען ירושלים האָט געבראַכט דערפרעהענדע רעזולטאַטען. אָבער פון דער צווייטער זייט פיהלט ער גרויס צער וואָס מיר האָבן חברון פאַרנאַכלעסיגט.

„מיר האָבן צעשטערט אַ גרויסע פּאָזיציע — האָט ער מיט טיפען וועהטאָג זיך באַקלאָגט. אַ חוץ וואָס מיר האָבן פאַרלוירען אַ שטאָדט, וואו עס קענען וואוינען הונדערטער און הונדערטער אידישע משפחות, איז עס פאַר דער אויסערליכער וועלט אַ סימפּטאָם פון פּאָליטישער שוואַכקייט".

ווער עס באַזוכט יענעם שטח און באַטראַכט די אוימגעהוירע מעגליכקייטען, וואָס מיר האָבן פאַרנאַכלעסיגט, פילט דעם זעלבען צער. די הייליגקייט פון ירושלים און אירע נאַציאָנאַלע חשיבות האָבן אין אַלע תקופות געצויגען

אידישע הערצער, אָבער אויך זי וואָלט נישט דערגרייכט דעם איצטיגען אויפבויאונגס אימפעט, ווען נישט אוסישקינ׳ס באַוועגונג „לתקנתה של ירושלים". עס פעהלט אַ צענטראַלע פערזענליכקייט, וואָס זאָל זיך אַריינוואַרפען מיט הייליגען פייער אין דער אויפבויאונג פון חברון. איך צווייפעל, אויב פּאָליטישע שוועריגקייטען אָדער די פיזישע געפאַרען זיינען די סיבות, וויל ווער אין ארץ ישראל שרעקט זיך פאַר קרבנות אָדער סכנות? דער שעהנסטער שטריך מיט וועלכען ארץ־ישראל צייכענט זיך איצט אויס, איז: ג ב ו ר ה, ע ק ש נ ו ת און נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן ש ט אָ ל ץ. דאָס איז אַ ירושה פון אַמאָליגע דורות. וואָרום די ערשטע פּיאָנערען האָט געצויגען צום גליל, צו תל־חי. דאָס איז צו פאַרשטעהן. דאָרטען איז געווען דער צענטער פון אידישער גבורה. יעדער שטיין און שטיינדעל פון יענע הויכע שלענגענדע בערג זיינען סימבאָליש פאַר׳ן אידישען העראָאיזם. וואָרום עס האָבען זיך אויך נישט געפונען אידען, וואָס זאָל זיי ציען צו דער ק ד ו ש ה פון חברון, און אַפילו צו צפת אָדער טבריה, בלייבט אומפאַרענטפערט.

אמת, דער גרויסער מרביץ תורה און חובב הארץ ר׳ משה מרדכי עפשטיין ז"ל, דער גרינדער פון חברון׳נער ישיבה, האָט געמאַכט אַ שריט, וואָס האָט זיך זעהר טראַגיש פאַרענדיגט. זיין כוונה איז דאָך בעצם געווען נישט נאָר אויפצושטעלען אַ געצעלט פון תורה, נאָר אויך צוריק אויפבויען חברון. דער געוואַגטער שריט האָט אים געקאָסט טייער. אָבער זינט דאַן זיינען געווען געוויסע צייטען, ווען מען האָט געקענט צוריק אַריין אין חברון, עס האָט נאָר געפעהלט דער נויטיגער שטויס און דער אינערליכער דראַנג. די וועגען פון ירושלים ביז חברון זיינען געבליבען פאַרלאָזען און געוואַרט אויף די גייסטיגע העלדען, וואָס זאָלען זיי באַנייען און אויפלעבען.

און די בנים־בונים, די אייניקלעך פון די אבות, וועלכע רוען אין חברון, האָבען זיך סוף כל סוף אָפּגערופען. מיט צוויי יאָר צוריק איז אויף די חברונ׳ער בערג אַרויף אַ גרופע פון פייערדיגע אידעאַליסטען, חברים פון דער מזרחי באַוועגונג, און געלייגט דעם יסוד פון דער ערשטער פעסטונג „כפר עציון". אַ העזה׳דיגער שריט איז דאָס געווען. דער ישוב האָט מיט פאַרוואונדערונג געוואָרפען זיינע בליקען צו די דאָזיגע רעליגיעזע בחורים פאַר זייער געוואַגטקייט. מיט ציטערדיגע הערצער האָט דער ישוב זיינע ברכות געשיקט. הלואי זאָלען זיי מצליח זיין. ביים אַרויפגעהן אויפ׳ן באָדען אין „כפר עציון" האָבען די אידעאַליסטישע יונגעלייט אַ טאָפּעלטען ציל געהאַט. ערשטענס, צו פאַר־

כאַפּען אַ נייע פּאָזיציע, אַ געפערליכע פּאָזיציע. מען מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּשטויסען די פאַלשע אילוזיע, אַז אידען ציטערען פאַר די אַראַבער, און צווייטענס, אויף דעם אָרט פון „כפר עציון" איז געשטאַנען אַ מאָנאַסטיר פון צוררי ישראל, דייטשע גלחים, וועלכע פלעגען צווישען די אַראַבער פאַר־שפּרייטען גיפט און האַס געגען אידען, און די דאָזיגע פרומע יונגעלייט האָבען עס באַטראַכט פאַר אַ באַזונדער מצוה אויסצורייסען די עבודה זרה, אויסברעכען זייערע צלמים און אנשטאָט דעם אויפשטעלען אַ אידישען קיבוץ, וואָס איז פּאַסענד פאַר די הרי חברון...

מיט צוויי יאָר צוריק און היינט: וואָס פאַר אַן אונטערשייד! אפילו די געשוואוירענע אפּטימיסטען האָבען נישט געגלויבט אַז „כפר עציון" זאָל דער־גרייכען אַזאַ בליענדען מצב. איבער צוויי הונדערט יונגע מענשען שאַפען און אַנטוויקלען דאָרטען אַ רעליגיעזען אידישען לעבען, באַאַרבייטען אַ שטח פון דריי טויזענט דונאַם לאַנד, אויפגעבויט אַ רייע פון שעהנע הייזער און בנינים, און מיט דער צייט וועט דאָרטען אויך ווערען אַ פּראַכטפולער זומער רעזאָרט צוליב די וואונדערבאַרע לופט וואָס פילט אַן די הויכע בערג פון חברון. עס האַלט זיך איצט אין בויען אַ סאַניטאַריום פאַר רעליגיעזע העברעאישע שריפט־שטעלער, וועלכע זאָלען קענען דאָרטען זיך אָפּרוען און דערפרישען זייערע כחות. דער גרויסער העברעאישער שריפטשטעלער ר' בנימין האָט נישט געוואָלט וואַרטען אויף שפּעטער, האָט ער באַצייטענס אָפּגעדונגען אַ צימער און אַרבייט דאָרטען דעם גאַנצען זומער. „דער פּלאַץ איז מסוגל פאַר השראת השכינה", האָט ער מיר געזאָגט. אגב, דאָס איז נישט דער ערשטער דאָרף, וואָס די חברים פון „הפועל המזרחי" און מזרחי האָבען אויפגעבויט. „כפר עציון" האָט אָבער אַ באַזונדערען מזל. די אויפבויאונג געהט אַן אַ סך שנעלער און מיט אַ פיעל גרעסערען טעמפּא. אין גאַנצען צוויי יאָר — און מען געפינט דאָרטען אַלצדינג וואָס אַ מאָדערנער מענש דאַרף האָבען. אפילו וואַסער געפינט זיך ה י י נ ט ל ר ו ב. אין די ערשטע חדשים איז דאָס געווען אַ שווער פּראָבלעם. לעצטענס האָט מען איינגעריכטעט אַ וואַסער־לייטונג, איז דאָס פּראָבלעם כמעט ווי געלעזט. אָבער צוליב ז י כ ע ר ק י י ט הענגט עד היום אַ שילד: „ו ש א ב ת ם מ י ם ב ר ח מ נ ו ת"...

נישט ווייט פון „כפר עציון", אַ האַלבע שעה גאַנג צופוס, האָט מען אין יענעם זונטאָג פאַרטאָג געלייגט דעם גרונדשטיין פון אַ צווייטען דאָרף, וואָס טראָגט דעם נאָמען „משואות יצחק" לכבוד דעם רב ראשי פון ארץ־ישראל

הרב ר׳ יצחק אייזיק הרצוג שליט״א. צוויי פייערליכע מאָמענטען זיינען פאָרגעקומען. ביים אַרויפגעהן אויפ׳ן באָדען, און שפּעטער ביים נאָמען געבען. אַ גרויסער היסטאָרישער פאַרטאָג! די חברונ׳ער בערג האָבען אַזאַ רירענדען בילד נישט געזעהן איבער צוויי טויזענט יאָר!

אויף די שמאָלע קרומע וועגען, באַלויכטען פון די פינקעלדיגע העלישע שטערען, האָבען זיך געצויגען מחנות מענשען פון פאַרשידענע ריכטונגען, וועלכע זיינען געקומען נישט נאָר בייצוואוינען די חגיגה, נאָר בעיקר צו לייגען די שטיינער פון דעם ערשטען בנין. די נאָהענטע שכנים — חברים פון כפר עציון זיינען נאַטירליך די הויפּט מחותנים. דאָרטען האָט מען שוין אין די לעצטע עטליכע וואָכען צוגעגרייט די ברעטער, די ווענט, די טירען און אַלע אַנדערע מכשירים. בראש פון דער כפר עציונ׳ער דעלעגאַציע געהט דער אַלטער־יונגער ר׳ בנימין, וועמען מען האָט מכבד געווען מיט טראָגען די ספר תורה. נאָך זיי ציען זיך גאַנצע גרופּען פון קרית ענבים, מעלה החמשה, אַרבייטער קיבוצים, קרן היסוד, קרן קימת, די אַגענטור, די ישיבות, און אחרון אחרון — חברים פון מזרחי, הפועל המזרחי, בני עקיבא און אליצור. אַ פאַרבענרייכער עולם מיט באַזונדערע אידעאָלאָגישע מיינונגען, אָבער פעלזען שטאַרק פאַראייניגט אין דער אידעע צו דעראָבערען וואָס מער פּאָזיציעס און אויפבויען שטאַרקער און שנעלער דאָס אידישע לאַנד.

דער אויפזעהער גיט אַ סיגנאַל — איש על מחנהו ואיש על דגלו! די עבודה פאַנגט זיך אָן תיכף און יעדער שטעהט שוין ביי זיין משמר, ביי זיין אָפּטיילונג און ביי זיין מלאכה. אַלץ ווערט געטאָן מיט פּינקטלעכקייט און אין בעסטער אָרדנונג. און ווען די זונען־שטראַלען האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען אין דעם פּראַכטפולען מזרח, איז שוין בולט געווען אַ טייל פון דעם שטיינערדיגען מויער. דער הילצערנער צריף, מיט דער קיך און די „שלאָף צימערען״ האָט „מאַיעסטעטיש״ געגלאַנצט מיט זיין „אויסערליכען״ אויסזעהן. בקיצור — דער צוקונפטיגער „דאָרף״ האָט שוין געהאַט אַ שטיקעל צורת הבית... דאַן האָט זיך אָנגעהויבען די אמת׳ע שמחה. אַרויפגעצויגען אין דער הויך די אידישע פאָן, אויפגעשטעלט אַ בימה מיט אַן ארון קודש, אָנגעטאָן זיך מיט טלית און תפילין און אַ הייסע התלהבות׳דיגע תפלה האָט זיך צעגאָסען איבער די חברונ׳ער בערג. קומענדיג צו „הלל״ האָט דער גאַנצער עולם מיט פריידאויסגעשריען:

„מאת ד׳ היתה זאת היא נפלאת בעינינו. זה היום עשה ד׳ נגילה ונשמחה בו״...

ווען אַ באַרימטער ראש ישיבה, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דער יוגענד געטראָגען די שטיינער, געצויגען די דראָטען, געקלאַפּט טשוועקעס, אויפגע־שטעלט דעם ארון קודש, האָט געשילדערט פאַר מיר מיט גרויס עקסטאַז דעם דאָזיגען פאַרטאָג, האָבען זיך טרערען געגאָסען פון זיינע אויגען. „איך וועל די נאַכט נישט פאַרגעסען, איך וועל די נאַכט נישט פאַרגעסען — האָט ער געהאַלטען אין איין איבער׳חזר׳ן — די פאַרלאָזטע בערג פון חברון האָבען הונדערטער יאָרען נישט געפילט די אַרבייט פון אידישע הענט. זיינען געקו־מען די גולי־ישראל, די פליטים פון בעלזען־בערגען, און מיט זיי זיך צוריק מתחבר געווען. איז דאָס נישט אַ געטליכער וואונדער? הייליגע הרי חברון, וויפיל יאָרען האָט איר דאַרויף מתפלל געווען?״

און דער ראש ישיבה רעדט ווייטער מיט דער זעלבער התלהבות: „ווען אַ הויכער באַאַמטער פון דער ענגלישער ממשלה איז אין דער פריה געקומען באַטראַכטען, וואָס מען האָט איבער נאַכט מחדש געווען, האָט ער אַרויסגעצייגט סימנים פון צופרידענהייט און געוואונשען, אַז אין צוויי יאָר אַרום זאָל ער דאָ טרעפען אַ פּרוכטבאַרען פּלאַץ, אַזוי ווי אין „כפר עציון״. שטילערהייט האָב איך געטראַכט: „אַ פּרוכטבאַרער פּלאַץ — להכעיס זייערע שטערונגען״...

ווען די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע איז מיט צוויי טעג שפּעטער געקומען באַזוכען דעם פּלאַץ, האָבען מיר שוין געטראָפען אַ געוואַלדיגען פּראָגרעס. דער „מויער״ אַרום, וואָס דינט אַלס שוץ־וואַנט, איז געווען פאַרענדיגט. דער שומר מיט׳ן ביקס באַגעגענט אונז פריינטליך און מיט פּאַראַד פירט אונז אַריין אין נייעם „מושב״.

„פאַר אַ יאָהרן בין איך געווען אין בעלזען־בערגען — האָט דער שומר איראַניש באַמערקט — און אַ נאַצי־סאָלדאַט איז געווען מיין משגיח, היינט בין איך ברוך השם אין ארץ ישראל און בין מיין אייגענער משגיח...״

חבר קירשבליום, וועמענס קוואַל פון נאַטירליכען הומאָר איז אין ארץ ישראל הויך געשטיגען, האָט זיך תיכף אַרויסגעלאָזט מאַכען אַן אינספּעקציע צי „אַלצדינג איז אין אָרדנונג״. איין זאַך געפעלט איהם נישט, וואָס עס איז נישטאָ אין צריף קיין באַזונדער עס־צימער. „עס פּאַסט נישט פאַר רעלי־גיעזע פּליטים צו עסען אין קיך״ — טענה׳ט קירשבליום. און באַלד האָט ער מיט חברה זיך אַרויסגעלאָזט נאָכזוכען אַ פּאַסענדען אָרט פאַר אַן עס־צימער

און זיי האָבען דאָס געפונען ערגעץ וואו אין אַ „היי"ל". אַזאַ „באַקוועמען" רעס־טאָראַן קען מען אפילו אין ניו־יאָרק נישט באַקומען, באַוויזט ער מיט אותות ומופתים, און חברה זיינען שוין גרייט צו טראָגען ברעטער, מאַכען בענק און טישען, און „אויסשטאַטען" אַ צייטווייליגען עס־צימער — עד לכשירחיב"... מיין הסכמה קריגען זיי נישט, ווייל מען זאָגט מיר, אַז דאָרטען שפּאַצירען אַרום בערג־שלאַנגען... דאגה'ט נישט — וויצעלט זיך איינער פון די עולים — אויב מיר האָבען געקענט בייקומען די נאַצי־שלאַנגען, וועלען מיר די חברון'ער שלאַנגען אַוודאי און אוודאי בייקומען...

דער גרונדשטיין לייגען פון „משואות יצחק", אין דעם שטח פון „סביבות ירושלים", וואָס איז דערמעגליכט געוואָרען דורך דעם אַמעריקאַנער „מחלקת חרדים" איז געווען אַ גלאָררייכער טאָג פאַר דעם ישוב. נאָך אימפּאָזאַנטער איז געווען דער הערליכער מאָמענט, ווען די פיהרענדע פערזאָנען פון ישוב זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און די נייע „נקודה" (פּונקט) געקרוינט מיט דעם נאָמען „משואות יצחק". ווער עס האָט יענע צוויי חגיגות בייגעוואוינט, האָט געשפּירט דעם ברענענדען גייסט, וואָס באַהערשט איצט גאַנץ ארץ־ישראל — דער גייסט פון קעמפען און בויען אונטער אַלע אומשטענדען.

פאָהרענדיג צוריק נאָך ירושלים מיט אַ פאַרטרעטער פון ועד לאומי האָט ער זיך נישט געקענט אָפּרעדען פון דעם וואָס זיינע אויגען האָבען געזעהן. „ווי אַזוי ברענגט מען אַהער אייערע אַמעריקאַנער אידען — זאָגט ער מיר — זיי זאָלען דערפיהלען דעם כח פון ארץ־ישראל. אונזער ישוב איז נישט גרויס. זיינען פאַראַן אין דער וועלט פיל גרעסערע ישובים, אָבער ער איז איינציג אין זיין שעפערישען כח. דער איד וואָס קומט נאָך ארץ־ישראל ווערט גייסטיג איבערגעבויט. מיר זיינען שטאָלצע מענשען, שטאָלצע אידען. דער נייער דור וועט בלייבען טריי צו די רעליגיעז־קולטורעלע שאַפונגען פון אונזער פאָלק. איהר דאַרפט וועגען דעם נישט זיין פאַרזאָרגט. די איינציגע זאָרג איז דער אומזיכערער לעבען אין גלות. דער היינטיגער גלות איז פיל ערגער ווי די פריערדיגע. ער איז ברוטאַל, מערדעריש און אַכזריות'דיג. אַלע טויערען פון מענשליכען רחמנות האָבען זיך פאַרמאַכט. די אידען פון דער וועלט דאַרפען דעם דאָזיגען טרויעריגען קאַפּיטעל פאַרשטעהן. צי איהר וועט אונז העלפען צי נישט — מיר וועלען אונזער קאַמף פאַרטזעצען. איהר קענט עס אָבער אַ סך גרינגער מאַכען".

ווען אונזער געשפרעך האט זיך אריבערגעצויגען צו דער איצטיגער ענגלי־שער פאליטיק, האט ער פארטגעזעצט:

„יעדע מלחמה ברענגט שאוויניזם און רעאקציע. אפילו דעמאקראטישע מדינות זיינען מיט דער קראנקהייט אנגעשטעקט. לכתחילה הייסט עס צו פאר־טיידיגען זיך מיט אימפעריאליסטישע אמביציעס. אין דער איצטיגער ענגלישער פאליטיק לגבי ארץ־ישראל זיינען אויך דא אנדערע כוונות: מצרים, סיריע, רוסלאנד און פיליכט אויך אמעריקע. ענגלאנד האט שטארק מורא, טאמער וועט רוסלאנד אדער אמעריקע אריינשטעלען א פוס אין נאהענטען מזרח. זי ציטערט אויך, אז דורך א פארגרעסערטען ישוב אין ארץ־ישראל וועט דער נאהענטער מזרח אביסעל זיך „אויסמענשלען". זי זעהט אין דעם א גרויסע סכנה. דעריבער פארשאפט זי אונז אזוי פיל צרות. ענגלאנד׳ס סטראטעגיקע איז א פאלשע. מיר וועלען פון דאנען נישט אוועקגעהן. מיר זיינען דא פאר־ווארצעלט. ארץ־ישראל איז דער איינציגער פלאץ, וואו מיר קענען נאטירליך לעבען. מיר דורשטען צו לעבען בשלום מיט אלעמען. אויב זיי ווילען אבער איבעררייסען מיט גוואלד אונזער לעבענס־פאדים, וועלען מיר מורא׳דיג קעמפען. דער ארויפגעהן אין „משואות יצחק" איז א רוף צום קאמף".

און דער דאזיגער העראאישער גייסט שפירט זיך נישט נאר אין די נייע פונקטען פון ישוב, נאר אפילו אין די ישיבה קרייזען — אין אט די קרייזען פון ראשי־ישיבות וואו מען לייגט מעהר געוויכט אויף תורה און יראת־שמים — נישט איין מאל איז מיר אויסגעקומען צו הערען, אז דער הויפט־שטאב פון „ארגון צבאי לאומי" (די עקסטרעמע רעוויזיאניסטען) געפינט זיך אין דער פרומסטער שכונה פון ירושלים, וואו מען באגעגענט דארטען דעם צווייטען עקס־טרעם — די רעכטע פון די רעכטע.

כ׳האב פארבראכט אן אווענט מיט א גרופע ישיבה־בחורים, אמת׳ע מופלגי־תורה, די געקליבענע פון די געקליבענסטע, און זיי האבען צוגעגעבען, אז דער דאזיגער קעמפערישער גייסט האט אריינגעדרונגען אין די ישיבות. ווען איך האב ביי איינעם, א וואוילער בחור מיט א לאנגער קאפאטע און גאר לאנגע פיאות, געפרעגט, צי איז ער א מיטגליד פון דער „הגנה", האט ער דיפלאמאטיש געענטפערט: „אזוינע זאכען פרעגט מען נישט. אויב איהר בלייבט לענגער אין ארץ־ישראל, וועט איהר אליין וויסען..."

דאס איז היינט א נאציאנאלער חוב, פון וועלכען קיין שום איד קען זיך נישט באפרייען. דער ישוב איז געווארען פאליטיש רייף און טראגט אויף זיך א גרויסע

נאַציאָנאַלע אַחריות. אידישע לעבענס אין ארץ־ישראל קענען נישט איבערגע־
לאָזט ווערען אויף הפקר. מען קען זיך נישט פאַרלאָזען אויף דער שמירה פון
אַראַבישע פּאָליציאַנטען אָדער ענגלישע סאָלדאַטען, דאַריבער הערשט אַזאַ מו־
טיגער קעמפערישער גייסט צווישען יונג און אַלט, פרום און ראַדיקאַל. און
אין דעם פּרט זיינען פאַרשוואונדען אַלע חילוקי־דעות. עס פאַראייניגט אַלעמען
איין מעכטיגער געפיהל — באַשיצונג, פאַרזיכערונג און מלוכה׳שע אויבוי־
אונג.

# די אידישע גייסטרייכקייט פון ישוב

## ה.

בעת דער פאַרשטאָרבענער סופרים־קאָורט ריכטער לואיס ד. בראַנדייס איז אין יאָר 1920 צוריקגעקומען פון זיין ערשטען באַזוך אין ארץ־ישראל, האָט ער פאַר אַן ענגען קרייז פון ציוניסטישע פירער איבערגעגעבען זיינע איינדריקען איבער דעם מצב אין לאַנד, די מעלות און חסרונות. אין דער פראַגע וועגען סיסטעם פון בויען צי דורך נאַציאָנאַלען קאַפּיטאַל אָדער דורך פּריוואַטען קאַ־פּיטאַל האָט בראַנדייס געהאַט זיין פעסטע מיינונג. זיין פּראַקטישער חוש האָט געצויגען מעהר צו פּריוואַטען קאַפּיטאַל. אין זיינע אינטערעסאַנטע באַאָבאַכ־טונגען האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַנדערע סאָציאַלע דערשיינונגען וואָס האָבען איהם שטאַרק באַאומרואיגט.

איינע פון די קוריאָזען וואָס ער האָט אילוסטרירט איז ווי פאָלגט: אין איינער פון די קבוצות האָט ער געפונען, אַז די חלוצים עסען די זעלבע מאכלים און טרינקען די זעלבע משקאות ווי אין רוסלאַנד פון וואַנעט זיי זיינען געקומען. בראַנדייס האָט עס באַטראַכט פאַר אַ סאָציאַלער עבירה, קומענדיג אין אַ וואַרימען קלימאַט האָבען זיי זיך באַדאַרפט צופּאַסען צו די נייע באַדינגונגען און ניט אַריבערברענגען דעם אַרט לעבען, וואָס פּאַסט פאַר אַנדערע קלימאַטען.

ווען אימיצער האָט דעמאָלט באַמערקט, אַז דער צופּאַסונגס פּראָצעס אין אַנדערע לענדער איז אויך ניט צוגעגאַנגען אַזוי גרינג, האָט ער געענטפערט מיט הרצל׳ס אַ וואָרט: „אין פּאַלעסטינע מוז עס אַנדערש זיין״...

אויב בראַנדייס וואָלט איצט געלעבט און באַזוכט די זעלבע מענשען וואָס ער האָט געזעהן מיט 25 יאָר צוריק, וואָלט ער בלי ספק געטראָפען אָט־די ענדערונ־גען — און אפשר אַ סך מעהר — וואָס ער האָט דערוואַרט. די וועלכע קומען נאָך ארץ ישראל אַקלימאַטיזירען זיך ניט נאָר בנוגע עסען און טרינקען, נאָר אויך, אין געוויסע פאַלען, זייער גאַנצען גייסטיגען מהות.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם עפּיזאָר ווען מיר איז אויסגעקומען אין אַ שבת׳דיגען טאָג אין תל־אָביב צו באַגעגענען זיך מיט מאַנכע טיפּען אידען, ניט לאַנג אַריבער געקומענע, פאַר וועמען עס איז שווער, ווי זיי האָבען זיך באַקלאָגט, זיך צוצופּאַסען צו די נייע באַדינגונגען און וועמען איך האָב געטרייסט, אַז דער ארץ ישראל גייסט וועט אויף זיי משפּיע זיין צו ענדערען זייערע מיינונגען.

אין דעם האָטעל וואו איך בין איינגעשטאַנען האָט זיך אויך געפונען אַ פאַמיליע פון דייטשלאַנד, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט נאָך ארץ־ישראל, ווייל קיין אַמעריקע האָבען זיי ניט געקענט קומען... דער מאַן, וועלכער האָט פאַרפירט מיט מיר אַ געשפּרעך, צוליב מיין אַמעריקאַנישען יחוס, האָט זיך באַ־קלאָגט וואָס דער נייער לעבען אין ארץ־ישראל איז צופיל שאָווינסטיש און צופיל רעליגיעז... לויט זיין מיינונג וואָלט מען באַדאַרפט שאַפען אַ מוסטער פון אַ נייער געזעלשאַפט וואָס זאָל אַנטהאַלטען מעהר דעם אייראָפּייאישען גייסט און זיך באַפרייען פון „די איבערבלייבענישען פון דער פאַרגאַנגענהייט״...

אויף מיין פראַגע וואָס ער פאַרשטייט אונטער די ווערטער „די איבער־בלייבענישען פון דער פאַרגאַנגענהייט״ האָט ער געענטפערט: „די אַלע צאַ־מען פון שבת, די שטרענגע מנוחה געזעצען, די ענינים פון כשרות וועלכע פּאַסען זיך ניט אַריין אין די ראַמען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט״...

ווען איך האָב זיך באַמיהט אָפּצושלאָגען זיינע טענות און באַווייזען, אַז אין זיין פּלאַן ליגט אַן איבערבלייבעניש פון דער דייטשער אַסימילאַציע, האָט ער מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און געפרעגט: „טראַכטען אַלע אַזוי ביי אייך אין אַמעריקע?״ דער אומצופרידענער איד וועמען היטלער האָט נעבעך פאַר־וואָרפען נאָך ארץ־ישראל האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך באַוואָפנט מיט אַלע סאָציאָלאָגישע ראיות, אַז אידען טאָרען זיך ניט איזאָלירען פון דער „ציוויליזירטער״ וועלט אפילו אין ארץ־ישראל.

„מיין אויפפאַסונג איבער נאַציאָנאַליזם, — זוכט ער צו באַווייזען, — איז אַנדערש. געוויס דאַרף מען אומקערען אונזער פאָלק צוריק צו ערד־אַרבעט, אָבער מיר דאַרפען אויסברייטערען אונזערע אידייען, איבעראַנדערשען אונזערע לעבענס פאָרמען, וואָס זיינען איינגעשרומפען געוואָרען אין די גלות־לענדער. מיר מוזען אַריינברענגען אַ נייעם אינהאַלט אין די נאַציאָנאַלע כלים. ארץ ישראל דאַרף זיך באַפרייען פון אַ געטאָ״...

אין מיין זכרון האָבען זיך אָפּגעפרישט פאַרשידענע תקופות: די תקופה

פון השכלה, ווען מען האָט געזוכט „אויסמענשלען" דעם אידען: די תקופה פון נאַציאָנאַליזם, ווען מען האָט געזוכט צו סינטעזירען דעם מענשען מיט דעם אידען. („יהדות ואנושיות") ; און איצט, ווען די איבערגעבליבענע פון דעם שארית־הפליטה זוכען פטור צו ווערען פון דער „איבערבלייבעניש פון דער פאַרגאַנגענ־הייט" — און דערצו נאָך אין ארץ־ישראל... וועלכע אידישע טראַגעדיע זאָל מען פריער באַדויערען?

דער דאָזיגער איד איז אָבער ניט קיין איינציגער. די אַסימילאַטאָרישע דייטשלאַנד האָט אונז באַוואָרגט מיט טויזענטער אַזעלכע „נאַציאָנאַלע" אידען, וועלכע קענען זיך ניט צופּאַסען צו דעם „שאָוויניסטיש־רעליגיעזען געפיהל און זייער מורא'דיג אומרואיג וואָס מען ברענגט ווינציג אַריין „איראָפּיאישקייט" אין די תל־אָביב'ער גאַסען אום שבת...

איך בין צופיל אָנגעשטעקט מיט דעם חסידישען גייסט פון ר' לוי יצחק בערדיטשיווער ז"ל, איז מיר שווער מלמד חוב זיין אויף אידען, און נאָך אויף גייסטיג צעבראָכענע אידען, וועלכע זיינען דורכגעשוואומען אַזוי פיל טייכען בלוט.

אין מיין שמועס מיט דעם רב־ראשי פון ארץ־ישראל הרב הערצאָג שליט"א, וועגען דער דאָזיגער דערשיינונג, האָט ער טרעפליך באַמערקט: „וואָס זאָל מען טאָן מיט קראַנקע אידען? ארץ־ישראל וועט זיי אויסהיילען"...

אין די גלות־לענדער, באַזונדערס אין אונזער אַמעריקע, איז מען געוואוינט צו באַציען זיך מיט אַ גרינגשעצונג צו דער אידישקייט אָדער צום שבת אין תל־אָביב. מען קען ניט פאַרלייקענען, אַז געוויסע עלעמענטען האָבען אַריבערגע־בראַכט פון די איראָפּיאישע לענדער אַ היפש ביסעל גייסטיגע פסולת נאָך ארץ־ישראל. פונדעסטוועגען קען מען מיט באַשטימטקייט פעסטשטעלען, אַז מיט אַלע חסרונות, איז תל־אָביב די וואונדערבאַרסטע אידישסטע שטאָט, וואָס האָט ניט קיין גלייכען אין דער געשיכטע פון אידען אין גלות. אין ירושלים שפירט מען פיליכט מעהר קדושה, ווייל דאָס איז דאָך ירושלים. דאַגעגען פיהלט מען אָבער אין תל־אָביב מנוחה ושמחה. און ניט נאָר דער שבת, נאָר אַלע ימים־טובים האָבען אין תל־אָביב אַ באַזונדערע פריילִיכקייט. תל־אָביב איז אין אַלגעמיין אַ יום־טוב'דיגע שטאָט, וואָס ברויזט מיט לעבען און יוגענט־ליכקייט. קומט אַ אידישער יום־טוב שפירט זיך אַ דאָפּעלטע שמחה. ווען די אידישע וויליאַמסבורג אָדער בראַנזוויל וואָלט פאַרמאָגט בלויז די ברעקלעך פון דעם תל־אָביב'ער שבת, וואָלטען מיר געהאָט אַ שיינעם שבת...

איך האָב די זכיה געהאַט דעם שבת צו פאַרברענגען ביי אַן „עונג שבת" מסיבה אין דעם באַוואוסטען „אהל שם", געגרינדעט פון דעם באַריהמטען נאַציאָנאַלען דיכטער חיים נחמן ביאַליק ז"ל, און דאָרטען האָב איך פאַרזוכט דעם טעם פון נשמה יתרה... אַלע ביאַליק'ס שאַפונגען זיינען געוואָרען אַ טייל פון דעם נאַציאָנאַלען אידישען אוצר, אָבער די גרעסטע קרוין פון זיינע שאַפונגען איז דער „עונג שבת", וואָס ציהט צו זיך טויזנעטער און טויזנטער אידען, וועלכע פאַרברענגען עטליכע שטונדען אין אַ ריין גייסטיגער אַטמאָספערע פול מיט דברי תורה און שיינע נגינה צוגעפּאַסט פאַר אַ מאָדערנער אידישער געזעלשאַפט.

ביים לייגען דעם גרונדשטיין פון „אהל שם" האָט ביאַליק פאָרמולירט די פּרינציפּען פון אָט־דער אינסטיטוציע, וועלכע איז געווען אַ מין גייסטיגע צוואה. צווישען אַנדערעס האָט ער דעמאָלט געזאָגט:

„מיר קומען נאָך ארץ ישראל זיך צו באַנייען. מיר ווילען שאַפען אַזאַ לעבען, וואָס זאָל האָבען אַן אייגענעם גייסטיגען געשטאַלט, און די גרינדער פון „עונג־שבת" האָבען געפיהלט, אַז בכדי צו אַזאַ בנין צו שאַפען מוז מען נעמען פון די אַלטע יסודות דעם שטאַרקסטען יסוד, און קיין שטאַרקערען יסוד ווי שבת האָבען זיי ניט געקענט געפינען, ווייל די יצירה פון שבת איז געקומען אַ סך פריער פון מתן תורה און ווייל דער שבת איז דער יסוד־היסודות פון גאַנצען אידענטום. ניט אומזיסט איז דער שבת אַ הייליגער צייכען צווישען גאָט און דאָס אידישע פאָלק. ווען מיר קערען זיך צוריק נאָך ארץ־ישראל מוזען מיר זיך אומקערען צוזאַמען מיט דעם שבת... איצט ווען מיר הערען די טריט פון דער גאולה דאַרף דער אינהאַלט פון שבת הייליג בלייבען און פון איהם וועט קומען אַ נייער גייסט פאַר אונזער לעבען".

און דער דאָזיגער נייער גייסט איז געקומען. איהר פיהלט עס אין ארץ־ישראל אויף יעדען שריט. אויך אין די גלות־לענדער פראָוועט מען דעם „עונג־שבת", אָבער ווי מעכאַניש און איראָניש עס קוקט אויס ווען די גאַס, דאָס הויז, די סביבה איז אַזוי וואָכעדיג און אַזוי גוי'שדיג! וועלכען טעם קען מען פיהלען אין עונג שבת ווען אויף מאָרגענס קומט דער „הייליגער" און רואיגער זונטאָג? וואו נאָך איז פאַראַן אַזאַ אָרט וואו אידען זאָלען זיך פיהלען אַזוי אידיש־מענשליך, אַזוי אייגענאַרטיג אָריגינעל ווי אי ארץ־ישראל? וואו נאָך גלאַנצט דער שבת אָדער יום־טוב מיט אַזוי פיל פראַכט און הערליכקייט ווי איהר פיהלט עס אין ירושלים, תל־אביב, און וואו ניט?

אַזוינע קולטורעלע מסיבות וואָס קומען פאָר אין אַלע טיילען פון לאַנד זיינען דער זאַמלונגס־פּונקט פון טויזנטער אידען יונג און אַלט וואו מען דיס־קוטירט ניט נאָר רעליגיעזע און קולטורעלע ענינים, נאָר אויך אַלגעמיינע אידישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דעם קיום פון דער אידישער אומה. ארץ־ישראל איז געוואָרען אין ממשות׳דיגען זין דאָס הארץ און דער מח פון דעם אידישען פאָלק.

בין איך געזעסען ביי דער גייסטרייכער מסיבה וואו עס האָבען זיך פאַר־זאַמעלט די באַדייטענדסטע מענשען פון „פען און גייסט", אַזוי האָט פאַרזיכערט דער פאָרזיצער, און פון זיין מויל האָבען געשטראָמט שאַרפע הייסע ווערטער:

„די ליבעראַלע ענגלאַנד האָט אונז דערקלעהרט מלחמה. זי דענקט, אַז מען וועט אונטערדריקען אונזער בענקעניש נאָך אונזער לאַנד. זי גלויבט אויך, אַז מיט געוואַלד־טאַטען וועט זי איבערשרעקען די אומגליקליכע אידישע פּליטים ניט צו לאָזען זיך אויף ימים און מדבריות נאָך ארץ־ישראל. געוויס איז זי שטאַר־קער פון אונז. געוויס קענען מיר איר מיט קיין מלחמה ניט ענטפערען. אונזער פייער וועט זי אָבער ניט אויסלעשען. די וואָס האָבען עס פּרובירט האָבען זיך אָפּגעבריהט. די געשיכטע איז אַ לעבעדיגער עדות. אידישע שונאים זיינען פאַרניכטעט, מיר זיינען געבליבען. זאָל דאָס ענגלישע פאָלק בלעטערען די ביבל וועט ער זעהן וועלכע שטראָף עס איז פאַרזאָגט אויף די שונאים פון ציון. מיר זיינען מוחל בעווין׳ס עצות פון צעשפּרייטונג און אַסימילאַציע. מיר זיינען מיד צו פאַרבלייבען אין גלות. מיר ברענען נאָך נאַציאָנאַלע אויפלעבונג און זעלבסטשטענדיגקייט. מיר שרעקען זיך ניט פאַר שווערדען. מיר זיינען גרייט זיך צו פאַרטיידיגען."

אַזוי האָט גערעדט דער יושב ראש פון אַ שבת׳דיגער מסיבה. דאָס זיי־נען ניט געווען קיין סתם ווערטער, נאָר ברענענדיגער שטאָף. אין דעם פּלאַץ וואו דער נאַציאָנאַלער דיכטער האָט יאָהרען לאַנג געוועקט אידישע הערצער מיט זיינע טיפזיניגע מחשבות האָבען די ווערטער געהאַט אַן אַנדער אָפּקלאַנג. אין דער לופט פון גרויסען זאַל האָט גערוהט אַ ברענענדיגער גייסט פון צער און ליבע צו ארץ־ישראל און צום אידישען פאָלק. עד היום שטייט זיין שטול ליידיג אויפגעשריבען מיט גרויסע אותיות: „זה הכסא של ביאליק ז״ל.

אַרויסגייענדיג פון דער מסיבה האָב איך צו זיך געטראַכט: „וויפיל מענ־שען זיינען דאָ געזעסען וועלכע האָבען אין דער ערשטער צייט אויך ניט געקענט

זיך צופאַסען צו דעם „איבערבלייבעניש פון דער פאַרגאַנגענהייט", אָבער דער גייסט פון ארץ־ישראל האָט מנצח געווען."

ארץ־ישראל איז געוואָרען דער גרעסטער קולטור־צענטער זינט אידען זיי־נען פאַרטריבען אין די ביטערע גלות'ן. אין קיין שום תקופה און אין קיין שום לאַנד איז ניט קאָנצענטרירט געווען אַזוי פיל תורה און אַזוי פיל גייסט וויפיל עס איז היינט קאָנצענטרירט אין ארץ־ישראל. אַלע גרויסע רבנים, ראשי־ישיבות, סופרים און חכמים, מלומדים און חוקרים געפינען זיך היינט אין ארץ־ישראל. קיינמאָל זיינען ניט געדרוקט געווען אַזוי פיל ספרים ווי עס ווערען היינט געדרוקט אין ארץ־ישראל. קיינמאָל איז דאָס העברעאישע וואָרט ניט גע־ווען אַזוי טיף פאַרוואָרצעלט אין די מיילער פון הונדערטער טויזענטער אידען, ווי עס איז היינט אין ארץ־ישראל. מיר שטייען אויף דער שוועל פון אַ אידי־שער מדינה, אָבער צו דער מדרגה פון אַ גרויסען אידישען קולטור־צענטער האָבען מיר שוין דערגרייכט. דאָס איז אונזער גרעסטע נחמה.

אין מיינע באַזוכען אין די פאַרשידענע פונקטען, האָב איך זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט וועגען דעם רעליגיעזען און קולטורעלען מצב און מיין איינדרוק איז, אַז אפילו אויף דעם רעליגיעזען געביט איז אין געוויסע ערטער אַ סך בעסער געוואָרען.

אין אַ גאַר פרייען מושב — ערגעץ וואו אין צפון, אין דער בלאָטיגער און זומפיגער חולה, וואו מען זעהט באַשיינפערליך דעם גרויסען וואונדער פון אויסרייניגען זומפען און אויסטריקענען בלאָטעס, האָב איך אויף אַ דירעקטען אופן געזאָגט, אַז מיר זיינען שטאַרק באַגייסטערט פון דעם פראָגרעס וואָס מען טרעפט דאָרטען; און אַז מיך אימפּאָנירט באַזונדערס דער שיינער בלומען־גאָרטען מיט זיינע פאַרבען־רייכע קאָלירען, „אָבער, האָב איך געזאָגט וויטער צו זאָגען, אין שיינע בלום פעהלט ביי אייך — דער רעליגיעזער אידישער לעבען".

דער מאַן וואָס האָט אונז געפיהרט, וועלכער האָט אַרויסגעצייגט וואָרימע גאַסטפריינדליכקייט, האָט געענטפערט מיט דער זעלבער אָפענהאַרציגקייט:

„אידישקייט איז אַ רעלאַטיווער באַגריף. ביי אייך הייסט עס רעליגיע, ביי אונז הייסט עס קולטור. יעדער איינער האָט זיך זיין אויפפאַסונג. עס זיי־נען פאַראַן זאַכען וואָס זיינען געמיינשאַפטליך פאַר אונז אַלעמען, טראָץ דעם וואָס מיר האָבען צוויי שטאַנדפונקטען. איך ווייס וואָס איך דריקט אויף דעם האַר־צען. איך ווייס וועגען וואָס איהר זייט אַזוי שטאַרק באַזאָרגט. איך קען אייך

פאַרזיכערהען, אַז אין די לעצטע יאָהרען האָט זיך די זאַך אַ דריי געטאָהן צום בעסערען. די ערשטע יאָהרען ווען מיר זיינען אַרויף אויף דעם באָדען, האָט די טאָג־טעגליכע אַרבעט אונז געבויגען אין דרייען און מיר האָבען זיך טיילווייז באַפרייט פון די פריערדיגע זאָרגען, ביי מאַנכע פון אונז האָבען זיך דערוועקט געוויסע בענקענישען צו אַ העכערען אידישען לעבען. וועגען אונז זאָרגען מיר ניט מעהר, אָבער אונזערע קינדער זיינען פאַר אונז אַ שווער פּראָבלעם. מיר וואָלטען וועלען, אַז זיי זאָלען פאַרטזעצען די לאַנגע קייט פון אידישקייט וואָס ציט זיך זייט דורות. מיר ווילען זיי באַהעפטען מיט די אַלע אידישע מקורות. דעריבער ווייזען זיך צווישען אונז טענדענצען אַריינצוברענגען מעהר רעליגיע־זיטעט אין אונזער בית־ספר און אויך אַריינברענגען מעהר שיינקייט אין שבת־רוה. רופט עס רעליגיע, רופט עס קולטור, רופט עס ווי אַזוי איהר ווילט. איך ווייס, אַז עס פעהלט עפּעס און מיר ווילען עס צוריקברענגען."

דאָ האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. "וואָס הערט זיך טאַקע ביי אייך מכח שבת?"

זיין ענטפער איז געווען קלאָר און דייטליך: "ביי אונז איז שבת אַ יום מנוחה וואָס אַנבאַלאַנגט אין דער עפענטליכקייט. דאַגעגען אין פּריוואַטען לעבען פון אונזערע חברים מישען מיר זיך ניט. איך גלויב ניט צי איהר טוט עס. פון אונז פרייע מענשען קענט איהר עס זיכער ניט פאַרלאַנגען"...

פונדעסטוועגען האָבען מיר אין זעלבען דאָרף געפונען פיינע קליינינקע קינדערלעך, וועלכע זיינען געזעסען איבער'ן חומש און געשמאַק געלערענט:

— "יפקוד ד' אלקי הרוחות לכל בשר איש על העדה אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם"...

און ווען מיר האָבען זיי געשטעלט לייכטע קשיות האָבען די קינדערלעך אונטערגעשמייכעלט: "אויך מיר קשיות"...

# דער קאַמף פאַר אידישער רעטונג

### ו.

דער פאַרשטאָרבענער ציון־פירער און אָראַטאָר, דר. שמריה לעווין, דער קינסטלער פון וואָרט און מייסטער פון מחשבה האָט אַמאָל געזאָגט: „איך צע־ברעך מיר דעם קאָפּ צו געפינען די פּשוטע ווערטער איבערצוגעבען דעם איבער־ליכען מהות פון ארץ־ישראל".

און דאָס איז ניט קיין גוזמא, נאָר אַ פאַקט. אפילו דער קלאָרסטער באַ־אָבאַכטער, וועלכער דרינגט טיף אַריין אין דעם מהות פון זאַכען, קומענדיג נאָך ארץ־ישראל, שלאָגט ער זיך אָן אין אַזוינע דערשיינונגען, אויף וועלכע ער קען אַזוי לייכט קיין ענטפער ניט באַקומען.

מען דאַרףווירקליך באַוואונדערען די געוואָגטקייט פון געוויסע מענשען, וועלכע זיצען אין אַמעריקע און ריידען מיט אַזוי פיל ברייטקייט וועגען אַלץ וואָס ק ו מ ט פאַר און וואָס ק ו מ ט נ י ט פאַר אין ארץ־ישראל. אַנדערע געהען אַ שריט ווייטער. זיי קומען ניט אָפּ מיט קיין סתם דבורים, נאָר ריידען אונטער אַביסעל לשון הרע אויף דעם הייליגען לאַנד. ווען זיי הערען וועגען די ליכטיגע זייטען, פאַרקרימען זיי מיט דער נאָז, הערען זיי וועגען חסרונות און פגימות, ווערען זיי ממש אויפגעלעבט... איך קען די דאָזיגע טיפּען. זיי פעהלען ברוך השם, ניט אין אונזער אייגענער אַמעריקע.

אַריינגעהן מיט אַזעלכע מענשען אין וויכוחים לוינט זיך ניט. דער וואָס באַזוכט ארץ ישראל און באַקאַנט זיך מיט דעם דאָרטיגען מצב, איבער־צייגט זיך אויף וויפיל די חסרונות־זוכער זינדיגען געגען דער ווירקליכקייט. שטאַרק פאַראיבעל קען מען אָבער אויף זיי ניט האָבען, ווייל זיי זיינען דאָך ווייט פון ארץ־ישראל, דאַריבער קוקען זיי שטענדיג דורך טונקעלע ברילען.

דער אמת איז, אַז ניט נאָר די גלות־מענשען פעהלט אַ קלאָר באַגריף, נאָר אַפילו די, וואָס וואוינען אין ארץ־ישראל, אָדער באַזוכען דאָס לאַנד פאַר אַ

קורצער צייט, קענען ניט געפינען די פּאַסיגע ווערטער צו פאַרשטעלען אַ ריכטיג בילד פון דעם, וואָס ווערט דאָרט געטאָן און געשאַפען.

אַ גרויסער אידישער קינסטלער האָט מיר איינגעלאַדען אין זיין קונסט־סטודיע אין ירושלים אין דעם הויז פון פראָפ. באָריס שץ,ע״ה (אויפ׳ן טיר הענגט נאָך עד היום אַ קליינער שילד מיט׳ן נאָמען פון באָריס שץ, דער גרינדער פון דער באַרימטער בצלאל־שול). איך האָב דאָרטן געטראָפען אַ גאַלעריי פון וואונדערבאַרע קונסט־בילדער איבער ירושלים, חיפה, צפת, טבריה, כנרת און אַנדערע, וואָס פאַרכאַפּען ממש דאָס אויג. דאָס זיינען קונסט־ווערק פון העכסטער מדרגה.

האָט מיר דער דאָזיגער געניאַלער קינסטלער געזאָגט: „איך באַוואונדערט די בילדער, אָבער מאַכט ניט קיין טעות. דענקט ניט, אַז זיי שפּיגלען שוין אָפּ די אמת׳ע שעהנקייט פון ארץ־ישראל. אַזאַ קינסטלער איז נאָך ניט געבוירען געוואָרען. וואָכען נאָכאַנאַנד האָב איך פאַרבראַכט אין טבריה און אין צפת, אַרומשפּאַצירט איבער די פּראַכטפולע הויכע שפּיציגע בערג. ניט איין פרימאָרגען האָב איך זיך צוגעקוקט צו דער וואונדערבאַרער געטלעכער פּאַנאָראַמע פון דעם זונענאויפגאַנג און ווי די גאָלדענע זונען־שטראַלען טובל׳נען זיך אין דעם אומפאַרגלייכבאַרען תכלת׳דיגען כנרת. אין קיין שום לאַנד האָב איך אַזאַ נאַטור דערשיינונג ניט געטראָפען. דאָ האָט זיך מיין קינסטלערישע נשמה צעפלאַקערט. אונטער דעם איינדרוק האָב איך די אַלע בילדער געמאָלען, אָבער ווי שוואַך און אָרים זיינען זיי לגבי דער רעאַלערווירקליכקייט. דאָס געוועהנליכע מענשליכע אויג, אַפילו דאָס אויג פון אַ קינסטלער, קען דאָס ניט אַנכאַפּען!״

איך האַלט זיך ניט פאַר קיין מומחה אין אַזעלכע ענינים. איך האָב דערמאָנט דעם עפּיזאָד בלויז צו אילוסטרירען ווי שווער עס איז צו געפינען דעם פּאַסענדען וואָרט ווען זאָגען וועגען זאַכען ווי זיי זיינען אין ארץ־ישראל. די אַלע פּראָבלעמען, וואָס מיר טראַכטען וועגען זיי, זיצענדיג אין גלות, באַקומען אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט ווען מען קומט נאָך ארץ־ישראל. איר זעהט עס אַ סך קלאָרער, ברייטער און טיפער.

מיט עטליכע וואָכען צוריק, האָט מען אין אַ דאָנערשטאָג ביינאַכט, ערב דעם צווייטען נאָוועמבער, דער טאָג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע, אויפגעריסען צענדליגער וויכטיגע פונקטען, צווישען זיי פילע באַהנען־פאַרבינדונ־

גען, בכדי צו פאַרמיידען, אַז די אַראַבער זאָלען זיך ניט קענען צוזאַמענקומען פייערען דעם באַלפור טאָג מיט גיפטיגע העצעס געגען אידען. דער דאָזיגער געוואַגטער אַקט איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַ געוואַלדיגער דערמוטיגונג מצד דעם אָרגאַניזירטען ישוב, וועלכער איז מיד געוואָרען צו בלייבען פּאַסיוו צו די רשעות'דיגע מעשים מצד דער ענגלישער ממשלה.

טומעלט זיך איצט ווידער אין ארץ־ישראל. די שטאָלצע חברה פון דער „הגנה" איז ווידער אַרויסגעקומען מיט פ י י ע ר ד י ג ע ן לשון — אַ לשון, וועלכען די ענגלישע אַדמיניסטראַציע קען ניט פאַרטראָגען. זי, די ענגלישע ממשלה, מעג פייניגען די „אומלעגאַלע" אידישע פּליטים וויפיל זי וויל, אָבער אידען טאָרען זיך, חלילה, ניט פאַרטיידיגען, און אויב יאָ — שטעמפּעלט מען זיי אַלס „באַנדע פון גענגסטערס און טעראָריסטען". ענגלאַנד'ס פּראָפּאַגאַנדע ביוראָ האָט שוין אַ פאַרטיגען נוסח, וועלכען די ענגלישע צייטונגען, באַזונדערס די ניו יאָרק „טיימס", קאָנען שוין אויף אויסווייניג. דער נוסח איז — געננסטערס, באַנדיטען, טעראָריסטען.

באַגעגענט מיך היינטיגע וואָך אַ היגער איד, וועלכער איז, אַזוי זאָגט ער, שטאַרק באַזאָרגט וועגען דער לאַגע אין ארץ־ישראל, און תוך כדי דבור, גיט ער מיר אָנצוהערען: ווער ווייסט, אפשר זיינען זיי, די „גוטע און פרומע ענגלענדער" גערעכט? אפשר כאַפּען מיר אַריבער אַביסעל די מאָס? ווער זאָגט עס, אַז אַלע אידען דאַרפען עס געהן נאָך ארץ־ישראל? אפשר וואָלטען מיר אָנגעהויבען זוכען אַנדערע מקומות?"

האָב איך לעצטענס אויך געלייענט אַ מודעה פון אַ באַקאַנטען רב פון ניו־יאָרק, וועמען איך שעץ פערזענליך זעהר הויך, וואו ער אַפּעלירט פאַר אַ חשוב'ן תורה־פאָנד און בדרך אגב פאַרגעסט ער ניט מוסיף צו זיין: „האַסט די בריונים־מעטאָדען, וועלכע זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע אידישע חורבנות, והאחרון הגדיל"... וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט מיט דעם תורה פאָנד פאַרשטעה איך ניט, אָבער דאָס איז זיין „פּאָליטישער" וועג. אַנשטאָט זיך אָפּצוגעבען מיט שאלות פון גט'ן און קדושין, אויף וועלכע ער איז באמת אַ מומחה, האָט ער זיך לעצטענס פאַרנומען מיט „פּאָליטיק"; און אַנשטאָט צו באַשולדיגען די ברוטאַליטעט פון דעם ענגלישען קאָלאָניאַל אַפּיס, וועלכער האָט אויף אַן אכזריות'דיגען אופן פאַרשלאָסען די טירען פון דעם אידישען לאַנד פאַר די צעבראָכענע אידישע פּליטים, באַשולדיגט ער די העלדישע אידישע יוגנטלייט און וואָרענט „מען זאָל האַסען די בריונים־מעטאָדען"...

דאָס שטאַמט אויסשליסליך דערפון וואָס דער איד פון גלות איז ווייט פון ארץ־ישראל. בכדי צו פאַרשטעהן ארץ־ישראל, מוז מען עס אליין זעהן. מען מוז קומען אין קאָנטאַקט מיט די פירענדע פערזענליכקייטען פון ישוב. מען דאַרף זיך באַקענען מיט די דאָרטיגע פאַקטאָרען, מען מוז זעהן, וואָס אידען האָבען שוין געשאַפען און וואָס מען האָט געקענט שאַפען — דאַן עפענען זיך נייע האָריזאָנטען, עס אַנטפּלעקט זיך אַן אַנדער וועלט, ער דערוועקען זיך אַנדערע מחשבות און אַן אַנדער צוטריט. אַט די יונגעלייט וואָס גלות מענשען רופען זיי „בריונים", ווערען אין געוויסע קרייזען פון ארץ־ ישראל באַטיטולט מיט'ן נאָמען העלדען, גבורים, קדושים. זיי זיינען די אייניקלעך פון די חשמונאים, בר כוכבא'ס און ר' עקיבא'ס, וועלכע שטעלען זייערע לעבענס אין סכנה פאַר דער רעטונג פון דעם כלל ישראל.

ניט איין געשפרעך איז מיר אויסגעקומען צו האָבען מיט מאַנכע פון די גדולי־הרבנים אין ירושלים וועלכע זיינען קלאָר באַהאַוונט מיט דעם הערא־אישען קאַפּיטעל פון די דאָזיגע קעמפער. וואָס איך האָב געהערט פון זיי איז ממש געווען פאַר מיר אַ גרויסע איבערראַשונג. איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אַז רבנים פון עלטערען דור זאָלען געהן אַזוי ווייט אין זייערע אידעען. און ווען איינער האָט דערקענט אויף מיין פנים, אַז די ווערטער זיינען פאַר מיר אַן איבערראַשונג, האָט ער געזאָגט: „אַנטשולדיגט, מיט אייער גאַנצע ליבע צו ארץ־ישראל זייט איר דאָך אַ קינד פון גלות. וואָס זשע ווילט איר אַז מען זאָל אַ ישוב פון 650 טויזענט אידען, כן ירבו, איבערלאָזען אויף הפקר, אָדער אויף דער „פריינטליכקייט" פון ענגלישע סאָלדאַטען און אַראַבישע פּאָליציי? אויף וועמען זאָל דער שארית הפליטה פון אידען זיך איצט סומך זיין, אויב ניט אויף דעם ישוב פון ארץ־ישראל?"

דאָס קען מען אין גלות ניט פאַרשטעהן, די גלות־פסיכאָלאָגיע איז צו טיף פאַרוואָרצעלט אין אונזערע הערצער. מיר קענען זיך ניט באַפרייען פון דעם פחד'נישען גייסט.

איר האָט באַדאַרפט זעהן אַ רירענדע סצענע אין חיפה, ווען אַ שיף איז אָנגעקומען און געבראַכט איבער אַכט הונדערט אידישע פליטים, אַ געוויסער טייל איז אַרויף אויפ'ן שיף „אומלעגאַל". צענדליגע טויזענטער אידען פון חיפה און פון דער סביבה זיינען געשטאַנען אויף דער גאַנצער לענג פון ים־האַפען מיט פאָנען אין די הענט און מיט גרויסע שילדען: „בואכם לשלום

אחים יקרים״! אידישע הערצער האָבען געקלאַפּט, אידישע קעפּ האָבען זיך געהויבען אין דער לופטען פון גרויס חדוה און שמחה. די גאַנצע לופט איז אָנגעפילט געווען מיט מענשליכער וואַרימקייט און ברודערליכע ליבע. אָט אַזוי עמפּפאַנגט דער ישוב די גולים ונדחים, די אַנטלאָפענע און אַנטרונענע פון בלוט און פייער!

און ווען די שיף־בעאַמטע האָבען געלאָזט וויסען אַז די אומלעגאַלע פליטים וועלען ניט אַראָפּגעלאָזט ווערען און אַז מען וועט זיי צייטווייליג אָפּשיקען אין אַ קאָנצענטראַציאָנס־מחנה, האָבען זיך פון הונדערטער מיילער אַרויסגע־לאָזט דער געשריי: „איבער אונזערע טויטע קערפּערס וועט מען די אומלע־גאַלע פליטים פון אונז אַפּרייסען״...

וויפיל טויזענטער אידען זיינען אין די לעצטע עטליכע יאָר געראַטעוועט געוואָרען דורך די צענדליגע שליחים וואָס די אידישע אַגענטור האָט געשיקט אין די מלחמה לענדער אין אַלע געפערליכסטע מקומות? די אַלע שליחים האָבען טיף אין הארצען גענומען אויף זיך אַ פייערדיגע שבועה: „הריני מוכן ומזומן למסור את נפשי בעד הצלת עם ישראל״, און זיי האָבן די שבועה טריי אָפּגעהיט! מאַנכע פון זיי האָבן זיך ניט צוריקגעקערט, זיי זיינען געפאַלען קרבנות אויף דעם הייליגען מזבח פון ראַטעווען אידען.

דער דאָזיגער העלדישער קאַפּיטעל ווי אַזוי דער ישוב רעאַגירט אויף דעם געביט פון ראַטעווען דעם שארית־הפליטה איז נאָך ניט געשריבען געוואָ־רען. מיר שטעהען נאָך ביים סאַמע אָנפאַנג פון קאַמף. איבער אַ מיליאָן און אַ האַלב אידען געפינען זיך נאָך אין דעם בלוטיגען עמק הבכא און די ענגלישע גזירות וועגען האַלטען די מויערען פון ארץ־ישראל געשלאָסען זיינען נאָך אין דער פולסטער קראַפט. שווער איז איצט צו טראַכטען וועגען שרייבען געשיכטע. אָבער ווען דער קאַמף וועט קומען, אַזוי האָפען מיר, צו אַ זיגרייכען סוף, וועט דאָן די אידישע וועלט ערשט געוואָר ווערען וועגען די גבורה'שע מעשים און די איבער־מענשליכע קרבנות, וואָס דער ישוב האָט געבראַכט פאַר דער הצלה פון כלל ישראל. דאַמאָלט וועט דאָס אידישע פאָלק אורטיילען צי די דאָזיגע בראַווע און מוטיגע מענשען פאַרדינען דעם נאָמען „בריונים״ אָדער צדיקים.

אין הויז פון אַ גרויסען ראש ישיבה אין ירושלים האָב איך און מיין חבר קירשבליום פאַרבראַכט אַ געוויסען אָוונט. מיר זיינען געקומען זעהן

זיין טאָכטער און אייניקלעך, וועלכע זיינען נאָך די שווערסטע גלגולים און שרעקליכע איבערלעבענישען געראַטעוועט געוואָרען. וואָס מיר האָבען זיך אָנגעהערט קלינגט ווי „טויזענט און איין נאַכט". שווער איז צו פאַרשטעהן ווי אַזוי לעבעדיגע מענשען האָבען געקאָנט אַזוי פיל יסורים דורכמאַכען. דעם ראש ישיבה׳ס טאָכטער, אַן עכט אינטעליגענטע יונגע פרוי, האָט אויפ־געוויקעלט די גאַנצע טרויעריגע פרשה פון עינויים, יסורים און מסירת נפש פון די היינטיגע אידען. מיר זיינען אַלע געזעסען צעבראָכענע און פאַרציטערטע. דער ראש ישיבה אַליין האָט זיך ניט געקענט קאָנטראָלירען. זיינע ליפען האָבען שטילערהייד געמורמעלט: משיח׳ס צייטען, משיח׳ס צייטען...

דעם ראש ישיבה׳ס הויז איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ צענטער פון הצלת נפשות. ער האָט פאָרגעשטעלט פאַר אונז דריי יונגע מיידלעך, וועלכע מען האָט געראַטעוועט אויף אַן „אומלעגאַלען" אופן און געפינען זיך דערוויילן אין זיין הויז ביז זיי וועלען זיך איינאָרדנען.

— ווי אַזוי און ווער האָט אייך געראַטעוועט? — האָב איך זיי געפרעגט.

— עס איז שווער, זעהר שווער איבערצוגעבען אַלע פרטים, — האָט איינע געענטפערט — מיר זיינען געקומען נאָך רומעניע, פון רומעניע נאָך איטאַליע און פון דאָרטען נאָך ארץ ישראל.

— ווער האָט אייך געבראַכט און ווי אַזוי זייט איר געקומען נאָך ארץ־ישראל? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— מיר שטעהען אונטער אַ שבועה, — האָט דאָס יונגע מיידעל ציטערנדיג געענטפערט — מיר קענען וועגען די זאַכען ניט רעדען. פון איטאַליע ביז ארץ־ישראל זיינען מיר געפאָרען אויף שיפלעך. עטליכע מאָל האָבען מיר גע־מוזט אַרונטערשפּרינגען און שווימען אין ים, ווייל עס האָט געדראָט אַ געפאַר אַז מען זאָל אונז כאַפּען. אָט אַזוי האָבען מיר זיך געשלעפט ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ ברעג אין ארץ־ישראל...

— קענען מיר אפשר וויסען וועלכען ברעג?

— ניין! מיר קענען ניט אויסזאָגען. דאָס איינציגע וואָס איר מעגט יאָ וויסען איז, אַז מיין „סערטיפיקאַט" נומער איז געווען 63...

די „אומלעגאַלע" עליה וואָס די דאָזיגע „בריונים" פירען אָן בכדי צו ראַטעווען אידען געהט מיט אַן אָרגאַניזירטען סיסטעם. מען שיקט ספּעציעלע שליחים, מען פירט איבער גרעניצען, מען זעצט אַרויף אויף שיפלעך, מען

שווימט איבער ימ'ן און מען ברענגט ביז צו אַ ברעג, און פון דאָרטען צעשיקט מען צו קרובים אָדער צו געוויסע פונקטען. יעדער „אומלעגאַלער" מוז האָבען אַן „אָפיציעלען" סערטיפיקאַט...

אין אַ געוויסען מזרחי־דאָרף האָב איך געטראָפען אַ שוחט, אַן אור־אייניקעל פון ר' עקיבא איגר ז"ל, וועלכער געפינט זיך אין לאַנד צוויי־דריי יאָר.

— ווי אַזוי זייט איר געקומען אַהער? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. מיין פראַגע האָט אים געשטעלט אין אַ גרויס פאַרלעגענהייט. אָבער ער האָט גלייך געענטפערט: „כ'בין אַ כשר'ער שוחט אָבער נישט קיין כשר'ער מענש. כ'בין דאָ אומלעגאַל... די איינציגע נחמה מיינע וואָס איך בין ניט דער איינציגער. עס זיינען פאַראַן אַ סך אַזעלכע"...

ווען די היינטיגע ציוויליזירטע וועלט וואָלט ניט געווען קיין פאַרדאָרבענע און ווען די ענגלישע רעגירונג וואָלט ניט געווען אַזוי אכזריות'דיג וואָלטען הונדערטער טויזענטער אידישע פליטים געקענט אַריינקומען פראַנק און פריי אין אונזער לאַנד. איצט מוזען מיר נאָך אַזוינע מאוימ'דיגע חורבנות אויך דורכ־מאַכען אַזוינע גלגולי־מחילות...

פאַרלאָזענדיג דאָס הויז האָט דער ראש ישיבה אונז באַגלייט. מיר האָבען זיך האַרציג געזעגענט. אין מיינע אויערען האָבען געקלונגען: „משיח'ס צייטען, משיח'ס צייטען...

אַ הויכע גייסטיגע פערזענליכקייט, וועמען מען האַלט אין ירושלים אַלס דעם תלמיד־מובהק און נושא־כלים פון הרב קוק ז"ל, האָט פאַר מיר דער־קלערט, אַז איינע פון די סימנים פון משיח'ס צייטען איז: „ווען אידען וועלען אויפהערען מקטרג זיין איינער אויף דעם אַנדערען; און ווען מיר וועלען אָנהויבען צו פאַרשטעהן אַז ניט די אידען, נאָר די גוים זיינען דאָס די פושעים, רשעים און חטאתים, ווייל זיי האָבען אונז גייסטיג און פיזיש חרוב געמאַכט; און ווען אַ ברענענדער געפיל פון נאַציאָנאַלער אחריות אָדער פון „ישראל ערבים זה בזה" וועט אָנהויבען קלאַפען אין אידישע הערצער — דאָס וועט זיין אַן אָנזאָג פון משיח'ס צייטען".

# ענגלענדער זאָגט אויס דעם סוד

## I.

נאָך איידער עס איז באַקאַנט געוואָרען אין דער דרויסענדיגער וועלט וועגען דער באַשטימונג פון דער ענגליש־אַמעריקאַנער קאָמיסיע האָט מען שוין אין ארץ־ישראל געשמועסט דערפון. און נישט נאָר האָט מען ספעקולירט וועגען דעם צוזאַמענשטעל פון דער קאָמיסיע, נאָר מען האָט זיך אויך אַ היבש ביסעל געוויצעלט איבער דעם אויסגאַנג. זייענדיג אין ארץ־ישראל האָב איך געהערט אין געוויסע קרייזען ווי איינער האָט געפרעגט דעם אַנדערען: „האָט איר שוין געלייענט דעם פסק־דין וואָס די קאָמיסיע האָט אַרויסגעגעבען?"... קלינגט עס פיליכט איראָניש, אָבער אַזוי האָט עס פּאַסירט.

מען האָט נאָך נישט געוואוסט ווער די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זיינען; עס איז נאָך נישט קלאָר געווען אין וואָס עס באַשטעהט זייער פונקציע און קאָמפּעטענץ, און מען האָט בכלל נישט געוואוסט וואו און ווען וועלען זיי זיך צוזאַמענקומען. פאַר דעם ישוב איז דאָס שוין געווען אַ פאַרטיגע זאַך. איבעראַל וואו אידען האָבען זיך געטראָפען האָט מען געשמועסט און דיסקוטירט וועגען דער געפּלאַנטער קאָמיסיע און מיט איראָנישען סאַרקאַזם האָט מען בטל געמאַכט דעם שוין אַרויסגעגעבענעם אורטייל וואָס דער קאָלאָניאַל אָפיס האָט מסתמא צוגעגרייט...

אין אַ האָטעל אין ירושלים וואו כ'האָב זיך אויפגעהאַלטען פלעגען זעהר אָפט זיך צוזאַמענטרעפען ענגלישע סאָלדאַטען און רעגירונגס בעאַמטע ביי אַ גלעזעל משקה, וואו מען האָט דיסקוטירט פאַרשידענע פּראָבלעמען. מאַנכע פון זיי געפינען זיך אַ לייגגערע צייט אין ארץ־ישראל און זיינען גענוי באַקאַנט מיט דעם מצב. האָב איך מיט איינעם פון זיי, וועלכער איז שוין געווען אַביסעל מבוסם'דיג, געכאַפּט אַ שמועס, און נישט ניכטער'דיגערהייט האָט ער אַרויס־געוואָרפען פאָלגענדע ווערטער:

„מיר ווייסען וואָס די אידען האָבען געטאָן אין ארץ־ישראל. איך אליין בין אַ לעבעדיגער עדות. איך וואוין שוין דאָ עטליכע יאָרען. אידען האָבען אַריינגעבראַכט אין אַ פולער מאָס ציוויליזאַציע. אָבער איר זייט צו שאַרף פאַר די ענגלענדער. איר לויפט מיט אַ צו שנעלען אימפעט. מיר זיינען אַ קאָנסערוואַטיווע פאָלק. מיר גלויבען אין געלאַסענקייט און שטילקייט. דער מיטעלער מזרח איז נישט אייראָפּע. די מזרח מענשען זיינען פון אַן אַנדער מענטאַליטעט. אַלצדינג וואָס איר ברייננגט אַהער איז פאַר זיי שעדליך"...

— הייסט עס, אַז דאָס איז אַ קאַמף פון ציוויליזאַציע געגען ציוויליזאַציע?

— האָב איך אים געפרעגט.

— כ'וועל זיין אָפענהאַרציג. מיר האָבען נישט קיין ספּעציעלע מיסיע אַריינצוברייגגען אַהער אויפקלערונג אָדער ציוויליזאַציע. ענגלאַנד האָט אירע כוונות. רופט עס אימפּעריאַליזם אָדער שאָוועניזם. מיר זיינען אַ דעמאָקראַטיש פאָלק. מיר לאָזען איבער דאָס רעכט פאַר אַלע בירגער צו לעבען לויט זייער טראַדיציע. מיר ווילען ניט צווינגען די מזרח־מענשען אַנצוקליידען זיך מיט אייראָפּעאישע מלבושים...

— וואָרום זשע איז ענגלאַנד געוואָרען אויס דעמאָקראַטיש לאַנד לגבי אידען? וואָרום שטערט זי אַזוי שטאַרק אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל? איז געווען מיין צווייטע פראַגע.

דער ענגלישער בעאַמטער האָט גלייך געענטפערט:

— כ'ווייס ניט די מאָטיוועז פון באַלפור און לאָיד דזשאָרדזש. כ'ווייס יאָ די מאָטיוועז פון היינט. מיט אַ האַלבען יובל יאָר צוריק האָט פאַר ענגלאַנד געלוינט צו שטיצען אַ אידישע ארץ־ישראל. היינט איז עס אַ געפאַהר. אַמעריקע רייסט זיך צום נאָענטען־מזרח. רוסלאַנד האָט אַ שטאַרקען אַפּעטיט אַריינצושטעלען דאָ אַ פוס. פאַר ענגלאַנד'ס פּאָליטיק איז נישט געזונט אַז אין ארץ־ישראל זאָל זיין אַ מאָדערנע באַפעלקערונג, וואָס איז אידעאיש נוטה צו אַמעריקע אָדער צו סאָוועטען־רוסלאַנד...

דער פאַרטרונקענער ענגלישמאַן האָט אַביסעל זיך אויסגעניכטערט. ער האָט דערשפּירט אַז ער האָט עטוואָס אויפגעדעקט דעם פאַרהאַנג פון דער ענגלישער פּאָליטיק און ווען כ'האָב אים געפרעגט וואָס ער דענקט וועגען דער געפּלאַנטער ענגליש־אַמעריקאַנער קאָמיסיע האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנט און נישט געענטפערט.

דאָס איז דער באַזיס אויף וועלכען ענגלאַנד בויעט איצט איר פּאָליטיק. אַמאָל האָט זיך פאַר איר געלוינט צו שטיצען און אָפּנאַרען די אידען, און היינט לוינט זיך פאַר איר פּאָליטיק צו באַקעמפען אידען...

ענגלאַנד׳ס איצטיגע פּאָליטיק איז צו צעשטערען אַלע יסודות פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים. עס איז קיין אונטערשייד אין וועמענס הענט די ממשלה געפינט זיך. די כוונה איז די זעלבע. פאַר דעם צוועק האָט מען אַריינגעבראַכט טויזענטער נייע סאָלדאַטען מיט טאַנקען און אַנדערע כלי־משחיתים. אויף אַלע ברעגעס פון ים האָט מען אַוועקגעשטעלט שומרים צו פאַרהיטען פון דעם מורא׳דיגען „געפאַר" פון „אומלעגאַלע" פליטים, און ועל כולם האָט זי אָנגענומען אַ פּאָליסי פון דיסקרעדיטירען דעם נאָמען פון ישוב איבער דער גאַרער וועלט.

מיט צען־פופצען יאָר צוריק האָט דער קאָלאָניאַל אָפיס אָנגעפירט אַ שטילע פּראָפּאַגאַנדע, אַז דער ישוב איז אידענטיפיצירט מיט קאָמוניסטישע טענדענצען. אין יענער צייט ווען די באַציהונגען צווישען ענגלאַנד און רוס־לאַנד זיינען געווען אָנגעצויגען האָט זיך פאַר איר פּאָליטיק געלוינט צו פאַר־שפּרייטען אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע, ערשטענס, בכדי אַרויסצורופען שנאה געגען רוסלאַנד, און צווייטענס, צו רעכטפערטיגען זיך פאַר דער וועלט וואָרום זי אונטערדריקט דעם ישוב מיט אירע אַפּטע גזירות. היינט געפינט זי אַנדערע קאַמפּס־מעטאָדען.

אַ גרויסע רבנישע פּערזענליכקייט האָט מיר איבערגעגעבען אַ געשפּרעך וואָס ער האָט געהאַט עטליכע יאָר צוריק מיט דעם קאָלאָניאַל מיניסטער און ער איז ערשטוינט געווען צו הערען פון אים גיפטיגע רייד וואָס האָבען זיך ניט געפּאַסט פאַר אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכען מענשען.

— איז עס אמת, האָט ער געפרעגט, אַז אַ גרויסער טייל פון ישוב איז דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון אַטהעאיזם און קאָמוניזם?

ווען דער חשוב׳ער רב האָט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקענט די דאָזיגע באַ־שולדיגונג האָט ער געשאָקעלט מיט די פּלייצעס און נישט געוואָלט גלויבען.

— וואָרום ערוואַרטעט איר, האָט דער רב געזאָגט, אַז אידען זאָלען בעסער זיין פון די ענגלענדער. אויב ביי אייך געפינען זיך געוויסע יחידים מיט אַנטי־רעליגיעזע אָדער קאָמוניסטישע אידעען, וואָרום קען דאָס אויך ניט פּאַסירען ביי אידען. אָבער באַשולדיגען אַ גרויסען טייל פון ישוב איז אַ ביזווילליגע פאַרלוימדונג. דאָס האָבען אידישע שונאים אויסגעטראַכט פּונקט

ווי זיי טראַכטען אויס אַנדערע בלבולים. וואָרום זאָלט איר זוכען אויף אונז פּגימות ? וואָרום זאָלט איר ניט געדענקען, אַז מיר האָבען אייך דעם ספר־הספרים געגעבען ? דאָס איז דאָך די גרעסטע געטליכע מתּנה פאַר דער וועלט" ?

אָבער דער קאָלאָניאַל מיניסטער האָט זיך ניט באַרוהיגט. ס'איז אים שווער געווען צו באַפרייען זיך פון דער באַשולדיגונג, וואָס מען האָט אין אים אַזוי טיף אַריינגערעדט.

און דער חשוב'ער רב האָט אַנאַליזירענדיג פאַר מיר די סיבות ווייטער געזאָגט :

— „דאָס איז די אַלגעמיינע פּאָליטישע ליניע פון ענגלאַנד אין אַלע אירע אונטערגעוואָרפענע לענדער. זי געפינט שוין אין יעדען לאַנד אַ פּאָליטישע „באַגרינדונג" ווי אַזוי צו אונטערדריקען די באַפעלקערונג. דאָס איז איר שיטה אין אינדיען, מצרים, און איצט — אין ארץ־ישראל. זי האָט שוין אירע „עקספּערטען" וועלכע פאַבריצירען די פּאַסיגע מאָטיוען. בנוגע צו ארץ־ישראל זיינען מיר אפשר אַליין שולדיג. דער גאַנצער געשריי פון כפירה און קאָמוניזם איז יד ישראל באמצע... צופיל האָבען מיר עס אַרויסגעטראָגען אויף דער גוי'שער גאַס און דער קאָלאָניאַל אָפּיס האָט עס אויפגעכאַפּט ווי אַ צוקער־לעקיך. אגב איז אויך די ציוניסטישע פירערשאַפט שולדיג אין דעם וואָס זי האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען צוציען די רעליגיעזע אידישע כחות אין דער פּאָליטישער אַרבייט. ווען די גוים וואָלטען אַמאָל געזעהן פאַר זיך רעליגיעזע אידען וואָס זעהען אויס ווי אידען וואָלטען מיר אַ סך גיפט פון זיי אויסגע־וואָרצעלט".

מיט יאָרען צוריק ווען אַן אָפענער פּאָליטישער תחום האָט עקזיסטירט צווישען ענגלאַנד און רוסלאַנד האָט זי געזוכט אַנצוהייגען אויף דעם ישוב אַ קאָמוניסטישען קופּה של שרצים... היינט — ווען בעווין און מאָלאָטאָוו „קושען און האַלזען" זיך, זוכט מען אונז צו דיסקרעדיטירען אויף אַן אַנדער אופן. ווער ווייס וויפיל אַנדערע בלבולים, אַ חוץ גענגסטעריזם, מען וועט אויף אונז אויסטראַכטען ?... מעגליך, אַז מען וועט נאָך צושטעלען אויף אונזער חשבון דעם היטלעריזם און נאַציזם ? אַ קשיה אויף דעם קאָלאָניאַל אָפּיס !

צי ענגלאַנד וועט מצליח זיין מיט אירע איצטיגע אינטריגעס געגען דעם אידישען פאָלק, וועט די נאָענטע צוקונפט באַווייזען. אין ארץ־ישראל איז מען

נישט פאַרצוייפעלט. דאָרטען הערשט אַן אָפּטימיסטישע שטימונג. עס איז פאַראַן אַ טיפער גלויבען, אַז דער שקר וועט פּלאַצען. ענגלאַנד איז פאַרקראַכען אין אַ שווערען פּלאָנטער פון וועלכען זי זוכט זיך אַרויסצודרעהען. זי וואַרפט זיך אויף אַלע זייטען צו געפינען אַ שטיקעל לייזונג. אין ארץ ישראל האָט מען נישט געלייגט צופיל געוויכט אויף דער ענגלישער־אַמעריקאַנישער קאָמי־סיע וואָס איז איצט פאַרזאַמעלט אין וואַשינגטאָן. עס גלויבט זיך אָבער נית, אַז די קאָמיסיע זאָל נית אַרויסזעהען דעם אָפענעם פּאָליטישען שווינדעל.

בשעת די ענגלישע אַדמיניסטראַציע מאַכט אַזוי פיל טומעל און באַנוצט זיך מיט מורא'דיגע געוואַלד־טהאַטען אָפּצושטעלען די אומלעגאַלע אידישע עליה, דרעהען זיך אַרום טויזענטער אַראַבער אין תל־אביב, ירושלים און חיפה, וועלכע זיינען אומלעגאַל אַריינגעקומען פון די שכנות'דיגע לענדער. די רעגי־רונג ווייסט דערפון און מאַכט זיך נית וויסענדיג. לפנים וועגען, „אַרעסטירט" מען זיי, מען פאַרפירט געגען זיי אַ משפּט, מען שיקט זיי צוריק, און מיט אַ טאָג שפּעטער קומען זיי ווידער אַריין.

אויף ווי ווייט די אַדמיניסטראַציע איז פאַרנומען מיט אירע פּראָוואָקאַציעס געגען דעם ישוב איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען ביי אַן אינטימער מסיבה אין ירושלים פון פאַראַנטוואָרטליכע פּירער. אָט זיינען עטליכע שווידערליכע פאַקטען:

איינינע טעג פאַר דעם באַלפור טאָג האָט מען אַנגעפירט אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די אַראַבער מיט גיפטיגע העצעס געגען אידען. מען האָט זיי געוואָרענט: „היט זיך פאַר די אידען. זיי זיינען גרייט אייך צו באַפאַלען".

אַ יונגער בחור געקליידעט ווי אַ אידישער חלוץ איז געכאַפּט געוואָרען אין אַן אַראַבישען דאָרף. די אַראַבער זיינען צעקאָכט געווען. מען האָט אים אַרעסטירט. שפּעטער איז ער באַפרייט געוואָרען, ווייל דאָס איז געווען אַן ענגלישער אַגענט...

צווישען די ענגלישע סאָלדאַטען האָט מען פאַרשפּרייט צירקולאַרען מיט אַ וואָרנונג: „די אידען זיינען באַוואָפענט. זיי זיינען גרייט אייך צו שיסען. זייט פאַרזיכטיג".

קומענדיג נאָך קאַירא, אויפ'ן וועג קיין אַמעריקע, האָבען מיר באַזוכט דעם דאָרטיגען פּאַגראָמירטען אידישען קוואַרטאַל. מיר האָבען געזעהן די פאַר־

ברענטע אשכנז׳ישע שוהל, די צעריסענע ספרי־תורות, דעם צעבראָכענעם מושב זקנים. די גאַנצע שכונה האָט אויסגעזעהן חרוב, צעשטערט, רואינירט, אַלץ נאָך דעם מוסטער פון די נאַצים. מיר זיינען אַרומגעגאַנגען צעבראָכענע — צואוועהטאָגטע זעהענדיג פאַר אונז די שטיקער פאַרברענטע פאַרמעט פון ספרי־תורות, צעריסענע ספרים און חומשים. דער פאָגראָם איז נישט געקומען פון זיך אַליין. פאַר קיינעם איז קיין סוד ניט אַז די ענגלישע אַמבאַסאַדע אין קאַירא איז דער מקור פון אַלע צרות. פון דאָרטען קומען די דירעקטיווען צום אַראַבישען ליעג און פון דאָרטען שטאַמען אַרויס אַלע גיפטיגע העצעס געגען ישוב.

אָבער עכט כאַראַקטעריסטיש איז געווען אַ שטיקעל נייעס וואָס עגיפּטישע צייטונגען האָבען אין יענעם טאָג געדרוקט „אַז די ציוניסטען האָבען אומיסטען אַנגערייצט אָרימע אַראַבער צו פּאָגראָמירען די אידישע שכונה אַבי זיי זאָלען קענען שרייען, אַז אידען דאַרפען האָבען ארץ־ישראל״.

דער אַראַבישער ליעג האָט אין יענע וואָך, נאָך דעם פּאָגראָם, אָפּגעהאַלטען איר זיצונג אין קאַירא. אַ פאַרטרויערליכער פערזאָן האָט אונז איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון אַ רעדע וואָס אַן אַראַבישער פירער אַ פריינד פון ענגלאַנד — דאָס מיינט אַ באַצאָלטער ענגלישער אַגענט — האָט געהאַלטען ביי דער זיצונג. מיט שטאַרקע ווערטער האָט ער אַפּעלירט צו דער ליבער־ראַלער ענגלאַנד: „שיקט אונז דאָקטוירים און נוירסעס. באַפרייט אונז פון די זאַנדעקס׳ס און די הדסה׳ס...״

אוודאי האָבען די אַראַבער אַ סך צו באַקלאָגען זיך אויף פראָפעסאָר זאַנדעק און אויף די הדסה־האָספּיטעלער, וועלכע האָבען פאַרטריבען אַלע באַצילען און קראַנקהייטען פון זייערע שמוציגע הייזער, אָבער פרעגט נישט קיין קשיות. אַזוי לויבט זיך ה י י נ ט פאַר דער ענגלישער פּאָליטיק, פּונקט ווי עס לוינט זיך ה י י נ ט פאַר זיי אָנצורייצען די אַראַבער צו פּראָקלאַמירען אַ באָיקאָט אויף אידישע סחורות.

וועגען דעם אַראַבישען באָיקאָט און די ווירקונג אויפ׳ן ישוב האָט מען שוין גערעדט אין יענער צייט בעת מיין באַזוך אין ארץ־ישראל. ווען איך האָב געפרעגט פון איינעם וואָס איז אַזוי באַקאַנט מיט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען ווי אַזוי דאָס וועט זיך אָפּרופען אויף דעם ישוב. האָט ער מיר קאָרעגירט: „איך מיינט וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס וועט האָבען אויף די אַראַבער״.

„מיר זיינען מער באַזאָרגט, האָט ער ווייטער געזאָגט, וועגען דעם שארית־

הפליטה פון אידען ווי וועגען דעם אַראַבישען באַיקאַט. דורך די מלחמה טעג ווען דער ישוב איז אָפּגעריסען געווען פון דער דרויסענדיגער וועלט האָבען מיר באַוויזען אַז מיר קענען שטעהן אויף אייגענע פיס. אונזער ביישטאַג צו דער פאַרטיידיגונגס־אַרבייט רעדט פאַר זיך אַליין. דער ישוב איז קיינמאָל ניט רייך געוואָרען פון די אַראַבער. זיי האָבען אַ סך מערער פּראָפּיטירט. ז י י באַדאַרפען זאָרגען, ווייל דער באָיקאָט גראָבט פאַר ז י י אַ ל י י ן אַן עקאָנאָמישען גרוב. באַזוכט די אויסשטעלונג אין תל־אביב פון אידישער אינדוסטריע און איר וועט ד אַ ן זעהן דעם אידישען כח".

ווען מיר איז אויסגעקומען מיט עטליכע טעג שפּעטער ביי־צוואוינען די אויסשטעלונג, האָב איך ערשט באַגריפען די רייד פון דעם עקאָנאָמישען עקספּערט. אַרומגעהענדיג פון אָפּטיילונג צו אָפּטיילונג, פון צווייג צו צווייג און באַטראַכטענדיג די פּראָדוקטען און סחורות וואָס דער ישוב האָט פאַבריצירט אויף אַלע געביטען פון מענשליכען געברויך: מאַשינען, געצייג, קליידער, מעבעל ביז מעדיצינישע און כעמישע שטאָפען, האָט דאָס האַרץ ווירקליך געפרעהט. דער מאַן וואָס האָט אונז געפירט האָט גערעדט מיט שמחה וועגען יעדען פּראָדוקט — „מעשי ידינו להתפאר". קיינער וואָלט נישט געגלויבט, אַז אַזאַ יונגער ישוב איז ביכולת אַזאַ וואונדער צו באַווייזען. איז דאָס דער געניוס פון אידישען פאָלק אָדער דער כח פון ארץ־ישראל? ווער עס וויל באמת זעהן אידישע שאַפונגען און שמחת היצירה דאַרף באַזוכען די אויסשטעלונג אין תל־אביב. אפשר וואָלט כדאי געווען אַ טראַכט צו געבען וועגען אַריבערברייינגען אַזאַ אויסשטעלונג נאָך אַמעריקע? קיין בעסערע פּראָפּאַגאַנדע פאַר׳ן ציוניזם קען נישט זיין. דאָס וואָלט דערנעהענטערט טויזענטער און טויזענטער אידען צו ארץ־ישראל.

און אַז דער ישוב שטאָלצירט מיט דעם וואָס זיי האָבען געשאַפען, איז אָפּגערעדט. זיי ריידען וועגען דעם מיט אויסערגעוועהנליכער שמחה. באַזוכענדיג אַ דאָרף אין דעם עמק האָט איינער צו מיר געזאָגט: „כל מה שאתה רואה כאן, כל הבנינים והבתים — בידינו אנו בנינו". (אַלעס וואָס איר זעהט דאָ, די אַלע בנינים און הייזער האָבען מיר מיט אונזערע הענט געבויעט). אין די דאָזיגע ווערטער האָט זיך געשפּירט אין אַ פולער מאָס שטאָלץ און שמחה.

און דער זעלבער מענש וואָס איז אַזוי שטאָלץ מיט זייערע אויפטוהונגען האָט צו מיר ווייטער געזאָגט:

„ארץ־ישראל איז ב י י א ו נ ז ניט קיין פראַגע פון לוקסוס. עס איז אַ נויטווענדיגקייט. דאָס וואָס מיר שאַפען איז פאַרבונדען מיט אייביגקייט. אייביגע ווערטהען קען מען ניט צעשטערען. אַלצדינג וואָס מיר האָבען געבויט איז געווען נישט על פי שכל און נישט על פי לאָגיק. אַ פאָלק עקזיסטירט ניט על פי שכל. דאָס אידישע פאָלק אוודאי ניט. אַלצדינג וואָס מיר האָבען דאָ געטאָן און געשאַפען איז געווען קעגען דעם שכל. דער גייסט, דער אידעאַל, די נויט האָט אונז געטריבען. אין דעם ליגט דער אידישער כח".

ווען ענגלאַנד וועט אָנהויבען דאָס צו פאַרשטעהן וועט זי ד אָ ן אָפּ־שטעלען אַלע אירע פּראָוואָקאַציעס און גזירות. ביי דער לויה פון די געפאַלענע קדושים אין „גבעת חיים" האָט איינער פון די מספּידים פּאַטעטיש אויסגעשריגען: „מיט פייער פון טאַנקען קען מען דעם פייערדיגען גייסט פון אַ געפייניגט פאָלק ניט אויסלעשען".

# די ראַדיקאַלע בעלי תשובה

## ח.

כ׳האָב געהאַט עטליכע באַגעגענישען אין ארץ־ישראל, וואָס וועלען פאַר־בלייבען טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. איך קען זיי נישט פאַרגעסען. כ׳בין מסופק אויב אימיצער אַנדערש וואָלט עס געקענט פאַרגעסען. דאָס זיינען נישט קיין סתם באַגעגענישען, נאָר סימבאָלען און אָפּשפּיגלונגען פון אידישען טראַכטען און דענקען און פון די שטרעבונגען צו דערגרייכען די וועגען פון אמת.

ארץ־ישראל איז שטענדיג געווען דאָס האַרץ פון אידישען פאָלק. היינט איז זי אויך געוואָרען דער צענטער פון מח און מחשבה. עס קלאַפּט דאָרטען דער נאַציאָנאַלער דופק פון דעם אידישען אָרגאַניזם. אַלע גייסטיגע פונקען וואָס די אידישע אומה האָט אין זיך קולט געווען, ווערען דאָרטען קריסטאַ־ליזירט און אויסגעלייטערט.

האָב איך שוין אָנגעוויזען אויף דעם נייעם צייט־גייסט וואָס אַנטפּלעקט זיך אין מאַנכע קרייזען אין ארץ־ישראל, וואָס זייער גאַנצער אַרט לעבען איז געבויט געווען אויף ראַדיקאַלע יסודות. די גרויסע סאָציאַלע און קולטורעלע איבערקערענישען אין דער וועלט, די כוואַליע פון רעאַקציע און פינסטער־ניש וואָס פאַרפלייצט אַפילו ליבעראַלע מדינות, און דער באַנקראָט און פאַר־פוילטקייט פון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע האָט אויפגע־טרייסעלט די ראַדיקאַלע פעסטונגען און געבראַכט דערצו, אַז די דענקענדע מענשען האָבען אויפגעעפענט די אויגען און אָנגעהויבען מאַכען אַ רעוויזיע אין זייער גאַנצער באַציהונג צו אידישקייט.

די דאָזיגע נשמה אויפטרייסלונג איז אייגענטליך נישט ניי, מיט עטליכע יאָר צוריק האָבען אויך דאָ אין אַמעריקע אָנגעהויבען בלאָזען נייע ווינטען. פלעגען אין ליטעראַרישע זשורנאַלען געדרוקט ווערען סימפּאַזיומס מיט לאָזונ־

גען: „צוריק צום באַרג סיני, צו דער תורה, צו די נביאים און בכלל — צו די רעליגיעזע, עטישע און מאָראַלישע פּרינציפּען״. ווייטער פון אַ סימפּאָזיום איז די באַוועגונג נישט געגאַנגען. איך בין נישט חושד די דאָזיגע מענשען אין נישט אויפריכטיגקייט. געוויס איז זייער כוונה געווען אַן עהרליכע. דאָ האָט אָבער די באַוועגונג קיין וואָרצלען נישט געשלאָגען. אפשר איז די סביבה דאַרין שולדיג און אפשר האָט זיי געפעלט די געוואַגטקייט אַרויסצוקומען מיט דעם באַקאַנטען נוסח: „אשמנו, בגדנו״...

אַנדערש איז אָבער אין ארץ־ישראל. דאָרטען איז שווערער צו פּראַקטי־צירען ראַדיקאַליזם, דאַריבער איז דער וועג פון תשובה אַ סך גרינגער. זייער קלוג האָט מיר אַ רעליגיעזער שריפטשטעלער געזאָגט: „אייגענטליך זיינען מיר, די רעליגיעזע אידען, די פרייסטע מענשען אין ארץ־ישראל, בעת די ראַדיקאַלען זיינען דאָ אין גלות״...

איינער פון די בעלי־תשובה׳דיגע טיפּען, וואָס כ׳האָב באַגעגענט אין ירושלים, נישט לאַנג אַריבערגעקומען פון דייטשלאַנד, האָט מיך נישט אויפ־געהערט צו פאַרפאַלגען מיט זיינע אידעען וועגען אָנהויבען אַ גרויסע וועלט באַוועגונג: „צוריק צום אידענטום״. פלעגט ער כסדר קומען באַוואָפענט מיט ליטעראַרישע כלי־זין פון באַרימטע שריפטשטעלער, וועלכע שרייבען בפירוש: „אידישע ראַדיקאַלען! קומט צוריק! בויט אַ נייע קולטור־פעסטונג פאַר אייך און פאַר די ווייטערדיגע דורות״. באַזונדערס פלעגט ער מיר באַוואַרפען מיט זשורנאַלען און בראָשורען פון נתן בירנבוים, די ברידער שטיינבערג, וויליאַם נאַטאַנזאָן, וועלכע זיינען אין זיינע אויגען די גרעסטע אויטאָריטעטען אויף דעם געביט פון תשובה. „אדרבה, זאָגט ער מיר, זעהט אַ ציטאַטע פון שטיינ־בערג׳ן. לייענט וואָס ער זאָגט: „דאָס אידישע פאָלק איז נישט אונטערגע־גאַנגען צוזאַמען מיט דער היינטיגער וועלט, ווייל אין מיטען פון דער וועלט קאַטאַסטראָפע האָט ער ווייטער געבויט זיין לעבען אויף די אַלטע רעליגיעזע מאָראַלישע יסודות. דעם דאָזיגען מוסר־השכל דאַרפען מיר היינט אָפלערנען פון אונזער געשיכטע.״

אַז כ׳האָב אים אַ פרעג געגעבען: „וואָרום זיך בעסער נישט באַנוצען מיט אַ ציטאַטע פון תנ״ך אָדער תלמוד?״ האָט ער מיך פאַרוואונדערט אָנגע־קוקט און געענטפערט: „ווען זיי זאָלען גלויבען אין תנ״ך, וואָלט מען דאָך קיין באַוועגונג נישט באַדאַרפט שאַפען״...

אָבער דאָס איז נישט קיין איינצעלנע דערשיינונג. די אידעע פון אויס־לייטערען דעם ראַדיקאַליזם ווערט וואָס ברייטער פאַרשפּרייט, אָדער ווי אַ העברעאישער שרייבער האָט עס פאָרמולירט אַלס אַן „אַנשטעקענדע קראַנק־הייט". אפילו דער „השומר הצעיר", דער עקסטרעמסטער ראַדיקאַלער פליגעל, אויף וועלכען ליצנים באַהויפּטען, אַז דאָס איז „אַ קאָמוניסטישע נשמה אין אַ קאַפּיטאַליסטישען גוף", איז אויך עטוואָס ווייכער געוואָרען אין זיין פאַרביסענ־קייט געגען אידישער אמונה און אידישע טראַדיציעס.

געפינט זיך ביי מיר אַן אָריגינעל בריוועל פון „אפיקים", אַן השומר הצעיר קיבוץ, אין וועלכען ס'ווערט געמעלדעט דעם נאַציאָנאַל פאָנד פון תל־אביב וועגען אַ געוויסע סומע געלט, וואָס מען האָט גוזאַמעלט אין דעם אָרטיגען מנין אום ראש השנה. אַזוינס האָט נישט געקענט פּאַסירען מיט יאָרען צוריק. אַ קיבוץ פון השומר הצעיר האָט נישט געהאָט קיין מגע ומשא מיט רעליגיעזע ענינים. עס האָט געשמעקט מיט רעאַקציע... כ'בין נישט באַקאַנט מיט זייערע פאַרטיי געזעצען. פאַר אַזאַ „עבירה" פון איבערשיקען געלט פון אַ שוהל האָט מען, דאַכט מיר, געקענט אַרויסגעוואָרפען ווערען פון דער פאַרטיי...

ווען איך האָב דעם דערמאָנטען בעל תשובה'ניק געוויזען דעם בריוועל פון „השומר הצעיר" האָט ער ממש געטאַנצט פון שמחה. „קען מען שאַצען אידישע נשמות? — האָט ער געפרעגט — זעהט איר, וואָרום מען נויטיגט זיך אין אַ תשובה באַוועגונג."

אויף אַ גאָר בולט'דיגען און שאַרפען אופן איז דער נייער צייט גייסט געקומען צום אויסדרוק ביי דעם צוזאַמענקונפט פון די העברעאישע שריפט־שטעלער פון ארץ־ישראל, אַ וואָך פאַר ראש השנה, אין דעם דאָרף „מעלה החמשה" נעבען ירושלים.

אַ כינוס פון העברעאישע שריפטשטעלער רופט אַלע מאָל אַרויס פיעל אַנזעהן אין ארץ ישראל, ווייל אַ חוץ וואָס דאָרטען קומען זיך צוזאַמען די גרעסטע קינסטלער פון וואָרט, פאַרהאַנדעלט מען אויך די ברענענדיגסטע פּראָבלעמען פון ישוב. דער היינטיגער כינוס האָט אָבער אַרויסגערופען אַ גרעסערען אינטערעס צוליב די שאַרפע מוסר־ווערטער, וואָס זיינען דאָרטען אַרויסגעזאָגט געוואָרען.

דער באַרימטער העברעאישער דיכטער דוד שמעונוביץ, וועלכער פאַר־

נעמט דעם מזרח־וואַנט אין ישוב זינט ביאַליק׳ס טויט, האָט אין זיין דערעפע־נונגס־רעדע געמאַכט אַ שווערע באַשולדיגונג געגען געוויסע קרייזן, וועלכע ווילען זיך נישט באַפרייען פון דעם פראָצעס פון אַסימילאַציע. גיבען מיר דאָ איבער עטליכע קורצע שטריכען פון זיין שאַרפזיניגען אַנאַליז:

...„דאָס אַנטלויפען פון זיך אַליין האָט נאָך נישט אויפגעהערט. איך האָב נישט אין זינען די, וואָס פאַרלאָזען אין גאַנצען די אידישע מחנה, איך רעד וועגען גוטע און איבערגעגעבענע אידען, וואָס וועהטאָגען אונזער וועהטאָג און חלומ׳ען אונזער חלום... די נייע לאָזונג „יודענטום און מענשהייט" — (יהדות ואנושיות) וואָס באַדייט עס?

„אידענטום איז אין ת ו ך מענשליכקייט. מיר האָבען דאָך כסדר אָפּגעהיט דעם מענשליכען געשטאַלט. צו נעמען מענשליכע אידעאַלען פון די גויים איז פונקט ווי איבערזעצען דעם תנ״ך פון פרעמדע שפּראַכען. צו אונזער וועהטאָג ווייסען מיר נישט צו אונטערשיידען וואָס מיר האָבען גענומען פון די גויים און וואָס מיר אַליין האָבען געשאַפען... אַפילו גרויסע אידישע שריפטשטעלער שאַצען דאָס נישט אָפּ... דאָס אַנטלויפען פון זיך ווערט אויסגעדריקט אין פאַרשידענע פאָרמען. מיר אַנטלויפען פון אונזער געשיכטע, פון אונזער קולטור, פון אונזער טראַדיציע... מיר גיבען זיך אָפּ מיט א י י ן טייל פון דער געשיכטע און נישט מיט אַלע טיילען... מיר ציטערען וואָס די גויים וועלען זאָגען. מיר צעטרעטען מיט די פיס ווערטען, וואָס זיינען הייליג ביי מיליאָנען אידען."

און דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער געהט מיט זיין מוסר־שמועס אַ סך ווייטער.

„מיר האָבען אַפילו אויפגעהערט — זעצט ער פאָר — צו רופען אונזערע קינדער אברהם, יצחק, יעקב, שרה רבקה, רחל לאה. מיר טראַכטען אויס פאַרשידענע נעמען, זיי זאָלען נישט קלינגען גלות׳דיג... מיר אונטער־שטרייכען שטענדיג דעם „נצח ישראל לא ישקר" און פאַרגעסען, אַז אייביג־קייט נויטיגט זיך אין דריי זאַכען: פאַרגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט. רייסען מיר אַוועק איינע פון זיי רייסען מיר אַוועק די אייביגקייט."

דער דיכטער פאַרענדיגט זיין גרויס וואָרט מיט אַ פאָדערונג, אַז יעדער איד זאָל פאַרדאָפּלען און פאַרדרייפאַכען זיין אידישקייט, בכדי צו דערגענצען דעם גייסטיגען פאַרמעגען, וואָס איז פאַרלוירען געגאַנגען דורך דער פאַרניכ־טונג פון אידישען פאָלק.

אזוינע הארבע מוסר־רייד האט דער ישוב קיינמאל נישט געהערט. דער צוזאמענקונפט איז מורא׳דיג דערשיטערט געווען פון די דאזיגע ווערטער און אפילו די וואס האבן געענטפערט, האבן עס געטאן בלויז פון יוצא וועגן. קיינער האט נישט געוואגט אריינצוגעהן אין א שארפען וויכוח, נישט נאר צוליב דרך ארץ פאר דעם דיכטער, נאר ווייל ער האט אנגערירט א טיפע וואונד... איז דאס נישט קיין פועל־יוצא פון דעם נייעם צייט־גייסט?

א לייטענדער פירער פון דער „הסתדרות", מיט וועמען איך האב ברייט ארומגערעדט דעם זעהר אינטערעסאנטען ענין, האט מיר מודה געווען, אז אפטמאל ווילט זיך אים פאלגען ביאליק׳ס עצה אוועקצולויפען אין בית־המדרש און זיך איינהילען אין טלית און תפילין צוזאמען מיט אלע גלויביגע אידען — ווייל עס בענקט זיך נאך דער אמאליגער גאנצקייט און נאאיוויטעט. „צו וואס די אלע חכמות — זאגט ער מיר — זעהען מיר דען נישט וואס פאר אן אומגליקליכע וועלט מיר האבען היינט, א וועלט פון אזוי פיעל וויסענשאפט און דאך אזוי פארדארבען".

נאך מערער רירענד איז געווען מיינע א באגעגעניש אויף דער אלטער שטאדט אין ירושלים אין דער וואוינונג פון דעם באוואוסטען ווארשעווער רב, דער זקן הרבנים, ר׳ שלמה דוד כהנא, וועלכער איז נאך שווערע גלגולים געראטעוועט געווארען נאך ארץ־ישראל. האבען זיינע מקורבים, באזונדערס די מזרחי חברים, באשלאסען אוועקצוזעצען אים נעבען דער חורבה שוהל, נישט ווייט פון דעם כותל מערבי און דורך דעם זאל מען פילייכט צוריק אויפלעבען די אלטע שטאדט, וועלכע איז פארלאזען געווארען נאך די ראיאטען פון 1929. האט מען אפגעקויפט א הויז אין „אור החיים" חצר, געגענאיבער די וואוינונג פון דעם האר״י הקדוש ז״ל, בעת זיין אויפהאלט אין ירושלים, און דארטען האט מען דעם עלטסטען ווארשאווער מורה הוראה באזעצט.

די אידעע האט זיך ארויסגעוויזען אלס א געלונגענע. דאס הויז פון ר׳ שלמה דוד׳ן איז געווארען אן אמת׳ער קיבוץ גליות. טויזענדער אידען פון אלערליי קלאסען און שאטירונגען, געהענדיג פון כותל מערבי, פארפעהלען נישט ארויפצוגעהן אין הרב כהנא׳ס הויז, וואו מען נעמט אייך אויף מיט וואַרימקייט און הארציגקייט. אנצוקוקען דעם אצילות׳דיגען פנים פון דעם גרייז־גרויען רב, באטראכטען דעם פאטריארכאלישען אויסזעהן, זיין אידעלקייט און גוטסקייט — פאר דעם אליין איז כדאי אלע טרחות אין דער וועלט.

ווען איך האב געפרעגט דעם וועג־ווייזער, פון וואנען ווייסט מען, אז

אין דעם חצר האָט געוואוינט דער אור החיים ז"ל, האָט ער געוואָרפען אויף מיר אַ בייזען קוק און ברוגז'דיג געענטפערט: „אויב איר גלויבט נישט, צוליב וואָס קומט איר אַהער? גאַנץ ירושלים איז געבויט בלויז אויף גלויבען"...

בשעת מיין באַזוך אין רב'ס הויז זיינען אויך געווען צוויי רעפאָרם־ראַבאיס, טשאַפּלעינס פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, וועלכע זיינען געקומען באַזוכען ארץ־ישראל.

אונזער געשפּרעך האָט זיך געדרעהט אַרום דעם ביטערען אידישען גורל און ווי אַזוי ער האָט דורכגעמאַכט די שווערע מלחמה יאָרען.

„בנוגע מיין רעטונג — האָט דער גרייז גרויער רב געזאָגט — איז שווער צו דערצעהלען. עס איז פאַרבונדען מיט אַ לאַנגע רייע פון נסים. איך בין געלאָפען זיך ראַטעווען, פונקט ווי יעדער איד האָט עס געטאָן. ווער עס האָט זיך געקענט ראַטעווען, האָט זיך געראַטעוועט. אָבער גלויבט מיר, ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז די רשעים וועלען אויסמאָרדען מיליאָנען אידען, וואָלט איך קיינמאָל נישט פּרובירט צו אַנטלויפען. צוזאַמען מיט אַלע קדושים וואָלט איך געגאַנגען על קידוש השם. כ'בין זיך שרעקליך מצער וואָס כ'האָב דערצו נישט זוכה געווען"...

די דאָזיגע תמימות'דיגע ווערטער האָבען אַלעמען אויפגעציטערט. מיר זיינען אַלע טיעף גערירט געווען.

— צוליב וועלכען מאָטיוו וואָלט איר עס געטאָן? — האָט איינער פון די ראַבאיס געפרעגט.

און דער האַרציקער רב האָט מיט פּשטות געענטפערט:

— דער כלל ישראל איז גרעסער פון אַלץ. דער כלל ישראל איז הייליג. אויב עס איז נגזר געוואָרען מן השמים, אַז הונדערטער טויזענטער אידען זאָלען געהן צו דער שחיטה, דאַרף מען געהן מיט אַלעמען צוזאַמען. די השגחה האָט אַנדערש געוואָלט. מיליאָנען אידען האָט מען געפירט צו דער עקידה, איך בין איבערגעבליבען. כ'בין מורא'דיג צעבראָכען"...

דער רב האָט מער נישט גערעדט. אַ שווערער אינערליכער צער האָט אים געפייניגט. מיר האָבען אים מיטגעפילט.

אַוועקגעהענדיג פון דאָרטען, האָט דער רעפאָרם־ראַבאי געזאָגט, אַז דער דאָזיגער באַזוך האָט אים אַריינגעפירט אין אַנדערע וועלטען.

„איך בין גערירט ביז צו דער טיפענישׁ פון מיין נשמה — האָט ער פאַרט־געזעצט — דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, וואָס איך באַגעגען

אַזעלכע אידעאַלע טיפען, וועלכע פאַרקערפּערען אין זיך גאַנצקייט, עהר־ליכקייט און געהויבענקייט. אין מיין מוח הויבען זיך אָן צו וועבען נייע געפילען און נייע באַגריפען. מיר מוזען מאַכען אַ רעוויזיע אין אונזער אַרט דענקען און לעבען. עס פיהלט זיך, אַז מיר האָבען געלעבט ביז אַהער אין טעות. די רייכע טעמפּלען דעמאָראַליזירען אונז. מיר דינען עבודה זרה. אידיש־קייט איז אַ הויכער אידעאַל און פאַר אידעאַלען דאַרף מען ברייגען קרבנות. וועד פון אונז איז ביכולת צו ברייגגען דעם גרינגסטען קרבן? דער אַלטער רב איז פאַר מיר אַ הויכע מאָראַלישע דערשיינונג. איך האָב זיך געפיהלט קליין און נישטיג צו זיצען אין זיין מחיצה. וואָס זיינען מיר לגבי אַזעלכע גרויסע אידען? אַ רעוויזיע מוז געמאַכט ווערען אין אונזערע מחשבות...״

מיט עטליכע טעג שפּעטער בין איך געקומען נאָך טבריה און פאַרבראַכט אַן אָוועגט אין אַ הויז פון אַן אַמעריקאַנער אידישע פאַמיליע. ווען איך האָב זיי דערצעהלט וועגען דעם אינצידענט מיט דעם רעפאָרם־ראַבּיי, אַ געוועזענער פאַרברענטער אַסימילאַטאָר און אַ פאַרביסענער געגנער פון ציון, האָט מיר די יונגע פרוי, אַן אַמעריקאַנער געבוירענע געזאָגט: „ווען מיין פאָטער וואָלט געלעבט ווי גליקליך וואָלט ער געפיהלט, הערענדיג דעם וידוי פון די אַסימילאַטאָרישע ראַבּאַיס, געגען וועמען ער האָט אַזוי ביטער געקעמפט. אַ שאָד וואָס ער האָט די צייט נישט דערלעבט.״

און איר גרויסער פאָטער, אַ הייסער און איבערגעגעבענער ציוניסט, האָט אַ סך זאַכען נישט דערלעבט צו זעהן. מיט איבער דרייסיג יאָר צוריק האָט ער צעבראָכען זיינע דערפאָלגרייכע אַמעריקאַנער געשעפטען, אָפּגעריסען זיינע קינדער פון די פּאַבּליק סקולס און זיי אָוועקגעפירט ערגעץ וואו אויף אַ פוסטען באַרג נעבען טבריה און מיט דער גרעסטער מסירות נפש געלייגט דעם גרונד־שטיין פון אַ נייעם ישוב. האָט פלוצלונג אויסגעבראָכען די ערשטע וועלט־מלחמה און אַלע זיינע גרויסע חלומות זיינען צערונען געוואָרען. זיין ברייטע אידישע האַרץ האָט געפּלאַצט. ער און זיין נאָבעלע פרוי זיינען געפאַלען די ערשטע קרבנות.

ווען איך בין אויפ׳ן וועג נאָך טבריה דורכגעפאָרען דעם הויכען באַרג, וואו „פוריה״ געפינט זיך, האָט מיין האַרץ אַ צאַפּעל געטאָן. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין דעם איינזאַמען קבר פון דעם פייערדיגען נאַציאָנאַלען אידען סיימאָן גאָלדמאַן עליו השלום, דער גרינדער פון דער סט. לואיסער „אחוזה״.

ווען ער וואָלט איצט געלעבט און געזעהן די היינטיגע וואַקסענדע און בליהענדע ארץ־ישראל, ווי גליקליך וואָלט ער געפיהלט!

***

אַ וואָרט פון אַ פשוט'ען אידען אין צפת איז כאַראַקטעריסטיש וועגען די נייע גייסטיגע שטרעמונגען וואָס שפּירען זיך אין ארץ־ישראל. יעדע מינוט, וואָס כ'האָב פאַרבראַכט אין צפת, איז מיר געווען טייער. בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די הויכע בערג און זיך נישט געקענט אָנזעטען מיט דער נאַטור שעהנקייט. וויפיל יאָרען האָב איך גע'חלומ'ט צו זעהן די הייליגע שטאָדט, וועלכע איז איינגעהילט מיט אַ מיסטישען און פּאָעטישען שלייער — דאָס וויגעלע פון קבלה און חסידות, פון סודות און רזין דרזין...

פּאַרטיפּט אין מחשבות איז געשטאַנען נעבען מיר אַן אַלטיטשקער איד. האָב איך אים אַ פרעג געטאָן: „וואָרום איז דער אידישער ישוב אין צפת אַזוי קליין?”

און דער אַלטיטשקער האָט קלאָר געענטפערט:

— איר ווילט וויסען דעם אונטערשייד צווישען גלות און ארץ־ישראל? אין גלות איז דער לעבען גרינגער און שווערער. אין ארץ־ישראל איז דער לעבען שווערער און גרינגער. אין גלות געהט מען שטענדיג אַ ר אָ פּ. אין ארץ־ישראל געהט מען שטענדיג אַ ר ו י ף. און אַרויפצוגעהן אין צפת איז נאָך שווערער. דאָ דאַרף מען קלעטערען גאָר הויך... דאַריבער איז דער ישוב אין ארץ־ישראל קליין, ווייל נישט אַלע אידען פאַרמאָגען דעם גייסטיגען כח פון געהן אַרויף... איינס מעגט איר זיכער זיין. די וועלכע קומען שוין אַהער ווערען פריער אָדער שפּעטער געלייטערט און דערהויבען. זיי ווערען זיך אויסלערנען „געהן אַרויף”...

און ווען צוזאַמען מיט מיינע חברים האָבען מיר שפּעטער באַזוכט די הייליגע קברים פון ר' משה קורדיבירו, ר' יוסף קארו, ר' יצחק לוריא, ר' משה אלש"ך און אַנדערע, און באַטראַכט די פשוט'ע מצבות אָהן שום טיטולען פון „מורה מורינו”, „רבן של כל בני הגולה” אָדער „גאונים צדיקים” ווי מיר זיינען ליידער געוואוינט צו לייענען אויף די מצבות אין די גלות לענדער, האָט זיך געהערט אַן אינערליכער רוף: „של נעליך מעל רגליה”, נעמט אַרונטער די שיך. דער פּלאַץ איז צו הייליג. דאָ ליגען גרויסע־הייליגע נשמות, וועלכע האָבען פאַרשטאַנען דעם סוד פון „קלעטערען אַרויף”...

# אין שטאָדט און אין דאָרף

## ט.

דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מצב אין ארץ־ישראל ווערט יעדען טאָג מער ערנסט און אָנגעצויגען. די דערקלערונג פון ערנסט בעווין, אַז ענג־לאַנד האָט בדעה צו פּראָקלאַמירען אויטאָנאָמישע זעלבסטשטענדיגקייט פאַר'ן עבר הירדן איז אַ נייער מעסער אין רוקען פון אידישען פאָלק. דער עבר הירדן, וועלכער איז היינט צו טאָג דער זעלבער פאַרלאָזענער מדבר ווי מיט 25 יאָר צוריק, האָט זיך „ארויפגעאַרבייט און פאַרדינט" ביי ענגלאַנד צו דער הויבען ווערען צו אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, אָבער ארץ־ישראל, וועלכע אידישע הענט האָבען מיט שוויס און בלוט פאַרוואַנדעלט אַלס דעם איינציגען בליענדען גן עדן אין דעם נאָענטען מזרח, האָט זיך „ארויפגעאַרבייט" צו בלוט פאַרגיסונגען, מענשליכע קרבנות און געשלאָסענע טירען פאַר דעם געפּייניגטען און געליטענעם שארית ישראל.

אויב בעווינ'ס דערקלערונג האָט וועלכע ס'איז ממשות וועט די נאָענטע צוקונפט באַווייזען. מענשען, וואָס זיינען באַהאַווענט מיט דעם מצב, באַהויפּ־טען אַז דאָס איז אַ גרונדלאָזע באַרימעריי בכדי צו פאַרבלענדען די אויגען פון די פאַראייניגטע פעלקער און מאַכען זיי גלויבען, אַז דאָס פאַרפּלאָנטערטע פּראָבלעם איז ווי געלייזט. דער סאָציאַליסטישער מיניסטער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער עבר הירדן איז אַזוי מסוגל צו ווערען אַ זעלבסטשטענדיגע מדינה פונקט ווי ענגלאַנד קען ווערען אַ ליבעראַלע מדינה אונטער דעם לייבאָר רעזשים, אָבער בכדי אַ שטאָך צו טאָן אידען, — און בעווין האָט זיך ארויס־געצייגט אַלס מומחה אין דעם, — זיינען אַלע מיטלען כשר, אפילו פּאָליטישער שווינדעל . . .

אין אַ מסיבה אין ירושלים, וואו עס האָבען זיך באַטייליגט מענשען, וואָס שטעהען ביים רודער פון ישוב, האָט מען מיט טיפער זאָרג באַשפּראָכען

די נייע פּאָליטישע אַנטוויקלונגען, די שוואַרצע וואָלקענס וואָס רוקען זיך אָן, און וועגן די קאַמפּס־מעטאָדען וואָס מען דאַרף אָננעמען.

— וועלכען נייעם וואָרט זאָל מען ברענגען צו דעם ישוב בכלל און צו אידען אין גלות בפרט? — האָט איינער געפרעגט.

דער אַלגעמיינער ענטפער איז געווען:

— „בויען ווייטער, בויען ווייטער, אונטער אַלע אומשטענדען! די זעקס יאָר פון מלחמה זיינען פאַר אונז סימבאָליש. מען האָט ניט געטאָרט קויפען קיין לאַנד — און געקויפט; מען האָט ניט געקענט בויען קיין הייזער — און געבויט; מען האָט ניט געלאָזט אַריינברייגגען קיין אידען און אַריינגעבראַכט. דער וועג איז אַ שווערער, אַ פּיינליכער, אַ געפערליכער. אָבער קיין אַנדער וועג איז ניטאָ".

אַנדערע האָבען דערמאָנט אוסישקינ׳ס קלאַסישען וואָרט. בעת די „ליבע־ראַלע" ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבען דעם וויסען־פּאַפּיר האָט אוסישקין דעמאָלט געזאָגט:

— „פון דער יוגענט אָן האָב איך קיינמאָל ניט פאַרפעהלט צו טראָגען מיט זיך צוויי הייליגקייטען: אַ תנ״ך׳ל און אַ מאַפּע פון ארץ־ישראל. קומען אונטער שוואַרצע כמאַרעס פאַרטיף איך זיך איןביידען. דאָרטען געפין איך אמונה און בטחון, האָפנונג און דערמוטיגונג. כ׳האָב דורכגעמאַכט אַלע שווערע עטאַפּען אין ציוניזם: טערקישע גזירות, אוגאַנדא קאָנגרעס, יפו׳ער רציחות, חברונ׳ער פּאָגראָם, פּאַספיעלד׳ס רשעות, סימפּסאָנ׳ס גזירות, וויסער פּאַפּיר, — אַלע האָבען געצילט צו איין זאַך: אונטערצוגראָבען די יסודות פון אַ אידישער ארץ־ישראל. אין אַלע קריזיסען האָט פאַר מיר עקזיסטירט איין תשובה: י צ י א ת ה ג ל ו ת. דאָס איז אַ גרויסער חידוש אין אידישען לעבען. אין דעם חידוש האָבען מיר אַריינגעבלאָזען דעם נאַציאָנאַלען שם המפורש — ארץ־ישראל. לאָמיר דעם חידוש פאַרטזעצען!"

די שונאים אונזערע, די פּאַספיעלדס, די בעווינס, קענען אונז ניט מוחל זיין וואָס מיר האָבען וואָרט געהאַלטען. מיר האָבען ארץ־ישראל צוריק אויפגעלעבט. און ניט איין חידוש האָבען מיר אַריינגעבראַכט, נאָר אַ סך חידושים וואָס שטעכען אַלעמען די אויגען מיט זייער אמת׳דיגקייט און יושר׳דיגקייט.

וויל מען די חידושים זעהן, דאַרף מען אין די דאָרפישע ישובים און קיבוצים געהן. דאָס לעבען אין די שטעדט איז ניט נייע. אַלץ לויפט רואיג

און געלאַסען, פונקט ווי אין די יאָרן פון אַמאָל. אין די שטעדט שפּירט מען נאַטירליך מער אידיש לעבען, מער רעליגיעזען געפיהל. אַפּגערעדט וועגען ירושלים — דאָרט איז יעדער שטיין אָנגעזאַפּט מיט הייליגקייט. וואו איר געהט פאַרכאַפּט אייך אַ רעליגיעזער ציטער. עס דערמאָנט ניט קיין סתם פאַרגאַנגענהייט — נאָר אַ פאַרגאַנגענהייט וואָס שעפּט פון רעליגיעזע קוואַלען, פון נביאישע רייד, פון אייביגקייט.

רוים און ירושלים — וויפיל האָט מען וועגען דעם געשריבען! ווען איר שפּאַצירט איבער די גאַסען פון רוים טרעפט איר אַלטע חורבות, היסטאָרישע בנינים, וואונדערבאַרע סטאַטועז, פּראַכטפולע מאָנומענטען וועלכע פאַרכאַפּען דאָס אויג מיט זייער אימפּאָזאַנטקייט, אַלטקייט און שעהנקייט. אָבער עס פעהלט דער רעליגיעזער חוש. אַפילו די רעליגיעזע מקומות זייערע באַוואונדערען בלויז מצד דעם עסטעטישען־קינסטלערישען אויסזעהן. און דאָס איז ניט דערפאַר וואָס מיר האָבען לכתחילה אַ וואָכעדיגען צוגאַנג צו זייערע הייליגטימער, נאָר ווייל זייער גאַנצע קולטורעלע אויפפאַסונג איז אַ וואָכעדיגע, אַ ראַציאָנעלע. מענשען וואָס עס איז זיי געלעגען אין קאָפּ צו בויען הויכע טורעמס, קאָליסעאומס, פּיראַמידען און מאָנומענטען האָבען זיך ניט אַרומגעטראָגען מיט הייליגע כוונות...

אין ירושלים, חברון, צפת, טבריה, געפינט מען ניט איין פאַרבליבענעם קונסט טעמפּעל. אומעטום אַלטע חורבות, קרומע גאַסען, צעבראָכענע בנינים, קברים און היילען, — דערפאַר שפּירט זיך אָבער אַ טיף פאַרוואָרצעלטער רעליגיעזער גייסט.

אין הויז פון הרב הערצאָג האָב איך יום טוב באַגעגענט אַן ענגלישען גלח וועמען די „טשוירטש אָוו ענגלאַנד" האָט געשיקט צו שטודירען דעם רעליגיעזען־קולטורעלען מצב. דער זעלבער גלח האָט אויסגעדריקט זיין וואונטש צו באַזוכען צוזאַמען מיט אונז די רעליגיעזע ישובים פון וועלכע ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט.

אויף מיין פראַגע וואָס ער דענקט וועגען ירושלים, האָט ער געענטפערט:

— „דאָס איז אַ נבואה־שטאָדט. כ׳האָב באַזוכט פילע אייראָפּעאישע שטעדט, רוים איינגערעכענט. אין קיין פלאַץ האָב איך ניט געפילט וואָס איך פיהל אין ירושלים. דאָרטען האָב איך געפונען ק ו נ ס ט. דאָ געפין איך ה י י ל י ג ק י י ט".

ווען כ׳האָב אים געפרעגט וואָס ער מיינט מיט די ווערטער „אַ נבואה שטאָדט" האָט ער געענטפערט: „דאָס מיין איך די נבואה פון אייערע נביאים. זיי זיינען אויך אונזערע"...

— הערט זיך צו אייער רעגירונג צו די רייד פון אונזערע־אייערע נביאים?

— האָב איך אַ פרעג געטאָן.

דערויף האָט ער קורץ געענטפערט: „אין פּאָליטיק מיש איך זיך ניט. דאָס איז אַן ענין פאַר דאונינג סטריט"...

די עטליכע שטעט פון ארץ־ישראל שטעלען מיט זיך ניט פאַר קיין שום נייאיגקייט. אַלץ איז אַ המשך פון פריער, פון אַמאָל. אפילו די נייע תל־אָביב מיט איהר ברויזענדיגען לעבען איז אויך ניט קיין מאָדעל פון אָריגינאַליטעט, ווייל אַלץ וואָס דאָרט איז געשאַפען טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אייראָפּייאישקייט. די זעלבע הייזער, די זעלבע געשעפטען, די זעלבע פאַבריקען און אפילו דער זעלבער גאַסען־פּאַרקער. ווען ניט די העברעאישע שילדען מיט דער העברעאישער שפּראַך קען זיך דאַכטען, אַז מען געפינט זיך ערגיץ וואו אין פּאַריז אָדער אין זשענעווע.

דאַגעגען איז דער אידישער לעבען אין דעם דאָרף אַ פולשטענדיגער חידוש, אַ ראַדיקאַלער חידוש, וואָס איז ניט געזעהן געוואָרען זייט הונדערטער יאָהרען אין די פאַרשיידענע גלות־לענדער. רופט עס סאָציאַליזם, קאָמוניזם אָדער וועלכען נאָמען ס׳איז. דאָס זיינען לגמרי נייע עקאָנאָמישע יסודות וואָס זיינען פרעמד געווען דעם אידען אין גלות.

דער גרעסטער טייל פון די 160 טויזענט אידען, וואָס לעבען אין די נאָענט פון 300 דערפער און ישובים, — און דאָס אַליין איז איינע פון די זעלטענסטע דערשיינונגען אין דער אידישער געשיכטע, — האָבען זיך אָפּגעזעגענט מיט דעם אַלטען שטייגערישען עקאָנאָמישען לעבען. זיי ציען מעהר ניט זייער חיונה פון לופט־מסחר, פון בירזשע ספּעקולאַציעס, פון געלט־אויסטויש, נאָר פון פּראָדוקטיווע קוועלען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט הימעל און ערד — מטל השמים ומשמני הארץ. געוויס איז דאָס אַן עבודת־פּרך׳דיגער לעבען, וואָס צעברעכט די מענשליכע כחות, אָבער די נשמה איז אַ סך ריינער און געזונטער, ווייל די הויפּט עלעמענטען וואָס זיינען לרוב פאַרבונדען מיט דעם האַנדעל־וואַנדעל — קנאה און שנאה — זיינען דאָ ניט אַזוי דאָמינירענד...

ווען איך האָב ביי אַ אידישען דאָרפסמאַן געפרעגט צי די אַרבייט באַפרידיגט איהם האָט ער געענטפערט:

— „די פרנסה פון ערד־אַרבייט איז אַ וואונדערבאַרע. אַ ראיה, אין די גלות־לענדער האָט מען אונז קיינמאָל צו דער אַרבייט ניט צוגעלאָזט. וויפיל אידען לעבען פון ערד־אַרבייט אין אַמעריקע, קאַנאַדע און אפילו אין אַרגענ־טינע? די גוים האָבען אונז פאַרשטויסען אין די געטאָס און באַרויבט אונז פון דעם נאַטור־לעבען".

ווען איהר באַזוכט די אידישע דערפער און באַטראַכט ווי אַזוי גאַנצע אידישע משפחות האָבען זיך אַרויסגעריסען פון די אַלטע לעבענס־דרכים און זיך איבערגעבויט פון דאָס ניי מיט אַ נייעם צוטריט צו עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, ווערט איהר ממש פאַרגאַפט און איהר פרעגט: האָט די ביטערע נויט דערצו גורם געווען? איז דאָס דער כח פון דעם אידישען געניוס, פון דעם אידישען צופּאַסונגס־גייסט? אָדער איז דאָס דער מאַגנעטישער כח פון ארץ־ישראל?

— איהר גריבעלט זיך אין די סיבות, האָט דער דערמאָנטער דאָרפסמענש געזאָגט, וואָרום זאָלט איהר ניט דערגרונטעווען די הויפּט־סיבה. מיר זיינען אַ פאָלק פּרובירט אין נסיונות. די גאַנצע וועלט איז אונזער וואַנדער־פּלאַץ. אי־בעראָל האָבען מיר פאַרזוכט דעם ביטערען גלות־טעם, אָבער דער היינטיגער גלות שטייגט איבער אַלע פרינצטערע תקופות. די שונאים האָבען אַרונטערגע־ריסען פון אונז דעם מענשליכען געשטאַלט. מען האָט אונז ברוטאָל צעטראָטען פיזיש און גייסטיג. אַלע פּאָזיציעס זיינען אונטערגעגראָבען געוואָרען. דאָס האָט אַרויסגערופען אין אונזערע ליידענדע נשמות אַ מורא׳דיגען ווידערשטאַנד. מיר האָבען געזוכט עטוואָס וואָס זאָל זיך אַליין איבערבויען און וואָס זאָל אונז געבען אַ בעסערען מאָרגען און אַ בעסערע צוקונפט".

וואָס די סיבה זאָל ניט זיין, איז די דאָזיגע דערשיינונג איינע פון די גרעסטע חידושים וואָס דאָס נייע ארץ־ישראל האָט באַוויזען.

שטייענדיג אין יענעם דאָרף און זעענדיג פאַר זיך דעם נייעם טיפּ אידי־שען דאָרפס־מענש האָב איך געטראַכט: ווי גליקליך וואָלטען מיר געווען ווען דער דאָזיגער עקאָנאָמישער איבערברוך וואָלט אויך געפירט צו אַ גייסטיגען איבערברוך. פונקט ווי זיי האָבען זיך באַפרייט פון די אַלטע עקאָנאָמישע לע־בענס־פאָרמען האָבען זיי אויך באַדאַרפט זיך באַפרייען פון די אַלטע אַנטי־רעלי־גיעזע פאָרמען וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דעם היינטיגען גלות.

אָבער, האָב איך ווייטער געטראַכט, איך גלויב באמונה שלמה, אַז דאָס וועט קומען. דער נייער צייט־גייסט פאַרשפּרייט זיינע פליגלען.

אַן אָנהויב פון דעם „השיבנו נאָזאַד" האָב איך שוין געטראָפען אין מאַנכע

ישובים און די קיבוצים. די הויפּט פּעסטונגען פון אידישען ראַדיקאַליזם האַל־טען זיך אין ברעכען. אויב היינטיגען יום־כפּור האָבען אין „עין חרוד" געפאַסט 150 מענשען און אין „תל יוסף" — דריי הונדערט, אַזוי האָט מען מיר איבער־געגעבען אין ארץ־ישראל פון זיכערע קוועלען, איז דאָס אַ גרויסער רעליגיעזער נצחון. די העלדישע חלוצים, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען די העכסטע מאָס פון גבורה אין איבערבויען זיך אין מאַטעריעלען זין, וועלען סוף כל סוף אַרויס־ווייזען די זעלביגע גבורה אין דעם גייסטיגען רעליגיעזען זין.

אין דעם זומפּיגען חולה־געגענט, אויפ'ן וועג צווישען „דפנה" און „נחלים", די ערשטע אַן אַרבייטער קיבוץ און די צווייטע אַ מזרחי קיבוץ, האָט אונזער אויטאָמאָביל זיך אָפּגעשטעלט, ניט צוליב נחת, נאָר צוליב דעם בלאָטיגען טייכעל... האָט זיך די גאַנצע גרופּע אַוועקגעלאָזט צופוס אין דעם מזרחי קיבוץ. בין איך פאַרבליבען מיט דעם דרייווער — אַ מענש מיט אידישער אינטעלי־גענץ, רעדט עטליכע שפּראַכען, האָט דורכגעמאַכט אַלערליי גלגולים ביז ער איז געוואָרען דער „מנהיג" פון אַלע ציוניסטישע מנהיגים וואָס באַזוכען דאָס לאַנד...

האָט מיר דער דאָזיגער „מנהיג" געזאָגט:

— „איהר וואונדערט זיך אויף דעם נייעם אַרט לעבען. ווען ניט די קאָאָפּעראַ־טיווע צוזאַמענלעבונגען און די געגענזייטיגע הילף וואָלטען מיר קיין ישוב ניט געקענט האָבען. טויזענטער חלוצים וואָלטען געוואָרען אַנטלאָפען. ווער איז דאָס בכח צו פאַרטראָגען אַזוי פיל יסורים? אַנדערע נייע טעריטאָריעס ווערען סוב־סידירט פון רעגירונגען. מיר האָבען געדאַרפט דורכקומען דריי סאָרטען קאַמפען: אַ קאַמף מיט דער רעגירונג, אַ קאַמף מיט די אַראַבער, און אַ קאַמף מיט דער נאַטור. אָט זעהט איהר פאַר אייך: בערג און זומפען, בערג און זומפען. דערצו מוזט איהר געדענקען אַז אונזער „אידישע רעגירונג" איז ניט רייך אין איהרע פאָלקס־פאָנדען און די סובסידיעס זיינען ניט גרויס. אונטער אַזוינע שווערע אומשטענדען האָבען אונזערע יונגע מענשען געמוזט אַרבייטען. ווען ניט דער קאָאָפּעראַטיווער־קאָמונאַלער לעבען ווער ווייס אויב איהר וואָלט עמיצען געטראָפען אין דער זומפּיגער בלאָטע"...

זיצענדיג אין טבריה אין אַן אינטימער געזעלשאַפט פון צוויי ציוניסטישע פירער וועמענס גאַנצען לעבען איז געווידמעט צו דער אויסלייזונג פון באָדען האָב איך געהערט פון זיי דעם זעלבען נוסח.

— וואָס מען האָט אַמאָל באַטיטולט אַלס חידוש איז היינט אַן אַקסיאָמע,

האָט איינער געזאָגט. מען רעדט שוין מעהר ניט וועגען דעם. ווען אַ פייער ברענט איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַרגומענטען. אונזער פאָלק איז אויסגעריסען געוואָרען מיט׳ן וואָרצעל. דער לעבעדיגסטער טייל איז פאַרניכטעט. וויפיל יאָהרען דאַרף עס נעמען ביז עס וועלען צוקומען זעקס מיליאָן אידען? מיר שטעהען פאַר איין פּראָבלעמע: רעטונג און באַפרייאונג. מיר דאַרפען ראַטע־ווען אויף אַלערליי אופנים. אַמאָל האָט דאָס פאָלק געדאַרפט ראַטעווען דאָס לאַנד און היינט דאַרף דאָס לאַנד ראַטעווען דאָס פאָלק. ווען מען עס געפעלט ניט דער וועג ווי מיר בויען, זאָל ער בויען אויף אַנדערע דרכים, אָבער בויען תיכף ומיד. דער שארית ישראל קען ניט וואַרטען".

אין דעם טאָג פון „כנוס קול האדמה", ווען אידישע דאָרפסלייט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פון אַלע טיילען לאַנד לכבוד דעם פטירה־טאָג פון מנחם או־סישקין — דער אייזערנער מאַן פון וועמענס מויל האָט שטענדיג זיך געהערט די שירה פון דער ערד — בין איך צוזאַמען מיט אַ תימן׳ער יונגען בחור גע־שטאַנען אויף דעם הר הצופים, נעבען דעם „מערת ניקנור", וואו עס רוען אויף אייביג די צוויי אומשטערבליכע נאַציאָנאַלע העלדען דר. לעאָן פינסקער און מנחם אוסישקין, די שעפער און קעמפער פון דער אידישער זעלבסט־באַפריי־אונג.

די ארץ ישראל׳דיגע זון האָט געברענט איבער די קעפּ. מיר האָבען זיך פון אָרט ניט גערירט. אונזערע בליקען האָבען זיך ניט געקענט אָפּרייסען פון דער אַלטער־נייער ירושלים וועלכע פאַרכישופט אַלעמענס אויגען מיט איהר שיינקייט און עהרליכקייט.

האָט דער חן׳עווודיגער תימן׳ער בחור מיט די שוואַרצע פינקעלדיגע אוי־גען און ברענענדיגען פרומען עקסטאַז אַריינגערוימט אין מיינע אויערען עט־ליכע פסוקים פון יחזקאל:

— „איך וועל אייך צונויפנעמען פון די פעלקער, און וועל אייך איינזאַמ־לען פון אַלע לענדער, און אייך ברענגען אויף אייער לאַנד.

„פון אַלע אייערע אומרייניגקייטען וועל איך אייך רייניגען און וועל אייך געבען אַ נייע הארץ און אַ נייעם גייסט".

דער וואוילער און טייערער בחור האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט. ער וויל נאָר וויסען ווען וועט שוין קומען די צייט ווען די אידען פון אַלע לענדער און אַלע פעלקער וועלען צוריקקומען אין זייער לאַנד און וועלען באַקומען אַ נייע הארץ און אַ נייעם גייסט...

# ווי מען גרייט זיך פאַר דער אידישער מדינה

## י.

קומט היינט צו טאָג אַ איד קיין ארץ ישראל, מעג ער געהערען צו וועלכער עס איז ריכטונג, ווערט ער באַלד פאַרכאַפּט פון דעם נייעם גייסט וועלכען מען קען באין אופן ניט בעגרייפען אין גלות. דאָס איז דער נייער נאַציאָנאַלער גייסט פון אַ נייעם אויפגעלעבט פאָלק. מאַנכע איינצעלנע שטריכען פון דעם גלות לעבען זיינען נאָך קענטיג, אָבער דער גלות און זיין טאָטאַליטעט ווערט פאַרשוואונדען. איהר זעהט פאַר זיך שטעדט און שטעדטלעך, דערפער און ישובים, געשעפטען און פאַבריקען געבויט דורך אידישע הענט, אידישע מחות, אידישע ענערגיע און אידישע הארעוואַניע. דאָס זעלבע געפינט מען אויך אין די גלות לענדער. וועלכע פאַרמעגענס און וועלכע געשעפטען האָבען מיר אין די אַלע לענדער ניט אויפגעבויט? אָבער עס מאַכט אויף אייך ניט דעם רושם ווי דאָס מאַכט אין ארץ ישראל. דאָ איז בולט דער ספּעציפישער אידישער גייסט, דער אידישער שטעמפּעל, דאָס אידישע געשטאַלט, און דאָס וויכטיגסטע — די אַלע אויפגעבויטע פּונקטען האָבען אַ פיל העכערע און בעדייטענדע חשיבות, זיי זיינען בעצם דער יסוד פון דער געפּלאַנטער אידישער מדינה.

בנוגע דעם איז מיר אויסגעקומען צו רעדען מיט פאַרשידענע עלעמענטען פון ישוב, צווישען זיי אַזוינע וועמען עס גרילצט נאָך עד היום אין די אויערען ווען זיי דערהערען דאָס וואָרט „אַ אידישע מדינה“, אָבער זיי מוזען עס אַרונטער־שלינגען. פאַקטען קען מען באַקעמפען אָבער ניט אָפּלייקענען. זיי קענען ניט אָפּלייקענען אַז אַלצדינג וואָס עס ווערט געשאַפען אין ארץ ישראל טראָגט אין זיך די קערענדלעך פון אידישער מלוכה־שאַפט.

אַן אַמעריקאַנער אָפיציר, וועלכער איז געפאָהרען מיט מיר פון חיפה קיין תל אביב האָט מיר געזאָגט: „אַלץ וואָס איהר זעהט איז אידיש, אידישע

שטעדט, אידישע דערפער, אידישע שפּראַך. עס פעהלט בלויז אַ אידישער פּרעזידענט״.

איך האָב צוגעלייגט אַ הוספה צו וועלכער ער האָט מסכים געווען: „עס פעהלען אויך נאָך עטליכע מיליאָן אידען״...

דאָס איז דער אַלגעמיינער איינדרוק וואָס דאָס הייגטיגע ארץ ישראל מאַכט אפילו אויף ניט אידען. די דיסציפּלין, די סיסטעם, די אָרדנונג און דער פּארנעהם פּאַסען זיך אַריין אין די ראַמען פון מלוכה׳שאַפט. פון איין זייט זיינען מיר מורא׳דיג געשטראָפט וואָס אין אונזערע טעג האָט געטראָפען אַזאַ שרעקליכער פאָלקס־חורבן, און פון דער צווייטער זייט, ארץ ישראל אַ גרויסע נחמה און רפואה צו די שמערצליכע פאָלקס־וואונדען.

— „ווי אַזוי ברענגט מען אריבער אָט דעם גייסט פון ארץ ישראל אין די גלות לענדער?״ — האָט ביי מיר געפרעגט אַ איד אין טבריה ווען איך האָב אין אַ שעהנעם פרימאָרגען באַגעגענט אויף די ברעגען פון דעם כנרת אַרומשפּאַצירענדיג דאָרטען מיט אַ פאָרשטעהער פון נאַציאָנאַל פאָנד, וועלכער האָט אונזער גרופּע באַגלייט אויף דעם טור איבער די ישובים.

אַ פרימאָרגען אין טבריה: וועלכער קינסטלער קען אָפּמאָהלען דעם וואונדערבאַרען זון־אויפגאַנג אין דעם קלאָהרען לופטערען מזרח? די העלישע זון־שטראַהלען וועלכע פאַרכאַפּען די נשמה מיט זייער ליכט און וואַרעמקייט? און דער קרישטאַלענער בלויער כנרת וואָס באַצויבערט דאָס מענשליכע אויג מיט זיין לויטערקייט און זויבערקייט? ווער איז דאָס בכח צו שילדערען?

און דער דערמאָנטער איד, אַן אַלטער ארץ־ישראל׳דיגער תושב, וועלכער שטאָלצירט שטאַרק מיט די חמי־טבריה, האָט ניט קוקענדיג אויף דער פלוצ־לינגער בעקאַנטשאַפט מיט מיר, באַלד זיך גענומען איינקנעלן די פּרשה פון אהבת ארץ ישראל.

„עס איז באמת אַ שאָד, האָט ער געזאָגט, וואָס אַזאַ גרויסער ים איז מפסיק צווישען אונז און אייך. ווען די אַמעריקאַנער אידען וואָלטען אונז אָפטער באַזוכט און וואָלטען געזעהן די וואונדערבאַרע שעהנקייט פון דער נאַטור און די נאַטירליכע וואַרימקייט פון דער ארץ ישראל׳דיגער זון, ווי גליקליך וואָלט עס געווען פאַר אייך און פאַר אונז! מען קען ניט איבערגעבען די שעהנקייט פון ארץ ישראל דורך טעלעגראַפישע ידיעות אָדער דורך ראַדיאָ. מען מוז דאָס אַליין זעהן. איהר זעהט די ענטוויקלונג פון די חמי־טבריה. כ׳געדענק די יאָהרען

ווען מיר האָבען געקענט די דאָזיגע נאַטור־רייכטימער, די הייסע ים־קוואַלען אויסקויפען פאַר אַ קלייניגקייט, כמעט פאַר אַ שיבוש. דער גאַנצער שטח וואָלט געווען געקענט זיין אין אידישע הענט. איז אָבער אין יענע יאָהרען ניט געווען מיט וועמען צו רעדען. קיינער האָט ניט באַגריפען די היסטאָרישע חשיבות און די עקאָנאָמישע מעגליכקייטען. הייגט צו טאָג קען מען עס פאַר מיליאָנען ניט אויסלייזען. מיר האָבען אַ סך פאַרשפּעטיגט אָבער ניט אין גאַנצען. ווען פּראַקטישע און ערפאַרענע מענשען, וועלכע פאַרמאָגען אי קאַפּיטאַלען און אי וויזיע זאָלען קומען אַהער, וואָלטען מיר אַ גרויסען טייל פון די שפע׳דיגע נאַטור אוצרות געקענט ראַטעווען פאַר דעם אידישען פאָלק. די פראַגע איז: ווי אַזוי קען מען דעם דאָזיגען גייסט פאַרשפּרייטען צווישען אייך אַמעריקאַנער אידען? ווי שאַפט מען אָפּ דעם געאָגראַפישען מרחק צווישען אייך און אונז? ווי אַזוי ברענגט מען אַהער מאַסען אידען זיי זאָלען מיט אייגענע אויגען זעהן דעם גלאַנץ פון דער שעהנער טבריה״?

איך האָב זיך געאײלט אַוועקצוגעהן און צוריק זיך באַגעגענען מיט מיינע חברים, וועלכע זיינען אַוועק אין אַנדערע טיילען פון שטאָדט, אָבער דער פּאַטריאָט פון טבריה איז ניט פאַרטיג געווען.

„איהר זעהט די אַרומיגע בערג, האָט ער אָנגעדייטעט מיט׳ן פינגער, דאָס זיינען היסטאָרישע מקומות. דאָרטען ליגט ר׳ עקיבא און זיינע תלמידים, און אויף דער אַנדער זייט — ר׳ יוחנן בן זכאי און זיינע תלמידים. ניט ווייט פון דאַנען איז דער אהל פון דעם תנא ר׳ מאיר און אָט דאָרטען זיינען די קברים פון ר׳ אמי און ר׳ אסא, און דער רמב״ם נעבען זיי — גאַנץ פיינע שכנים... דאָס איז אַ היסטאָרישע שטאָדט מיט אַ גלאָררייכע פאַרגאַנגענהייט. ניט אומזיסט האָבען די הייליגע תנאים און אמוראים אויסגעקליבען דאָ צו וואוינען. דאָס אָרט איז מסוגל צו גלוי שכינה... קוקט זיך איין אין דער ליכטיגער זון, צו די וואונדער־באַרע זילבערנע שטראַהלען און צו די רוהיגע כוואַליעס פון כנרת! און וואָס זאָגט איהר אויף דעם הר־תבור, הר חרמון און די בערג פון גלבוע? וואו אין דער וועלט טרעפט מען אַזאַ הערליכע פּאַנאָראַמע?״

אַ באַזונדער דרך ארץ און יראת הכבוד דאַרף מען האָבען פאַר די עלטערע תושבים. זייער צוגעבונדענקייט און ליבע צו ארץ ישראל איז אַ הייסע, א געזונטע, אַ נאַטירליכע. ווילט איהר הערען ווי אַזוי מען רעדט וועגען ליבע צו ארץ ישראל, כאַפּט זיך אַרונטער נאָך טבריה אָדער צפת. זיי רעדען מיט אַ

באַזונדער שטאָלץ און אויך מיט אַ באַזונדער פאַרדרוס וואָרום מען האָט זיי ביז אַהער איגנאָרירט פאַרגעסען.

זאָגט צו מיר אַ איד פון צפת :

„וואָרום האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט צו ענטדעקען נייע אוצרות אין ארץ ישראל בעת אַזעלכע צוויי היסטאָרישע אוצרות ווי צפת און טבריה זיינען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען ? וואָרום פאַרגרעסערט מען ניט אונזער באַפעלקערונג? וואָרום שאַפט מען ניט פאַר אונז קיין בעסערע עקאָנאָמישע מעגליכקייטען? זינט ווען זיינען עין חרוד, נהלל און חניתא געוואָרען די „מקומות הקדושים״ וואָס יעדער ציוניסטישער מנהיג קומט אַהין אויף אַ באַזוך ? וואָרום זעהט מען זיי ניט אויך אַמאָל אין צפת אָדער אין טבריה״ ?

אָבער אַחוץ דעם פייעריגען פאַטריאָטיזם וואָס די ארץ ישראל׳דיגע אידען וואָלטען וועלען אַז דער גלות זאָל זיך מיט איהם אָנשטעקען, הערט זיך אויך אַ שטענדיגער געשריי „שיקט אונז מענשען״, „שיקט אונז מענשען״. מיר מוזען האָבען נייע כחות, נייע הענט, נייע בויער, נייע ציגעלטראָגער״.

דער איד פון טבריה און דער פיהרער פון די סוחרים פאַראיין פון תל־אביב האָבען זיך מעגליך קיינמאָל ניט געזעהן און ניט דורכגערעדט, אָבער ווען מיר האָבען דעם לעצטען באַגעגענט אין זיין ביוראָ אין תל־אביב האָט ער גערעדט כמעט מיט דעם זעלבען לשון.

„דאָס אַמעריקאַנער אידענטום, האָט ער געזאָגט, טאָר זיך ניט באַגנוגען מיט שיקען געלט אַליין, דאָס איז וויכטיג, אָבער ניט אַלץ. שיקט אונז מענשען, סוחרים און עקספּערטען, וועלכע זיינען גרייט זיך צו באַזעצען און בויען דאָס לאַנד. די מלחמה איז אַריבער. מיר ברויכען אַ נייעם מענשען־מאַטעריאַל. מיר געפינען זיך אין אַ שווערען מצב. די ערפאַהרונג האָט געלערענט אַז מיר קומען אַריבער אַלע שוועריגקייטען. מיר שרעקען זיך ניט פאַר שלעכטע צייטען. זאָלען קומען אַלע — די יוגענט, די חלוצים, די סוחרים, די פאַכלייטע, די אַקאַדעמיקער. און וואָס שנעלער, ניט פאַרלירען מעהר צייט. דאָס לאַנד וואַרט פאַר זיי אַלעמען״.

דער דאָזיגער נאַציאָנאַלער אינסטינקט פון מאַכען ענגע קאָנטאַקטען מיט דעם גלות געהט דורך ווי אַ לאַנגער שנור איבער אַלע טיילען פון לאַנד. אומעטום שפּירט זיך דער באַוואוסטזיין אַז ארץ ישראל איז געוואָרען דער הויפּט צענטער פאַר אידישער רעטונג סיי קערפּערליך און סיי גייסטיג. דער ישוב קען באַין

אופן ניט פאַרשטעהן ווי אַזוי געוויסע אידישע פיהרער אָריענטירען זיך ווידער מיט'ן גלות בעת די בלוטיגע קאָנסעקווענצען פון דער פאַרגאַנגענהייט רעדען פאַר זיך אַליין.

די פאַרביטערטקייט געגען דעם גלות פיהלט זיך אין ארץ ישראל מעהר ווי אומעטום. די שווידערליכע קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפען דאָס אידישע פאָלק האָט איינגעפּלאַנצט אַ שנאה אפילו צו די פרייע גלות'ן. דער גלויבען אין דער וועלט דעמאָקראַטיע און אין דער פרייהייט פון ליבעראַלע מדינות האָט זיך אָפּגעטאָן, אפילו די געפּלאַנטע נייע וועלט־סטרוקטור פון די פאַר־אייניגטע פעלקער ווערט ניט בעטראַכט אַלס דער רעטונגס־מיטעל פאַר דעם שארית הפליטה. דער ישוב שטעמפעלט די אַלע מיטלען אַלס „באַבסקע רפואות" אויף וועלכע מען קען זיך ניט סומך זיין. און דאָס איז די סיבה וואָס עס הערשט אַזאַ פאַרדרוס און פאַרביטערונג.

ווען איך האָב געלייענט די נייעס פון ארץ ישראל, אַז אַ געוויסער פיהרער פון „בונד" איז אַרויסגעקומען מיט אַ רוף צו זיינע חברים אַנצושליסען זיך אין דעם קאַמף געגען „ווייסען פּאַפּיר", האָב איך זיך דערמאָנט אין אַן עהנליכע באַגעגעניש מיט אַ געוועזענעם בונדיסט, וועלכער האָט פאַר מיר אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ אויף דעם פאַלשען גלויבען פון זיין געוועזענער פּאַרטיי.

אין אַ קיבוץ אין דער נאָכבאַרשאַפט פון תל־אביב האָב איך איהם באַ־געגענט מיט נאָך צוויי אומלעגאַלע פליטים, און נאָך אַ וואַרעמען שלום־עליכם האָט ער באַלד אָנגעהויבען זיך אַראָפּרעדען פון האַרצען.

„כ'וויל פאַרגעסען די פאַרגאַנגענהייט, האָט ער געזאָגט אין אַן ערנסטען טאָן. יאָהרען לאַנג בין איך געשטאַנען אין אַ בעוועגונג וואָס האָט געזוכט די וועלט צו בויען און זיך אַליין צו צעשמעטערען. דער „אני מאמין" אַז דער גורל פון אידען איז דער גורל פון דער דעמאָקראַטיע עקזיסטירט מעהר ניט, לפּחות פאַר מיר. לעכערליך איז צו ריידן וועגען דעמאָקראַטיע. וואו איז זי און ווער איז איהר טרעגער? ווארום האָבען זיי געשוויגען וועגען אונזערע חורבנות? ווארום שווייגט מען ווען אַ דעמאָקראַטישע ממשלה שאַפט גזירות געגען אידען? מיר זיינען מיעד און צעבראָכען. אונזער גרעסטער אומגליק איז די היימלאָזיג־קייט. מיר קענען זיך מער ניט שפּייזען מיט פאַלשע אילוזיעס. איך האָב זיך געריסען אהער ווייל די דעמאָקראַטישע לענדער זיינען פאַרמאַכט. אויב די אידישע יוגענט האָט געזונגען אַ קאַמפּף־ליד אין די בלוטיגע געטאָס, ווי מעכטיג

דאַרף זיין דער קאַמפּס־ליד אויף דעם אייגענעם באָדען. די לאָזונג דאַרף זיין: אַ קאַמף געגען גלות״.

אַזוי האָט גערעדט איינער פון די וועלכער איז יאָהרען לאַנג געשטאַנען אונטער אַ פאָהן אין וועמענס נאָמען מען האָט גערופען צום קאַמף געגען ציוניזם און געגען ארץ־ישראל.

די ברענענדיגע פראַגע ווי אַזוי צו פאַרטיפען דעם געדאַנק פון ארץ־ישראל צווישען די גלות־לענדער ווערט מיט טיפען ערנסט דיסקוטירט צווישען די אינטעלעקטועלע קרייזען פון ישוב. איך האָב בייגעוואוינט אַ צוזאַמענקונפט פון העברעאישע שריפטשטעלער או קולטור־טרעגער וואו דער דאָזיגער ענין איז געשטאַנען אין הויפט צענטער פון דער דיסקוסיע. עס האָבען נאַטירליך ניט געפעהלט קיין שאַרפע חילוקי־דעות. עס איז געווען די מיינונג פון מאַנכע אַז די טענדענץ פון מבטל זיין דעם גלות, אָדער ווי מען רופט עס „שלילת־הגלות״, קען ברענגען מעהר שאָדען ווי גוטעס. דאָס שטעלט אונז פאַר אַ פּאָליטישע און מאָראַלישע סכנה.

פּאָליטיש — אויב די דרויסענדיגע וועלט וועט זיך דערוויסען אַז מיר האָבען אויפגעגעבען דעם גלות. דערמיט ווערט געגעבען אַ שווערד אין די הענט פון די שונאים צו באַרויבען אונזערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רעכט. 8 מי־ליאָן אידען זיינען פאַרבליבען אין די גלות לענדער און מען דאַרף זעהר פאַר־זיכטיג זיין וועגען זייער פּאָליטישען און אויך עקאָנאָמישען סטאַטוס.

מאָראַליש — איז אויך פאַראַן אַ סכנה אויב מיר נעמען אָן דעם געדאַנק, אַז אונזער גאַנצע רעליגיעזע און קולטורעלע אַרבייט אין די גלות לענדער האָט קיין יסוד ניט, מיר ווילען צעברעכען דעם קיום פון אידישען פאָלק סיי אין גלות און סיי אין ארץ־ישראל.

די אַנדערע ריכטונג האָט אָבער גע׳טענה׳ט, אַז מיר ווילען האָבען ווייטער געזונדיגט געגען דער אידישער געשיכטע אויב מיר פאַרמאַכען די אויגען פון דער רעאַלער ווירקליכקייט.

די חיי־שעה פון אַ פאָלק איז וויכטיג, אָבער נאָך וויכטיגער איז דער חיי־עולם. די נעגאַטיווע ערשיינונגען פון גלות, די ביטערע קאָנסעקווענצען מוזען אויפגעדעקט ווערען. מען מוז לערנען דאָס פאָלק אַז מען טאָר זיך ניט סומך זיין אויף צייטווייליגע עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע נצחונות. דאָס פאָלק מוז וויסען אַז דער גלות איז ניט זיכער. מיר דאַרפען אויך אַרונטעררייסען די אַזוי

גערופענע דעמאָקראַטישע וועלט, ווייל אפילו די בעסטע פון זיי זיינען ניט ריין פון אַנטיסעמיטיזם. אידישע קינדער דאַרפען וויסען אין וועלכען דור און אין וועלכער תקופה זיי לעבען. דאָס וועט נאַטירליך פיהרען צו גרעסערע און פרוכטבאַרע מעשים פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל.

און עס האָט אויך ניט געפעהלט אַ גאַר עקסטרעמע מיינונג. איינער פון די אנוועזענדע, וועלכער שטאַמט פון אַ גרויסער חסידישער דינאַסטיע, האָט געפאָדערט צו רעוואָלטירען געגען דעם „סטאַטוס קוואָ". איהם געפעלט דער דרך פון ר' עקיבא און בר־כוכבא און ניט דער דרך פון ר' יוחנן בן־זכאי. דאָס בלוט פון מיליאָנען אידען שרייט פאַר נקמה. זיי זיינען געשטאָרבען דעם טויט פון קדושים, און אונזערע נייע דורות דאַרף מען לערנען צו קעמפען און צו שטאַרבען, אויב נויטיג, דעם טויט פון גבורים. אָט־דעם גייסט וועט דער גלות אויפכאַפּען און נאָר דורך דעם וועלען מיר קענען אָנהאַלטען דעם געהערי־גען איינפלוס אויף דער אידישער יוגענט.

***

דער צווייטער טאָג חול־המועד סוכות איז געווען אַ היסטאָרישע דאַטע פאַר דעם ישוב. אויף דער איניציאַטיווע פון מזרחי זיינען טויזענדער אידען זיך צונויפגעקומען אין ירושלים צו באַנייען צוריק דעם אַלטען מנהג פון „הקהל", וואָס קומט אויס, לויט דעם אָנזאָג פון דער תורה, אין מוצאי־שמיטה־יאָהר.

הונדערטער יאָהרען זיינען אַוועק זינט דער פאָלקס־מנהג איז בטל געוואָרען. איז עס געווען דער ערשטער יאָהר וואָס מען האָט דעם דאָזיגען יום־טוב, מיט דער הסכמה פון די רבנות הראשית, צוריק אויפגעלעבט.

ווער עס האָט די דעמאָנסטראַציע ניט געזעהן האָט קיין שמחה אין זיין לעבען ניט געזעהן! טויזענדער אידען פון אַלע עקען לאַנד זיינען אָנגעקומען אין דער פריה אין באַנען, באַסעס און אויטאָמאָבילען מיט ספרי־תורה'ס, און לולבים מיט אתרוגים אין די הענט און מאַרשירט אויף אַ מוסטערהאַפטען אופן, אונטער די קלאַנגען פון אַ לויב־געזאַנג, ביז צו דער גרויסער „ישורון" שוהל, וואו עס האָבען געוואַרט טויזענדער אידען, אנשים נשים וטף, אינעווייניג און אין דרויסען. פון דאָרטען האָט זיך דער ריזיגער פּאַראַד געצויגען דורך רחוב יפו, צום כותל־מערבי, אונטער דער פיהרערשאַפט פון די רבנים ראשיים, די פיהרער פון מזרחי און פון אַלע אַנדערע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אָרגאַנען פון ישוב. אַזאַ אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע האָט ירושלים שוין הונדערטער

יאָהרען ניט געזעהן. אַשרינו מה טוב חלקנו — וואָס מיר האָבען זוכה געווען אין דעם גרויסען טאָג צו זיין אין דער שטאָט פון אַלע אונזערע האָפנונגען.

בין איך צווישען דעם ריזיגען הייליגען עולם געגאַנגען מיט איינעם פון די גדולי ירושלים אויף וועמען מען זאָגט אַז ער איז דער גרעסטער תלמיד מובהק פון הרב קוק ז"ל. אונזער געשפרעך האָט זיך געדרעהט אַרום דער פראַגע: מיר זעהן פאַר אונזערע אויגען, אַז אַ פאָלק ווערט איבערגעבויט. עס קלינגען אין אונזערע אויערען די טריט פון אידישער מלוכה'שאַפט. ווי אַזוי קען מען די דאָזיגע אידעע איבערגעבען צו די אידען פון גלות?

האָט מיר דער דאָזיגער גדול — אַ גדול אין אַלע הינזיכטען: תורה, חכמה, קבלה, דעות און מדות — געזאָגט:

„מיר רעדען כסדר וועגען „אחדות האומה". אין גלות איז דאָס אַ תפלת שוא. נאָר ארץ־ישראל איז מסוגל פאַר נאַציאָנאַלער איינהייט... „ומי כעמך ישראל גוי אחד — בארץ". אין גלות זיינען אַלע אידישע אברים צעריסען. אין ארץ־ישראל אויב זיי זיינען ניט אינגאַנצען פאַראייניגט, זיינען זיי לפחות טיילווייז פאַראייניגט. דאָס לאַנד, די שפּראַך, די העברעאישע קולטור, די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פאַראייניגט אַלעמען. אַט־די אידעע וועט באַגייסטערען די אידען פון די גלות־לענדער. ברענגט זיי די בשורה פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט. דאָס איז דער יסוד פון אונזער מלוכהשאַפט".

## ישוב ענטפערט מיט בויען נייע קאָלאָניעס

### יא.

וואָס אימיצער זאָל נישט טראַכטען וועגען די פּערספּעקטיוועז פון דער היינטיגער ארץ־ישראל, וועגען די אויפנאַמס־מעגליכקייטען פון אַ ברייטער אידישער איינוואַנדערונג אָדער וועגען די האָפענונגען פון אויפשטעלען דאָרטען אַ אידישע מדינה, איינס קענען זיי נישט פאַרלייקענען, אַז די פיהרער פון ישוב האָבען אַ רעאַלען צוגאַנג צו די פאָלקס פּראָבלעמען און אַ דאַנק אָט־דעם צו־גאַנג איז ארץ־ישראל געוואָרען אַ באַדייטענדער פּונקט צווישען די וועלט־פּראָב־לעמען.

וואָס די ענגליש־אַמעריקאַנישע קאָמיסיע זאָל נישט באַשליסען, און קיין גרויס געוויכט אויף זייערע באַשלוסען דאַרף מען נישט לייגען, בלייבט דער פאַקט, אַז די צוויי גרעסטע פעלקער אין דער וועלט האָבען באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו שטודירען דעם מצב פון אידען און דעם סטאַטוס פון ארץ־ישראל. דאָס גופא איז אַ וויכטיגע פּאָליטישע געשעעניש.

פופציג יאָהר זיינען אַוועק זינט דער אומשטערבליכער דר. הערצל האָט אָנגעשריבען זיין באַריהמט ביכעל דער „יודענשטאַט", וואו ער וועיזט אָן, אַז דאָס אידישע פּראָבלעם איז אַ וועלט פּראָבלעם און וואו ער זאָגט אַרויס פילע אַנדערע פּאָליטישע נביאות'ן, וואָס זיינען אין אונזערע טעג פאַרווירק־ליכט געוואָרען. ווען הערצל וואָלט איצט געלעבט און געזעהן די רעאַלי־זירונג פון זיין גרויסען פאָלקס־חלום, וואָלט ער שטאָלץ געווען מיט זיין לעבענס־ווערק וואָס ער האָט געשאַפען.

אמת, די פאַרווירקליכונג קומט נישט אָן אזוי גרינג. זיינען פאַרבונדען דערמיט אַ סך וועהענישען, אָבער די וועהענישען זיינען כדאי, ווייל זיי טראָ־גען מיט זיך אַ רייכען שעפערישען לעבען פאַר דער צוקונפט. דער ישוב ווייסט ווי אַזוי דורכצוטראָגען אָט־די יסורים מיט אַ שטאַרקען אָפּטימיזם און טיפען

גלויבען. אַז מיר שטייען אויף דער שוועל פון דעם לאַנג דערוואַרטען אחרית־הימים...

אין דער צייט וואָס בעווין'ס אַדמיניסטראַציע איז מורא'דיג באַשעפטיגט דורכצופיהרען מיט אַלע האַרבקייטען פון „געזעץ" די גזירות געגען די אומלעגאַ־לע פליטים — און די גזירות זיינען זעהר שווערע, נישט ווי עס פּאַסט פאַר אַ סאָציאַליסטישען לייבאָר רעזשים, נאָר פאַר דעם צאַר'ס רעזשים פון די גאָר אַלטע צייטען — אין דער זעלבער צייט האָט דער ישוב זיך פאַרנומען מיט דערגרייכען נייע פּאָזיציעס, מיט אויסלייזען נייע שטחים לאַנד און מיט באַזאָר־גען די נייע „אומלעגאַלע" אָנקומענדע מיט אַ מקום מנוחה פאַר זייערע מידע און צעבראָכענע ביינער.

דורך דעם חודש נאָוועמבער, ווען די ענגלישע „געזעץ־היטער" זיינען אַרומגעלאָפען מיט ביקסען און טאַנקען, אַרעסטירט טויזענטער „פאַרזינדיגטע" אידישע יונגעלייט און פאַרגאָסען אומשולדיג אידיש בלוט, האָבען די „טע־ראָריסטישע" פיהרער פון ישוב, וועלכע זוכען נישט קיין מלחמות און האָסען טעראָר, אויפגעשטעלט נייע שלום פונקטען, וועלכע זיינען אויך צו דער זעל־בער צייט באַשיצונגס־פונקטען געגען אונזערע שונאים.

מיט אונזער בעסטען רצון צו פיהרען אַ האַרמאָנישע צוזאַמענלעבונג מיט די אַרומיגע שכנים מוז מען געדענקען, אַז מיר זיינען אַרומגערינגעלט פון אַ סך שונאים, נאַטירליכע און אָנגערייצטע. דאַריבער האָבען די אַלע נייע ישובים אַ דאָפּעלטען ציל: צו פאַרשטאַרקען אונזערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און נישט וויי‌ניגער — צו באַפעסטיגען די באַשיצונגס־פונקטען. די אַלע נייע ישובים ווערען געמאַכט מיט אַ באַשטימטען פּלאַן און מיט אַ פאָראויסגערעכנטען חשבון.

די זעלבע כוונות האָט מען אויך אין זינען געהאַט בשעת מען האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק געגרינדעט די צוויי באַקאַנטע דערפער „חניתא" און „טירת צבי".ביידע ישובים שטייען אויף די מסוכן'דיגסטע געגענדען פון לאַנד, אַרומגערינגעלט פון ווילדע בעדואינער און רוצח'ישע אַראַבער. די דאָ־זיגע פונקטען האָט מען געמוזט דעראָבערען צוליב סטראַטעגישע טעמים, און בכדי צו ווייזען, אַז די סטראַשונקעס פון איבערפאַלען שרעקען אונז נישט.

דער אַרבייטער דאָרף „חניתא" האָט זוכה געווען צו אַ סך פרסום. די ציוי־ניסטישע עפענטליכקייט האָט געפלאַכטען זעהר פיל קרוינען אויף דעם קאָפּ פון „חניתא", וועלכע פאַרדינען באמת, ווייל דער אַרויפגיין אויף יענעם באַדען

האָט זיך געפאָדערט אַ סך גבורה. ווייניגער מזל צו דער ציוניסטישער עפענט־ליכקייט האָט געהאַט דער מזרחי־דאָרף „טירת צבי״ טראָץ דעם וואָס די העל־דישקייט איז אין געוויסע הינזיכטען פיל גרעסער, ווייל די סכנה איז עד היום נישט פאַרשוואונדען. די נייעס אַגענטורען פון ארץ־ישראל זיינען זעהר קאַרג אין ווערטער ווען עס קומט צו אַ מזרחי אָדער הפועל המזרחי פּראָיעקט, מעג עס זיין ווי וויכטיג. עס שמעקט מיט רעליגיע אָדער אמונה, דאַרף מען עס פאַר־שוויגען...

„טירת צבי״, וואָס צעהלט שוין עטליכע הונדערט נפשות, איז די קרוין פון אַלע געשאַפענע ישובים, אָבער די אידישע וועלט ווייסט פון דעם זעהר ווייניג. אפילו די רעגירונג האָט, ווי עס שיינט, אַ געוויסען „פּאַראורטייל״ געגען די רעליגיעזע קיבוצים. שוין איבער 8 יאָהר, ווי דער דאָזיגער דאָרף עקזיסטירט, אָבער קיין „כביש״ האָט זי אין יענעם געגענט נאָך נישט איינגעפיקסט. פון ׳בית שאָן׳ ביז טירת צבי איז אַ מהלך פון אַ שטונדע צייט און ווען מען קומט אַרויס פון יענער נסיעה מיט גאַנצע ביינער דאַרף מען בענשען אַ דאָפּעלטען „גומל״...

אַ דאַנק די אויסערגעוויינליכע מסירות נפש און עקשנות׳דיגען גייסט פון די „הפועל המזרחי״ חברים איז „טירת צבי״ איצט אין אַ גלענצענדען עקאָ־נאָמישען צושטאַנד, אָבער אָפּטע איבערפאַלען און גנבות קומען פאָר פון צייט צו צייט. אויף דעם יונגען בית עולם ליגען שוין אַ היבשע צאָהל קדושים, וועלכע זיינען געפאַלען אויף דער שמירה מיט תפילין אויף׳ן קאָפּ און אַ ביקס אין דער האַנט...

אין די לעצטע עטליכע יאָהר האָבען די רעליגיעזע יוגנעלייט ממש וואונדער באַוויזען. דער אויסקוק איז פון אַן אַלטען איינגעפונדעוועטען אָרט. עס זיינען צוגעקומען פיל הייזער, גערטנער, בוימער, שטאַלען, אַ קליניק, אַ ליייבררי, אַ בית־ספר, און איצט האָט מען געלייגט דעם פונדאַמענט פון אַ נייער שוהל.

— וואָרום בויט איהר אַזאַ גרויסע שוהל? — האָבען מיר זיי געפרעגט. און דער ענטפער איז געווען:

— ביי אונז איז די שוהל נישט נאָר אַ טאָג טעגליכער פּלאַץ צום דאַווענען, נאָר אויך אַ בית־עם און אַ צענטער פאַר אַלע טעטיגקייטען. אונזערע שומרים וועלען דאָ האָבען אַ טורעם, וואו זיי וועלען שטיין ביינאַכט...

די דערפער און די קיבוצים פון אַלע ריכטונגען זיינען דער סימבאָל

פון מסירות־נפש. מענשען, וועלכע האָבען באַשלאָסען צוצופּאַסען זיך צום דאָרפישען לעבען, מוזען גרייט זיין אויף די שווערסטע קרבנות. זיי קענען דינען אַלס מוסטער פון העכסטען אידעאַליזם און אָפּפערוויליגקייט. היינט צו טאָג עקזיסטירען שוין צעהנדליגע מזרחי און הפועל המזרחי דערפער און קיבוצים, וועלכע זיינען אַ כבוד סיי פאַר דעם ישוב און סיי פאַר דעם רעליגיעזען אידענטום. און נישט קוקענדיג אויף דעם קאָמפּליצירטען לעבען פון דעם דאָרף, זיינען די דאָזיגע דערפער נישט הינטערשטעליג אין קיינע הינזיכטען פון די אַנדערע.

פופצען נייע דערפער זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען אין די לעצטע צוויי חדשים אַלס ענטפער צו די בעווינס און די אַטליס, וועלכע זיינען איצט גע־וואָרען „גוט און פרום" און דערלויבט אַריינצונעמען 15 הונדערט פליטים אַ חודש.

ווען מען איז אין ארץ־ישראל געוואויר געוואָרען, אַז דער קאָלאָניאַל־אָפּיס גייט זיך „מיישב" זיין מיט די אַראַבער צי מען זאָל אַריינלאָזען אַ געוויסע צאָל פליטים צי נישט, האָט מיר אַ פאַראַנטוואָרטליכער פיהרער געזאָגט:

„די וועלט האָט ביז אַהער געוואוסט, אַז די ענגלענדער זיינען כיטרע פּאָלי־טיקער. היינט ווייסט מען אויך, אַז זיי זיינען גרויסע ציניקער... פאַר היטלערן האָט זיך ענגלאַנד נישט איבערגעשראָקען. נאָר פאַר די אַראַבער האָט זי שטאַרק מורא. איז דאָס נישט קיין ביטערער געלעכטער? איז דאָס נישט קיין צינישע האַנדלונג פון ערגסטען סאָרט? ענגלאַנד מאַכט אַ פונדאַמענטאַלען טעות. פונקט ווי זי האָט באַצאָהלט זעהר טייער פאַר טשעמבערלעין'ס „אַפּיז־מענט" צו היטלער'ן, אַזוי וועט זי באַצאָהלען זעהר טייער פאַר איהר „אַפּיזמענט" צו די אַראַבער. ענגלאַנד פאַרגעסט, אָדער מאַכט זיך צו פאַרגעסען, די פאַררע־טערישע האַנדלונג פון די אַראַבער בעת דער מלחמה. זי פאַרגעסט, אַז דער מופ־טי איז געווען די רעכטע האַנט פון היטלער'ן. און דער עיקר פאַרגעסט זי, וואָס דער ישוב האָט געטאָן פאַר דער באַשיצונגס־אַרבייט און פאַר די מאָביליזי־רונג פון אַלע כחות אין דעם קאַמף געגען דעם געמיינשאַפטליכען שונא."

און דער דאָזיגער פיהרער, וועלכער שטעהט נאָענט צו די רעגירונגס־קרייזען און ווייסט גענוי איהרע פּאָליסים אין דעם נאָענטען מזרח האָט פאַר מיר אַ שטיק נביאות אַרויסגעזאָגט:

„מען מאַכט אַ טעות, אויב מען דענקט, אַז ענגלאַנד מיינט אויף אַן אמת

צו קריגען די הסכמה פון די אַראַבער. דאָס איז בלויז צו פאַרבלענדען אונזערע אויגען. אין אַ פּאָר וואָכען שפּעטער וועט מען אַרויסזעהן דעם „דיפּלאָמאַטישען" שפּיל. צי די אַראַבער וועלען מסכים זיין צי נישט, אויב פאַר איהר פּאָליטיק וועט זיך לוינען, וועט זי אונטערוואַרפען עטליכע הונדערט סערטיפיקאַטען אַ חודש. מיט אַזוינע וועגען האָט זי פאַרכאַפּט די גאַנצע וועלט. זי וועט אַזוי לאַנג כאַפּען ביז זי וועט אַריינפאַלען..."

אידער מיר זיינען אָפּגעפאָרען פון ארץישראל האָבען מיר געהאַט באַראַטונגען מיט די, וועלכע שטייען נאָענט צו דער ציוניסטישער פּאָליטיק. שאַרפע חלוקי־דעות האָבען מיר געהערט וועגען די קאַמפּס־מעטאָדען, אָבער די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז מיר מוזען גיין אין אַ מעהר אַגרעסיווען וועג, זאָנסט וועט אונזער פּאָליטישער קורס ווערען שוואַכער און שוואַכער.

„ענגלאַנד זוכט צו באַפעסטיגען זיך וואָס שטאַרקער אין דעם נאָענטען מזרח — האָט אונז איינער געזאָגט — פּונקט ווי די צאַרישע רוסלאַנד האָט אַמאָל געשמירט די רעדער פון דער רעוואָלוציע מיט אידיש בלוט, אַזוי וויל אויך ענגלאַנד בויען איהר פּאָליטיק אויף דעם חורבן פון אידישע האָפנונגען. מיר מוזען אָנהויבען אַ נייעם פּאָליטישען פּראָגראַם. מיר ווילען זיך נישט באַנוצען מיט געוואַלד מיטלען און בלוט־פאַרגיסונגען. דאָס איז נישט דער אידישער דרך. אָבער ענגלאַנד טרייבט אונזער יוגענד צו פאַרצווייפלונגס־מיטלען. מיר ווילען לעבען בשלום אפילו מיט פיינט. אָבער וואָס זאָלען מיר טאָן? דער חלף ליגט אויף'ן האַלז. ענגלאַנד וויל חרוב מאַכען דעם ישוב".

אונזער געשפּרעך האָט זיך געצויגען באַזונדערס אַרום די קאַמפּס־מעטאָדען אין די גלות־לענדער, און די תשובה איז געווען:

— דער פּאָזיטיווער וועג, דער גלייכער וועג איז דער וועג פון שאַפען און בויען. די נייע ישובים זיינען אַ דירעקטע תשובה אויף ענגלאַנד'ס מלחמה געגען אונז. אָבער מיט אַזעלכע דרכים וועלען מיר די מלחמה נישט געווינען. מיר קענען זיך נישט פאַרמעסטען מיט פיזישען כח, אָבער מיר קענען זיך יאָ פאַרמעסטען מיט פּאָליטישען כח. איהר, אַמעריקאַנער אידען, טאָרען נישט דוען — איהר מוזט זיך באַנוצען מיט אייער פּאָליטישען איינפלוס. וואָרום האָבען אידישע באַנקירען געקענט שטערען אַ הלוואה צו דער צאַרישער רוסלאַנד? וואָרום זאָלען היינטיגע אידישע באַנקירען נישט טאָן דאָס זעלבע? די עפענטליכע מיינונג מוז וויסען וועגען דעם פאַרברעכען, וואָס ווערט באַגאַנגען לגבי

דעם אידישען פאָלק. דאָס וואָרט פון גערעכטיגקייט וועט דערהערט ווערען. ענגלאַנד וועט אַלצדינג אַריבערטראָגען. נאָר צו דיסקרעדיטירען איהר פאַר דער גרויסער וועלט מיט אומעהרליכקייט און אומ׳יושר׳דיגקייט, דאָס וועט זי נישט קענען ליידען. עס איז אַ לאַנגער קאַמף, און וואָס טוט נישט יעדעס פאָלק פאַר דעם אויפהאַלט פון איהר נאַציאָנאַלען לעבען?

דעם ערשטען נאָוועמבער, ערב דעם באַלפור־טאָג, האָט דער ישוב אָנגעהויבען צו פייערען דעם יום־טוב פון לייגען די גרונטשטיינער פון נייע ישובים.

צוערשט איז געקומען די גרויסע חגיגה פון „משואות יצחק", נישט ווייט פון חברון. עטליכע און דרייסיג חברים פון מזרחי און הפועל המזרחי, צווישען זיי געראַטעוועטע פון בעלזען־בערגען, האָבען זיך גענומען צו דער מלאכה און אין עטליכע טעג אַרום זיינען שוין פאַרטיג געווען צוויי בנינים — אַן אָנהויב פון אַ רעליגיעזען אידישען דאָרף.

ווען מיר זיינען געקומען צו דער חגיגה, צוזאַמען מיט דעם רב־ראשי הרב הרצוג, וועמענס נאָמען איז פאַרבונדען מיט דעם דאָרף, האָבען מיר שוין געטראָפען מעהר ווי אַ צורת הבית. די יונגעלייט, וועלכע קומען פון ישיבות, האָבען געשווינד אויסגעלערענט דעם פרק פון „חזקת הבתים". און די בנינים וואַקסען, ברוך השם, ווי אויף הייוען. אונזער שמחה אין יענעם טאָג איז נישט זיך פאָרצושטעלען. שטיל ביי זיך אין האַרצען האָט יעדער געטראַכט, אַז קיינער טאָר נישט רוהען ביז דער גאַנצער שטח פון ירושלים ביז חברון וועט זיין אויסגעלייזט, און די פאַרלאָזענע חברון וועט דאַן אויך צוריק אויפגעריכט ווערען.

אין יענעם טאָג זיינען אויך אין צפון זייט צוגעקומען צוויי אַרבייטער דערפער — „משגב־עם" ביים גרענעץ פון לבנון, נישט ווייט פון „כפר גלעדי" אין דעם גליל העליון, און „להבות" — אין חולה געגענד. צוויי אַזייגער פאַרטאָג זיינען די אַרבייטער פון די אַרומיגע דערפער זיך צונויפגעקומען און געהאָלפען אויפשטעלען די נויטיגע בנינים פאַר די נייע ישובים.

— וואָרום טוט מען אָט די מלאכה דווקא ביינאַכט? — האָב איך זיי געפרעגט.

— מנהג אבותינו בידינו — איז געקומען דער ענטפער — אונזערע עלטערען פלעגען אויפשטיין צו חצות און באַוויינען דעם חורבן, און מיר שטייען אויף צו חצות אויפצושטעלען צוריק דעם חורבן. מיר זעצען פאָר די זעלבע קייט, נאָר אויף אַן אַנדער אופן און אין אַן אַנדער נוסח...

אינטערעסאַנט איז אויך דער טעלעפאָן־געשפּרעך צווישען די צוויי נייע ישובים:

— אנחנו עלינו בשלום על הרי־בשן (מיר זיינען אַרויף בשלום אויף די בערג פון בשן).

— וגם אנחנו עלינו בשלום על הרי־גליל. (און אויך מיר זיינען אַרויף בשלום אויף די בערג פון גליל).

— הכל בסדר אצלכם? עלו והצליחו! (איז אַלץ אין אָרדנונג ביי אייך? זייט מצליח!)

— כן, כן, הכל בסדר אצלנו, עלו והצליחו! (יאָ, יאָ, אַלץ איז אין אָרדנונג ביי אונז. זייט מצליח!)

מיט עטליכע טעג שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך אַנדערע פּונקטען: „מרץ", „גאולים", „מכמורת", און פילע אַנדערע. כן ירבו!

מען באַדאַרף זיין אין ארץ ישראל און זעהן די שמחה, ווען מען לייענט וועגען דער גרינדונג פון נייע דערפער. יעדער פיהלט זיך אַלס אַ שותף אין דער מעשי־יצירה. דער יחיד אין ארץ־ישראל פיהלט זיך אַלס אָרגאַנישער טייל פון דעם כלל. דאָס איז דער אונטערשייד פון דעם גלות ביז ארץ־ישראל.

אויף דעם וועג צוריק נאָך אַמעריקע, אין קאַירא און אין רוים, האָבען מיר זיך אָנגעטראָפען מיט אידישע פּליטים, וועלכע וואַרטען מיט אומגעדולד אויף דעם גליקליכען טאָג, ווען זייערע פיס וועלען שוין קענען באַטרעטען דעם הייליגען באָדען פון ארץ־ישראל.

דאָס האַרץ ווערט ממש פאַרברענט פון צער און פאַרדרוס ווען די פּליטים דערהערען, אַז געוויסע אידישע „פאַרזאָרגער" ווילען זיי פאַרזאָרגען מיט נייע גלות'ן.

„מיר זיינען זיי מוחל די טובות — האָבען מאַנכע פּליטים געזאָגט — דער שארית ישראל קען נישט און וויל נישט איבערבלייבען אין די בלוטיגע גלות'ן. יעדער שפּאַן ערד וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אידיש בלוט שרייט צו אונז: אַנטלויפט, אַנטלויפט! אַנטלויפט! די לופט איז טמא, די מענשען זיי־נען טמאים. מיר ווילען זיך מעהר נישט באַגעגענען מיט די רוצחים. מיר קאָנען דאָרטען נישט פאַרבלייבען."

און נישט צווישען די פּליטים הערט זיך אַזאַ ביטערע תרעומות, נאָר דער עיקר הערט מען עס אין ארץ־ישראל. פאַר מיר איז געווען אַן עכט דער־

פרעהענדע דערשיינונג, ווען דער גרויסער מרביץ־תורה, דער באַריהמטער מירער ראש־ישיבה ר׳ אליעזר יהודה פינקעל האָט כמעט מיט טרערען אין די אויגען געדעדט פאַר מיר וועגען די „מלאכי־הגואל״, וועלכע זוכען צו ראַטעווען די פאַרטריבענע תלמידים פון שאַנכאַי נאָך קאַנאַדע אָדער אַמעריקע, אין דער צייט, ווען עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט צו ברענגען זיי נאָך ארץ־ישראל.

„ביז וואַנען איז דער שיעור צו זאָרגען פאַר דעם גלות — האָט דער חשוב׳ער ראש ישיבה צו מיר געזאָגט — וואָס וועט ווערען דער תכלית פון די יונגע מופלגי־תורה, ווען מען וועט זיי פאַרשפּרייטען אין די גלות לענדער? האָט דער בלוטיגער גלות גאָרנישט געלערענט? ווענדט זיך צו דער אַגודת־הרבנים, און צו דער אידישער עפענטליכקייט און דערקלערט וועגען דער גרויסער עוולה, וואָס מען וויל באַגיין געגען דעם. אויב עס געפינען זיך עטליכע בחורים, וואָס זוכען פּערזענליכע תכליתים, זאָלען זיי גיין אין גלות, אָבער דער גרעסטער טייל פון די בחורים מוז מען שיקען נאָך ארץ ישראל. דאָ איז זייער צוקונפט, פונקט ווי עס איז די צוקונפט פאַר דעם גאַנצען אידישען פאָלק״.

די שליחות פון דעם מירער ראש־ישיבה איז ביי מיר אַ הייליגע. זי ווערט אויך געשטיצט פון די רבנים־ראשיים. איך וועל די שליחות נישט פאַרשוועכען. איך גלויב נישט, אויב וועלכער לאָיאַלער איד וועט איהר פאַרשוועכען. דער שטראָם פון אידישער עליה דאַרף זיך ציען צום ריינעם קוואַל. ווער עס זוכט איבערצורייסען אָט־דעם שטראָם, וועט באַגיין אַ היסטאָרישען פאַרברעכען, פונקט ווי מען איז באַגאַנגען אַ היסטאָרישען פאַרברעכען, ווען מען האָט צעהנדליגע יאָהרען געשימפּפט און באַליידיגט די ציוניסטישע באַוועגונג און דורך דעם האָט מען גורם געווען, אַז די מאַסען אידען האָבען זיך נישט געריסען אין דער אידישער היימלאַנד.

האָט מיר איינער פון די יקירי־ירושלים געזאָגט:

„די פעלקער האָבען געזינדיגט. זיי האָבען אַ רוהיגע וועלט פאַרוואַנדעלט אין אַ זודיגען בלוטיגען קעסעל. מיליאָנען מענשליכע קרבנות זיינען אומגעקומען. זוכען זיי איצט אַ דרך פון תשובה. זיי ווילען מכפּר זיין די מורא׳דיגע זינד דורך אויפשטעלען אַ פעלקער בונד, אָדער ווי זיי רופען עס „יונייטעד ניישאַנס״. זיי דענקען, אַז דורך דאָס וועלען זיי פאַרמיידען אַזוי פיל מענשליכע קרבנות און אַזוי פיל טייכען בלוט.

„אויך מיר אידען האָבען געזינדיגט, שטאַרק געזינדיגט, וואָס מיר האָבען

די אַלע יאָהרען פאַרגעסען און פאַרנאַכלעסיגט אונזער ארץ־ישראל, ומפני חטאינו... אָבער מיט וועלכע מיטלען דענקען מיר דיזע זינד מכפר צו זיין? וואו איז אונזער אידישע „יונייטעד ניישאָן״? וואָרום זעהט מען נישט ביי אונז די שפורען פון אידישער אחדות? וואו איז אונזער צוגעבונדענקייט צו דעם לאַנד? וואו איז אונזער נאַציאָנאַלע אַחריות? וואו איז אונזער נאַציאָנאַלער תיקון?״

# די פאָדערונגען צום אַמעריקאַנער אידענטום

## יב.

די פיהרענדע פערזענליכקייטען פון ארץ ישראל, מיט וועמען כ׳האָב דעם ענין באַשפּראָכען, און צווישען זיי אַזוינע וואָס געהערען נישט צום עקס־טרעמען פליגעל, האָבען אַלע צוגעגעבען, אַז די שוואַכע פּאָליטיק, וואָס די אַמעריקאַנער ציוניסטען האָבען געפיהרט בעת דער רוזוועלט־אַדמיניסטראַציע, האָט דעם ציוניזם מורא׳דיגען שאָדען געבראַכט. דער בריף־וועקסלונג צווישען רוזוועלט און איבן־סאַאוד האָט אין יענער צייט אַרויסגערופען די ביטערסטע אנטריסטונג און אַנטוישונג.

האָט איינער פון דער ציוניסטישער פיהרערשאַפט מיר געזאָגט:

„זעהט וואָס אייער פּאָליטישע קורצזיכטיגקייט האָט געבראַכט. אַזוי פיל יאָהרען וואָס אייערע מנהיגים זיינען יוצאים ובכנסים אין סטייט דעפּאַרטמענט און אין ווייסען־הויז און דאָך האָט איר נישט געקענט דערפיהלען דעם אמת׳ען דופק בנוגע דעם ציוניזם. און אויב איהר האָט יאָ געוואוסט און נישט אויס־געזאָגט, אַז דער פאַרברעכען אַ דאָפּעלטער. די ענגליש־אַמעריקאַנישע קאָמיסיע איז נישט דער לעצטער עטאַפּ אין דער ארץ־ישראלד׳יגער פּאָליטיק. עס רוקען זיך אָן דיקע פּאָליטישע האָריזאָנטען. ווער ווייסט וויפיל אַנדערע צרות מיר וועלען נאָך ליידען אַלס רעזולטאַט פון דער וואקעלדיגער פּאָליטישער ליניע. די רוזוועלט אַדמיניסטראַציע האָט אין דעם אַ היבשען חלק. אַמעריקע וואָלט געוועזן געקענט ראַטעווען הונדערטער טויזענטער אידען, אָבער זי האָט עס נישט געטאָן. אויך פון דעם איצטיגען ארץ ישראל׳דיגען פּלאָנטער קען זיך אַמעריקע נישט רייניוואַשען. די פינף מינוט, וועלכע האָט גענומען רוזוועלט׳ן „אויסצוגעפינען" איבן סאַאוד׳ס „חכמות", וועט דעם אידישען פאָלק קאָסטען זעהר פיל..."

כ'האָב זיך דערמאָנט אין דער פאַרביטערונג, וואָס האָט דאַמאָלסט געהערשט אין ארץ־ישראל גראד איצט, ווען די ענגליש־אַמעריקאַנישע קאָמיסיע האָט שוין פאַרענדיגט איהר „אונטערזוכונג" אין דעם אייראָפּעאישען עמק הבכא און זי רוקט זיך וואָס נעהענטער צו ארץ ישראל. ווען די שורות וועלען געלייענט ווערען, וועט מעגליך די קאָמיסיע שוין זיצען אין ירושלים און ציהען פון סאַמע מקור אַלע אינפאָרמאַציעס וואָס זי וויל וויסען...

וואָס וויל זי וויסען? — דאָס איז אַ פראַגע. דער ענגלישער טייל פון דער קאָמיסיע, צוזאַמען מיט איינִיגע פון דער אַמעריקאַנער, וועלען זיכער נישט צופרידען זיין מיט דער אינפאָרמאַציע וואָס דער ישוב וועט זיי צושטעלען. דאָס איז דאָך פונקט דער היפוך פון דעם וואָס זיי ווילען זעהן און הערען. אָבער דאָס קענען זיי נישט פאַרמיידען. דער באַזוך אין ארץ ישראל וועט זיין פאַר זיי אַ געוואַלדיגע איבערראַשונג. אַלץ ביז אַהער איז געווען אַ טרויעריגער און ביטערער פראָלאָג. די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלאך פון דער דראַמע הויבען זיך אָן אין ארץ ישראל.

אויב די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע פאַרמאָגען נאָך מאַנכע מענשליכע פונקען, וועלען זיי געריהרט ווערען, ווען זיי וועלען מיט אייגענע אויגען זעהן וואָס אידישער אידעאַליזם און אידישע הענט האָבען געשאַפען אין דעם לאַנד, וואָס וועט שטענדיג בלייבען דער הויפּט צענטער פון אידישען דענקען און שאַפען.

צוליב וואָס דאַרף מען די קאָמיסיע האָבען? — האָט מען אין ארץ ישראל געפרעגט. דאַרף מען האָבען באַווייזע, אַז די נאַצי מערדער האָבען אויסגעשלאַכטעט מעהר פון אַ שליש פון אידישען פאָלק? דאַרף מען זיי איבערצייגען, אַז דער שארית הפליטה קען נישט און וויל נישט פאַרבלייבען אין די טמא'דיגע לענדער, וועלכע זיינען אָנגעזאַפּט מיט אידישע טרערען און אידיש בלוט? און צוליב וואָס האָט אַמעריקע, אָט די אַמעריקע, וועלכע האָט אין משך פון פילע יאָהרען אַרויסגעוויזען אַ וואַרימע באַציהונג צום ארץ ישראל'דיגען פּראָבלעם, זיך געלאָזט אַריינשלעפּען אין דעם איצטיגען פּלאָנטער? איז דאָס צוליב הומאַני־טאַרישע צוועקען, בכדי צו העלפען פאַרגרינגערען דעם אידישען וועלט־שמערץ, אָדער צי עס שטעקט אין דעם אַ פּאָליטישע כוונה ווייל זי האָט שוין פון לאַנג געוואָרפען אַן אויג אויף דעם נאָהענטען מזרח צוליב די אויל־אינטערעסען? איז דאָס אַ נייע פּאָליטישע אָריענטאַציע פון דעם איצטיגען סטייט דעפּאַרטמענט,

אָדער צי איז דאָס אַ פּאָליטישע צוואה פון רוזוועלט׳ן, וועלכע פּרעזידענט טרומאַן באַמיהט זיך פאַרווירקליכען אין לעבען?

ווען ענגלאַנד וואָלט דורכגעדרונגען געווען מיט אַ גוטען ווילען, וואָלט זי געקענט געפינען אַנדערע עצות. אָבער עס איז „אַן אָפענער סוד אין גאַנץ בראָד״, אַז ענגלאַנד׳ס באַציהונגען צו אַ אידישער ארץ ישראל זיינען נישט אויף דער רעכטער זייט, דארום פאַרפּלאָנטערט זיך וואָס מעהר מיט פאַר־שידענע קאָמיסיעס, אַבי אָפּצושלעפּען דעם ענין וואָס לייגנער אָהן וועלכער עס איז קאָנקרעטער לייזונג.

האָבען זיך אָבער אויך געהערט אַנדערע מיינונגען אין דעם ישוב. ווער ווייסט — האָט מיר אַ צווייטער געזאָגט — אפשר מעז יצא מתוק? נאָכדעם ווי די קאָמיסיע וועט זעהן מיט אייגענע אויגען דעם מורא׳דיגען אידישען חורבן און נאָכדעם ווי זיי וועלען באַטראַכטען וואָס אידען האָבען אויפגעטאָן אין ארץ ישראל — אפשר וועלען זיי ציהען אַנדערע קאָנסעקווענצען? אפשר וועט זייער פאַרשטייגערט האַרץ ווייכער ווערען? אפילו דער שטאַרקסטער געגנער פון אַ אידישער ארץ ישראל מוז ענדערען זיין מיינונג, ווען ער זעהט דעם פּאַראַלעל צווישען דעם אַראַבישען מדבר און אידישען גן עדן.

***

און נישט נאָר בנוגע דער פּאָליטיק האָט מען טענות צו אַמעריקע, נאָר מען קוקט איבערהויפּט פון אויבען אַרונטער אויף דעם גאַנצען אַמעריקאַנער ציוניזם. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אויף עפענטליכע אַרויסטרעטונגען אין ירושלים און אין תל אביב צו פאַרטיידיגען דאָס אַמעריקאַנער אידענטום ווי אויך דער ציוניזם, אויפווייזענדיג אויף די ליכטיגע און פּאָזיטיווע זייטען. מיר ווערען דאָרטען אָפט באַשולדיגט אין צופיל מאַטעריאַליזם און אפילו דער אידעאַליזם אונזערער איז אויך וואָסערדיג אין זייערע אויגען.

וואָס וואונדערט מען זיך אויף דער שוואַכער ציוניסטישער פּאָליטיק — האָט אַ צווייטער פיהרער פון ישוב באַקלאָגט זיך פאַר מיר — ווען דער גאַנצער ציוניזם איז אַזוי בלאָס און איינהאַלטסלאָז, און דאָס איז נישט געצילט דוקא געגען אַמעריקע נאָר אויך געגען די ציוניסטען אין אַנדערע לענדער. דער ציוניזם איז געוואָרען אַ פּאָפּולאַרע באַוועגונג, אָבער עס פעהלט איהר טיפקייט און אַלזייטיגקייט. אָט פייערען מיר דעם פופציגסטען יאָהר זינט ס׳איז ערשינען הערצל׳ס „יודענשטאַט״. אַ שאָד וואָס מיר האָבען זיך דערוויטערט פון יענער

גייסטרייכער תקופה, וועלכע האָט געשאַפן אַ נייעם ווענדע־פּונקט אין דער אידישער געשיכטע. וויפיל ציוניסטען גריבלען זיך היינט אין הערצל׳ס פּעליטאָנען, וואו עס געפינט זיך דער שליסעל צו זיין גרויסער נשמה? אַזאַ ביכעל ווי דער „יודענשטאַט״ וואָלט קיינמאָל נישט געטאָרט אַרונטערגענומען ווערען פון אונזערע שרייב־טישען. מען וואָלט געדאַרפט מקדיש זיין איין חודש אין יאָהר, ווען יעדער ציוניסטישער מיטגליד זאָל אויפגעפאָדערט ווערען צו פאַרטיפען זיך אין די ערשטע קלאַסישע ציוניסטישע ביכער, וועלכע האָבען געשאַפען אַ גייסטיגע איבערקערעניש אין די מוחות פון דער אידישער אינטעליגענץ.

— אָבער פאַרוואָס רעדט מען דאָ מיט אַזוי ביטול געגען אַמעריקאַנער ציוניזם, ווען דאָס איז, ווי איהר אַליין גיט צו, אַן אַלגעמיינער פּראָבלעם? — האָב איך איהם אין מיטען אונטערבראָכען.

— קיינער זוכט נישט מבטל צו זיין דאָס אַמעריקאַנער אידענטום אָדער ציוניזם — האָט ער געענטפערט — נאָר פאַרקערט, מיר זוכען מעהר טיפקייט און קלאָרקייט. אַמעריקע איז פאַרבליבען די גרעסטע אידישע קהלה אין דער וועלט. די געשיכטע האָט אַרויפגעלייגט אויף איהר גרויסע היסטאָרישע פליכטען. דאָס אַמעריקאַנער אידענטום מוז זיך אויך פאַרטיפען אין גייסטיכער איכות. דער טרויעריגער סוף פון דעם אייראָפּעאישען אידענטום דאַרף דינען אַלס אַ מוסר־השכל. לאָזט זיך נישט פאַרשלעפען פון פאַלשע אילוזיעס וועגען אַ נייער „וועלט אָרדנונג״, וועלכע טראָגט אין איהר שוים נייע „ישועות״ פאַר אידען. די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע, פאַר וועמען יעדער איינער פון אונז איז געפאַלען כורעים, האָט באַנקראָטירט. מיר זעהן אַ דעגענערירטען דור, וועלכער איז וויסענשאַפטליך הויך געוואַקסען און מאָראַליש טיף געזונקען. נאָרדוי און הערצל האָבען געוואָרענט וועגען יענע קולטור־שטרעמונגען, וועלכע האָבען אין זייער צייט אָנגעהויבען שפּראָצען. מיט זייערע אָדלערישע בליקען האָבען זיי געזעהן אַ גרויסע סכנה פאַר דער מענשהייט. די לעצטע צעהן יאָהר פון נאַציזם און פאַשיזם האָבען בולט׳דיג באַשטעטיגט זייערע מסקנות, וועלכע זיינען דאַמאָלסט געשטעמפּעלט געוואָרען אַלס צעשטערענדע אידעען. דאָס אַמעריקאַנער אידענטום און דער ציוניזם אַלס אַ טייל דערפון, מוז ווערען טיפער און העכער. מיר באַטראַכטען פון וויטענס אייערע קאַמפּעינס פאַר מיטגלידערשאַפט. יעדע גרופּע אין ציוניזם זוכט איבערצולויפען דער צווייטער אין נומערישען כח. זינט ווען איז דער נומערישער כח געוואָרען אַ יחוס ביי אידען? און וואָס איז בנוגע

די גייסטיגע שאפונגען און קולטורעלע ווערטען? וואָרום קאָנקורירט מען אויך נישט אויף דעם גייסטיגען געביט? וואָס וועט ווערען דער סוף פון דעם ציוניסטישען אידעאַל, אויב מיר וועלען אַנטוויקלען אַ שטאַרקען פיזישען גולם אָהן אַ שם המפורש?...

די זעלבע קריטיק האָב איך אויך אייגענטליך געהערט געגען דעם ארץ ישראל׳דיגען אידענטום גופא. ביים כינוס פון די העברעאישע שריפטשטעלער האָט מען מיט פיל ערנסט דיסקוטירט די פראַגע, ווי אַזוי צו פאַראינטערעסירען די אידישע יוגענט, וועלכע פאַרלאָזט די העברעאישע שולע, אַז זיי זאָלען האָבען אַ נאָהענטערע באַציהונג צום ספר, צו די העברעאישער שרייבער. מיין אַמעריקאַנער פאַטריאָטיזם פלעגט מיר אָפט צו הילף קומען. האָב איך ביי אַ מסיבה געפרעגט: וואָרום זוכט איהר אַזוי פיל פגימות אויף אַמעריקע, ווען די זעלבע פגימות עקזיסטירען אויך אין ארץ ישראל?

דאַרויף האָב איך געקראָגען אַ תשובה כהלכה פון אַ קלוגען ירושלים׳דיגען אידען:

אונזערע חכמים זאָגען, אַז משה רבינו איז רייך געוואָרען פון די פסולת פון די לוחות. ווען די אידען פון גלות וואָלטען פאַרמאָגט אפילו די גייסטיגע ברעקלעך פון ארץ ישראל, וואָלט עס פאַר זיי געווען אַ גרויס עשירות... איהר קענט נישט פאַרגלייכען די טענות צו ארץ ישראל צו די טענות צום גלות. דער אונטערשיד איז אַ גרויסער.

***

אין דעם פרט זיינען די רעליגיעזע עלעמענטען אין אַ פיל בעסערען מצב. האָב איך געהערט פון זיי געוויסע טענות סאַי לגבי דעם גלות און סאַי לגבי ארץ ישראל, אָבער נישט אין אַזאַ שאַרפקייט. שטאַמט עס מעגליך דערפון, וואָס דאָס רעליגיעז־תורה׳דיגע אידישקייט איז דאָ מעהר היימיש, מעהר נאַטירלעך און מעהר געפּאַנצערט. און טראָץ די פגימות, וואָס וויזען זיך דאָ און דאָרט, איז עס אָבער פאָרט ארץ ישראל... דער נאַטירליך אידישער גייסט איז גובר אַלע אַנדערע גייסטען, וואָס מען באַמיהט זיך אַריינצושלעפען אין דער הייליגער לאַנד. זיי האָבען דאָ נישט קיין באָדען אונטער די פיס. זיי מוזען דאָ ווייניגער און ווייניגער ווערען.

ארץ ישראל פון היינט איז דער גרעסטער און שטאַרקסטער גייסטיגער צענטער. אין די פילע הונדערטער יאָהרען, וואָס מיר וואַלגערען זיך אין די

פאַרשידענע גלות'ן, פּאַסירט עס צום ערשטען מאָל, אַז אין איין אָרט איז קאָנצענטרירט אַזוי פיל תורה, חכמה, קולטור און גייסט — און דער דאָזיגער אָרט איז ארץ ישראל. איהר טרעפט דאָרטען אַלע גדולי־הרבנים, די גרעסטע ראשי־ישיבות, די באַרימסטע רבנים, תלמידי־חכמים, חוקרים און מלומדים. ארץ ישראל איז פּאַקטיש היינט דער צענטער פון תורה און חכמה אין העכסטען זין פון וואָרט. אין אַ משך פון צעהנדליגע יאָהרען זיינען נישט ערשינען אַזוי פיל ספרים אויף אַלע געביטען פון תורה, הלכה און וויסענשאַפט, וויפיל עס זיינען ערשינען אין די לעצטע עטליכע יאָהר. די פראַגע וועגען דער באַציהונג צום אידישען ספר עקזיסטירט נישט אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזען. דער אידישער ספר איז מעהר פאַרהייליגט און די באַציהונג איז מעהר אַ פּאָזיטיווע.

דורך דער צייט פון מיין פאַרוויילען אין ארץ ישראל בין איך געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט מיט די אָרטאָדאָקסישע קרייזען, מיט רבנים, ראשי־ישיבות און תלמידים און האָב געטראָפען אַ געהויבענע שטימונג און אַ מסירות נפש'דיג באַציהונג צו תורה און צו נושאי דגל התורה.

האָט מיר אַ ראַדיקאַלער פיהרער געזאָגט: „הלואי וואָלטען אַזוי געוואַק־סען די רעליגיעזע ישובים ווי עס וואַקסען די רעליגיעזע אינסטיטוציעס און ווי עס פּרוכפּערען זיך די רעליגיעזע ספרים."

„אָבער — האָט ער ווייטער צוגעגעבען — מיר זיינען אייך מקנא. אין דעם לעבען פון אַ פאָלק איז שווער פעסטצושטעלען וואָס עס קומט פריהער — מאַטעריאַליזם צי אידעאַליזם."

— מיר נויטיגען זיך אין ביידע — האָב איך אים קאָרעגירט — אם אין תורה אין קמח ואם אין קמח, אין תורה.

ביים געזעגענען זיך מיט אונזער גרויסען ר' מאיר'ן — איך מיין אונזער גרויסען און ליבען ר' מאיר בר־לין — האָט ער אויף זיין איינגענאַרטיגען אופן געזאָגט:

„בריינגט צום גלות דעם געדאַנק, אַז מיר מוזען בויען די מדינה, אָבער די צורה מוז זיין אַ אידישע. אָהן דעם האָט מען נישט באַדאַרפט בריינגען אַזוי פיל קרבנות. די פרייע פאַרשטעהען שוין, אַז דאָס רעליגיעזע אידענטום איז דער יסוד. צוערשט האָט מען אונז מבטל געווען. שפּעטער האָט מען אונז באַקעמפט. היינט רעספּעקטירט מען אונז. דער כינוס פון וועלט־מזרחי אין ירושלים האָט אונז פאַרשאַפט אַ סך כבוד. אַלע אידישע כינוסים דאַרפען דאָ

פאַרקומען. פאַרשפּרייט די בשורה טובה, אַז דער ישוב איז פאַראייניגט אין דעם קאַמף פאַר הצלת עם ישראל און פאַר׳ן קיום פון תורת ישראל. דער וועג איז אַ שווערער, אָבער מיט אמונה און בטחון וועלען מיר, בעזרת השם, די שונאים מנצח זיין.״

***

דערמיט ווערט פאַרענדיגט די סעריע אַרטיקלען איבער דער היינטיגער ארץ ישראל, ווי איך האָב איר געזעהן. כ׳האָב זיך באַמיהט צו געבען אַן עהרליך־אָביעקטיוו בילד בישט איבער איין טייל אָדער געוויסע טיילען, נאָר איבער ארץ ישראל אין איהר טאָטאַליטעט. דאָס איז דער ערשטער חלק פון מיינע איינדרוקען און באַאָבאַכטונגען, וואָס טראָגען אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. איך האָף נאָך צו פאַרעפענטליכען פון צייט צו צייט אַ צווייטען חלק איבער אַזעלכע וויכטיגע טעמעס ווי: הסתדרות, הפועל המזרחי, הרבנות הראשית, די מזרחי פרויען, אַ שמחת תורה אין דער חברון׳ער ישיבה, כפר הרואה, אַ באַזוך אין הרב קוק׳ס ישיבה, ביים כותל מערבי, אויף צפת׳ער בית עולם און איבער אַ רייע אינטע־רעסאַנטע גייסטיגע פאַרטרעטען, ווי דער רב ראשי פון ארץ ישראל, ר׳ דוד הכהן דער באַרימטער נזיר און אַנדערע.

שווער איז אַנגעקומען אידער מיר האָבען זיך דעם מאָל דערשלאָגען נאָך ארץ ישראל, אָבער ווער רעכענט זיך מיט שוועריגקייטען? דער געדאַנק, אַז מען פאָהרט נאָך ארץ ישראל מאַכט אייך פיהלען גליקליך און מאַכט אַלע שוועריגקייטען גרינג.

יעדער טאָג האָט זיך געצויגען אַזוי לאַנג. מיין האַרץ האָט שטאַרק געבענקט נאָך דער הייליגער לאַנד. עס האָט מיר געצויגען צו די בערג פון יהודה און חברון, צו די בערג פון גלעד און אפרים. אין די שלאָפלאָזע נעכט האָב איך געזעהן פאַר מיר די בלויע ארץ ישראל׳דיגע הימלען, די גינגאָלדענע פינקעלדיגע שטערען און די שעהנע פראַכטפולע לבנה.

אין מיין פאַנטאַזיע איז דורכגעלאָפען די מיסטישע סודות׳דיגע צפת, די נאַטור־געבענשטע טבריה, און דער עיקר — דאָס סאַמע האַרץ פון ארץ ישראל, די הייליגע ירושלים!

אָך, די הייליגע ירושלים! ווער איז עס בכח צו שילדערען אַ טאָג אין ירושלים, אַ שבת אין ירושלים, אַ יום טוב אין ירושלים! יעדער טאָג איז ביי

מיר געווען אַ יום טוב. איך האָב זיך שטענדיג געפיהלט הויך, דערהויבען עליה־נשמה׳דיג.

שווער איז געווען דער קומען נאָך ארץ ישראל, אָבער נאָך שווערער איז געווען דער אַוועקפאָרען. אוממעגליך איז געווען אָפּצורייסען זיך פון דער לאַנד, מיט וועלכע מיר זיינען אַזוי ענג פאַרקניפּט און פאַרבונדען מיט אַלע פעדים פון דער נשמה.

און ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אויפגעהויבען אין לוד און זיך אַ לאָז געטאָן אונטער די שעהנע בלויע הימלען, האָט אַ ריהרענדע תפלה זיך אַרויס־געריסען פון אונזערע הערצער:

— להתראות! להתראות בקרוב — טייערע, ליבע ארץ ישראל!...

# דער ציון קאָנגרעס אין זשענעווא

## א.

דער מזרחי איז ביי דעם קאָנגרעס אַ ווירקענדער כח, ניט צוליב דעם כמות פון זיין רעפּרעזענטאַנץ — ווען ניט די גע׳פּסל׳טע וואַלען פון ליטא און פון ארץ־ישראל, וואָלט די צאָל פון די מזרחי דעלעגירטע אַ סך גרעסער געווען ווי מיט צוויי יאָר צוריק, — נאָר צוליב דעם וואָס דער מזרחי איז היי־יאָר געקומען מיט אַ דעפיניטיווען קלאָרען פּראָגראַם. צי אַנדערע זיינען מסכים צי ניט, אָבער זיי קענען ניט פאַרלייקענען אַז דאָס איז אַ פּראָגראַם מיט אַ קלאָרע וויזיע, מיט קלאָרע פּערספּעקטיווען.

ביי די אַמאָליגע קאָנגרעסען פלעגט מען דעם מזרחי אַרויסזען נור דאַן, ווען עס זיינען אַרויפגעשוואומען רעליגיעזע אָדער קולטורעלע פּראָבלעמען. אויף דעם געביט פון פּאָליטיק אָדער עקאָנאָמיק פלעגען זיך די מזרחיים ניט מישען, און ווען שוין יאָ, האָט מען געקוקט אויף זיי מיט ביטול, פון אויבען אַרונטער.

צייטען האָבען זיך געביטען. היינט צו טאָג איז דער ביטול פאַרשוואונדען. היינט קען מען דעם מזרחי מער ניט מבטל זיין. דער מזרחי געהט אין גאַנץ אַנדערע ליניען.

רעליגיעזע פּראָבלעמען — געוויס! דאָס איז דאָך איינע פון די הויפּט־אויפגאָבען פון מזרחי צו שטיין און קעמפען געגען די אַנטי־רעליגיעזע השפעות און אַנטי־רעליגיעזע טענדענצען. און אַז דער מזרחי דערפילט די דאָזיגע אויפ־גאָבען, איז מער קיין ספק ניטאָ. אָבער דער מזרחי איז אויך אויסגעוואַקסען צו אַ גרויסע פּאָליטישע באַוועגונג און יעדע דערשיינונג אָדער נייע ווענדונג אין ציוניזם מוז אים אינטערעסירען און ער מוז דאַרויף רעאַגירען.

---

מנחם־אב, תרצ״ט.

אַפּט הערט זיך אַ פאָרוואורף אַז דער מזרחי איז „געכאַפּט" אין רעוויזיאָ־ניזם. אַ שטיקעל אמת איז פאַראַן דארין. אויף וויפיל עס איז נוגע צו אַ מאַקסימום פּאָליטישען פּראָגראַם איז דער מזרחי רעוויזאָניסטיש. בעסער געזאָגט, איז דער רעוויזיאָניזם מזרחי־סטיש, ווייל אויף דער גרונט־אידעע פון אַ אידישע מדינה אין אַלע טיילען פון ארץ־ישראל איז דער מזרחי געשטאַנען אַ סך פריער איידער דער רעוויזיאָניזם איז געבוירען געוואָרען. וואָס איז אָבער שייך צו די קאַמפּס־מעטאָדען פון רעוויזאָניזם איז דער מזרחי דער שאַרפסטער געגנער, ווייל די גאַנצקייט פון ציוניזם איז ביי דעם מזרחי זעהר און זעהר טייער.

אויף דעם לאָיאַלען־אחריותדיגען געפיל צוזאַמען מיט דעם טיפסטען און ערנסטען זאָרג פאַר דער גאַנצקייט פון ציוניזם האָט דער מזרחי דעמאָנסטרירט ביים היינטיגען קאָנגרעס אויף שאַרפען און בולט'דיגען פאָרם. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען די געפעלשטע שקלים אין ארץ ישראל געגען וועלכע דער מזרחי איז אַזוי העפטיג אַרויסגעטראָטען און צוליב דעם מחרים געווען די וואַלען. דער מזרחי איז מיט דער איבערצייגונג, אַז אַ געפעלשטער רוב וואָס זוכט צו פאַרכאַפּען אָדער אָנהאַלטען די ממשלה אין קאָנגרעס איז ניט נור אוממאָראַליש און אומעטיש, נור אויך געפערליך סיי פאַר די דעמאָקראַטישע עיקרים פון ציוניזם און סיי פאַר די רעליגיעזע עיקרים אין וועמנס מלחמה דער זעלבער רוב צייכענט זיך אויס אַזוי אָפּט.

אָבער ווען דער קאָנגרעס־געריכט האָט אַרויסגעטראָגען אַן ענדגילטיגע ענטשיידונג מיט וועלכער דער מזרחי איז לגמרי ניט צופרידען געווען, האָט מען באַלד אָוועקגעלייגט זי כלי־זיין און אַלצדינג מקבל באהבה געווען. „אין אחרי מעשה בית־דין כלום". אַן אורטייל פון אַ קאָנגרעס געריכט דאַרף אָפּגעהיט ווערען מיט דער זעלבער פּינקטליכקייט ווי אַ פּסק דין פון אַן אַנדער בית דין. די אָבסטרוקציע וואָס די מזרחי־דעלעגאַטען האָבען אַזוי שטורמיש דורכגעפירט איז להלוטין ניט געציעלט געווען געגען דעם פּסק־דין טראָץ דעם וואָס האָט אַלעמען אַזוי געשמערצט, נור קעגען די דיקטאַטאָרישע אויפפירונג פון דעם פאָרזיצער, וועלכער האָט געוואָלט באַווייזען זיין מידה פון עקשנות און דערביי אילוסטרירט אַן עפּיזאָד פון די אַמאָליגע רוסישע צייטען. אוסישקינ'ס כבוד איז ביים מזרחי טייער. אַלע ווייסען ווי אָפּצושאַצען זיינע היסטאָרישע פאַרדינ־סטען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער ווען ער האָט דורך אומפאַרזיכטיג־

קייט און אומטאַקטישער האַנדלונג מזלזל געװען אין דעם כבוד פון דריי פּראָק־ציעס איז עס אים ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען.

דער מזרחי האָט אין דעם טרויעריגען פאַל געוויזען אַז ער ווייסט ווי אָפּצוהיטען די גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, באַזונדערס אין דער קריטישער שעה ווען יעדער סימן פון צעשפּאַלטונג און צעברעקלונג רופט אַרויס שמחה ביי די מעקדאָנאַלדס און זיינע חברים. די ציוניסטישע גרופּע ב׳, וועלכע איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דעם מזרחי אין דעם קאַמף געגען די וואַהלען־זיופים האָט ניט געקענט גובר זיין דעם פּאַרטיי יצר הרע און האָבען פאַרלאָזען דעם קאָנגרעס ניט רעכענענדיג זיך מיט די טרויעריגע קאָנסעק־ווענצען פון אַזאַ מסוכן׳דיגען שריט. דער מזרחי האָט אָפּגעגעבען אַ שטאַרקע דעקלאַראַציע וואו ער האָט מיט שאַרפסטע ווערטער פאַרדאַמט די געפעלשטע וואַלען־מעטאָדען און איז פאַרבליבען אינווייניג. דער מזרחי וועט אַלע מאָל קעמפען געגען אַלערליי פאָרמען פון זיופים, רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע, אָבער ברעכען און שפּאַלטען די גאַנצקייט פון אידישען פאָלק — דאָס ניט. און אויב מיט אַ טאָג פריער האָבען מאַנכע צוהיצטע דעלעגאַטען שטאַרק געקאָכט און גע׳ברוגז׳ט זיך אויף דעם מזרחי און די אַנדערע פראַקציעס, וואָרום זיי האָבען מיט זייער אַבסטרוקציע צעשטערט די לאַנגע אינהאַלטסלאָזע גענעראַל דעבאַטע וואָס האָט בעצם גאָר ניט געמיינט און גאָר ניט צוגעגעבען צום קאָנגרעס, האָבען נאָך דער מזרחי דעקלעראַציע צוגעגעבען אַז דער מזרחי האָט געהאַנדעלט מיט אחריות און ישוב הדעת. דער אַרויסטריט פון גרופּע ב׳, האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ פּיינליכען איינדרוק און די אויסגערעכענטע האַנדלונג פון מזרחי האָט אַ סך פאַרגרינגערט די פאַרביטערקייט.

ווי פריער געזאָגט, איז דער מזרחי געקומען צום קאָנגרעס מיט אַ דעפינירטע שיטה. די דאָזיגע שיטה זאָגט זיך אַרויס בפירוש פאַר אַ מוטיגע, געוואָנטע שטעלונג געגען דער מאַנדאַטען מאַכט; פאַר אַן אַגרעסיווע פּאָליסי לגבי דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל; פאַר הבלגה׳לאָזע פּאָליסי צום אַראַבישען טעראָר, און בכלל, פאַר אַן אָפענעם קאַמף און ווידערשטאַנד געגען אַלע מכשולים־לייגער, אויף דעם וועג פון אונזער נאַציאָנאַלער היימלאַנד. מערקווירדיג איז אויך דער פאַל, וואָס דער דאָזיגער זעלבסט שטענדיגער פּאָלי־טישער פּראָגראַם איז אין תוך אידענטיש מיט דעם פּראָגראַם פון בן־גוריון. ווער עס האָט געהערט ביי דער מזרחי פראַקציע די פּאָליטישע רעדע פון הרב

ברלין און נאָכהער די רעדע פון בן־גוריון ווען די מזרחי פראַקציע האָט איינגעלאַדען צו גיבען מעהר באַלייכטונגען איבער זיין פּאָליטישען דרך, האָט זיך ממש געוואונדערט ווי אַזוי די רעדעס און די פּירושים פון די צוויי אַנטקעגענגע־זעצטע פירער קומען זיך צוזאַמען אַזוי נאָענט אויף דעם זעלבען שטח.

וואָס די צייט קען ברענגען! מיט צוויי יאָר צוריק ביים ציריכער קאָנגרעס, ווען די אנגעווייטאָגטע פראַגע פון חלוקה איז געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג איז דער אידעאישער קאַמף צווישען מזרחי און בן־גוריון געווען שאַרף און ביטער. ביי היינטיגען קאָנגרעס זיינען די באַציהונגען גאַנץ אַנדערע. די פּאָליטישע ליניע איז כמעט איינע און דאָס זעלבע.

אויב דער קאָנגרעס זאָל אָננעמען די ריכט־ליניען פון דעם פּראָגראַם, וועט עס מיינען צו מאַכען אַ סוף צו דער ביז אַהעריגער שיטה פון הכנעה, נאָכ־געביגייט און וויתורים. עס וועט מיינען צו קעמפען אומ'פשרה'דיג געגען דעם וויס־בוך און זיינע מחברים צי אין לאָנדאָן צי אין ארץ־ישראל. ווער עס באַטייליגט זיך ביי דער מזרחי פראַקציע און הערט זיך איין צו די הייסע וויכוחים וואָס אָטעמען מיט רעוואָלוציאָנערען גייסט, פאַרגעסט זיך אַז דאָ זיצען רבנים און תורה־אידען, נור קעמפער און רעוואָלוציאָנערען פון ערשטער ראַנג. און ווען דר. שלמה גאָלדמאַן, פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט פּרובירט צו באַווייזען אַז אונזער וועג־דאַרף זיין דער וועג פון ר' יוחנן בן זכאי, האָבען אים די מזרחי דעלעגאַטען ניט פאַרשוויגען: און וואָס איז מכח ר' עקיבא און זיינע תלמידים? און וואָס איז מכח די חשמונאים?...

די מזרחי פראַקציע איז די רעוואָלוציאָנערע פראַקציע פון קאָנגרעס. מען גרייט זיך אויף אַ ביטערען ווערטער־קאַמף ביי דער פּאָליטישער קאָמיסיע. אין פּלענום קען מען אַזעלכע פראַגען ניט דיסקוטירען. די וועלכע האָבען עס יאָ געטאָן זיינען באַגאַנגען אַ גרויסען פּאָליטישען טעות.

דער קאָנגרעס שטייט ביים סוף פון די דעבאַטען. גאָט צו דאַנקען וואָס מען איז פון דעם מבול־רייד שוין אַרויסגעקראָכען. די קאָמיסיעס נעמען זיך צו דער אַרבייט. די שטימונג איז, אַן אָנגעצויגענע, און אומרוהיגע. די מחות זיינען צעטומעלט. די ליניען פון דער עקזעקוטיווע זיינען ניט קלאָר. ווער ווייסט מיט וואָס דער שווערער קאָנגרעס וועט זיך ענדיגען?

**זשענעווא, ו' אלול, תרצ"ט.**

# דער סך הכל

## ב.

אויף דעם אָקאָרשט אָפּגעהאַלטענעם קאָנגרעס אין זשענעווע פּאַסט דער אויסדרוק: „נוח לו שלא נברא משנברא", הלואי וואָלט ער קיינמאָל צושטאַנד ניט געקומען. אַ מערכה עס האָבען זיך אָנגעטראָגען די וואָלקענס פון מלחמה און אונטער דעם דרוק פון דער שרעקליכער פּאַניק, איז ער אויפגעלייזט געוואָרען. דורך דער פּלוצלינגער וועלט־געשעהעניש איז געראַטעוועט געוואָרען דער טראַגיזם פון קאָנגרעס.

מיט צוויי יאָר צוריק האָט מען צום ציריכער קאָנגרעס געבראַכט דעם חלוקה פּלאַן. גוט אָדער שלעכט, אָבער דער פּלאַן האָט ענטהאַלטען אַ באַשטימטע פּאָליטישע ליניע וועגען וועלכער מען האָט געקענט ריידען, דיסקוטירען און קעמפּען.

צום היאָריגען קאָנגרעס האָט מען געבראַכט דעם טרויעריגען באַוואוסטען „ווייסען־בוך", וועלכער איז דער טרויעריגסטער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון ציוניזם. על פּי שכל וואָלט מען דאָך אויך באַדאַרפט אַנווייזען אויף באַשטימטע קאַמפּס־ליניען, אויף קלאָרע קאַמפּס־מעטאָדען, אָבער לײַדער, לײַדער, איז די עקזעקוטיווע אַליין געקומען צעריסען און צעטיילט. קיין קלאָרער וואָרט איז וועגען דעם ניט געזאָגט געוואָרען.

זינט דער דערשיינונג פון „ווייסען־בוך" האָט זיך אַנטוויקעלט אַ שאַרפער חלוקי־דעות צווישען די פירער פון ישוב און אויך צווישען די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. מאַנכע האָבען זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַנשטאָט צו קאָנצענטרירען די כוחות אויף אַ קאַמף מיט ענגלאַנד, אין וועלכען זיי צווייפלען אויב מיר וועלען אַרויס די זיגער, זאָל מען בעסער זיך אָנשטריינגען פריער אויסצופילען די ראָם פון „ווייסען־בוך", אָנווייזנדיג אויף דעם פאַקט, וואָס דער „ווייסער־בוך" גיט דאָך אַ מעגליכקייט אַרייַנצוברייַנגען ביודעים

און וואָס וועט זיין נאָך פינף יאָר? — וועגען דעם דאַרף מען ניט קלערען. אידען זיינען דאָך מאמינים בני מאמינים, גלויבען זיי, אַז ביז דעמאָלט קען נאָך 75 טויזענט אידען אין די קומענדיגע פינף יאָר, אַ חוץ וואָס קאָן געטאָן ווערען בלא יודעים... דער דאָזיגער אַרבייטס־פּלאַן, ווי שמערצליך ער זאָל ניט זיין, טאָר אונטער די איצטיגע באַדינגונגען ניט גרינג געשעצט ווערען.

קומען אַן איבערקערעניש איבער דער וועלט און דער „ווייסער־בוך" וועט צע־בראָכען ווערען.

און די באַגרינדונג איז געגאַנגען נאָך ווייטער. אַ קאַמף מיט ענגלאַנד, האָבען זיי געזאָגט, מיינט קאָלאָסאַלע געלט־מיטלען, מערערע מענשליכע קרבנות, גרעסערע עקאָנאָמישע שוועריגקייטען, אַ שווערען פּאָליטישען פלאָנטער. עס מיינט פּשוט — צו פאַרגרעסערן די קרבנות פון ישוב און שטעלען מערער אין געפאַר זיין קיום נאָכדעם ווי אַ דריי יאָריגער טעראָר האָט אים, טראָץ דעם אויסערגעוויינליכען העראָאיזם, מורא׳דיג אָפּגעשוואַכט. און נייע סכנות מיט נייע קרבנות, באַהויפּטען זיי ווייטער, טאָרען מיר אויף דעם ישוב ניט ברענגען.

די דאָזיגע שיטה, מעג זי באַצייכענט ווערען ווי דעפּיטיסטיש, איז גע־שטיצט געוואָרען פון אַ גרויסען טייל פון דעם ישוב׳ס פיהרענדע פערזענליכ־קייטען, וועלכע צווייפלען, אויב דאָס אידישע פאָלק איז ביכולת אָנצופיהרען אַ קאַמף מיט ענגלאַנד; עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער דאָזיגער סקעפּטיציזם איז בראש געטיילט געוואָרען פון דר. ווייצמאַן אַליין, וועלכער האָט צוואַנציג יאָר נאָכאַנאַנד געפיהרט אויב ניט קיין שוואַכע, אָבער אַ מעסיגע פּאָליטיק מיט דער מאַנדאַטאָרען־מאַכט, און אפילו איצט, ווען מען האָט שוין אונז „מזכה" געווען מיט אַזאַ „אַנטיק" ווי דער „ווייסער־בוך", גלויבט ער נאָך אַלץ, אַז זיין פּאָליטישער דרך איז דער ריכטיגער...

ביים קאָנגרעס גופא איז דר. ווייצמאַן זעהר פאַרזיכטיג געווען, אָבער ביי דער פּאָליטישער קאָמיסיע און נאָכדעם ביי דעם פראַקציאָנס־זיצונג פון מזרחי, צו וועלכער ער איז איינגעלאַדען געוואָרען צו באַלייכטען די פּאָליטישע סיטואַציע — אגב דאָס איז דער ערשטע מאָל אין גאָר אַ לאַנגער צייט, אַז ווייצמאַן זאָל דערשיינען ביי אַ מזרחי אסיפה — האָט ער אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ קלאָרען טאָן אָן שום צווידייטיגקייט.

זיינע ווערטער זיינען, בערך, געווען אַזוי: „כ׳בין אַ נאַטור וויסענשאַפטס־מאַן. פאַר מיר עקזיסטירען בלויז די רעאַלע זאַכען, די ממשות׳דיגקייט, און עס איז שווער פאַר מיר צו בויען אַ בנין אויף השערות. מעגליך, אַז פאַר אַנדערע איז מיין וועג אַ פאַלשער; מעגליך, אַז מיר נויטיגען זיך אין רעוואָלוציאָנערע מיטלען, אָבער וואָס זאָל איך טאָן? מיר איז שווער, אין עלטער פון 65 יאָר, צו ווערען אַ רעוואָלוציאָנער. „דער „ווייסער־בוך" מוז באַקעמפט ווערען — און שטאַרק באַקעמפט ווערען — אָבער דורך רעאַלע דרכים, דורך אויפקלערונג,

**דורך פראָפּאַגאַנדע, דורך רוהיגע פּאָליטיק, און דער עיקר — דורך ווייטער בויען אין די מעגליכע דערלויבטע ראַמען. עס איז מיין פעסטער גלויבען, אַז מיר וועלען מנצח זיין אַלע מכשולים, ווייל דער אמת איז מיט אונז און דער אמת מוז זיגען״.**

* * *

אָבער אויך די צווייטע שיטה — פּונקט דער היפּוך פון דער ערשטער — האָט זיך געלאָזט שפּירען ניט ביים אָפענעם קאָנגרעס, נאָר הינטער די קוליסען. די טרעגער פון אַן אויסגעשפּראָכענער מלחמה־אידייע געגען ענגלאַנד זיינען באַשטאַנען פון דעם אַנטקעגענגעזעצטען חוט המשולש: בן־גוריון, מנחם אוסישקין און הרב ברלין. פון זיי האָט מען געהערט אַנדערע קלאַנגען, אַנדערע טענער, וועלכע האָבען געשמעקט שוין צופּיל רעוואָלוציאָנעריש... זיי האָבען פאַרגעשטעלט דעם קאַמף געגען „ווייסען־בוך״ אויף פאָלגענדען אופן:

„ענגלאַנד האָט צעבראָכען די באַלפור־דעקלאַראַציע, בטל געמאַכט דעם מאַנדאַט, פאַרראַטען דעם אידישען פאָלק, פאַרלאַשען די אידישע האָפענונג — דאַרויף מוזען מיר ענטפערן מיט מלחמה. אַ מלחמה אויף אַלע שטחים, ניט רעכענענדיג זיך מיט מאַכט געגען מאַכט, קאַמף געגען קאַמף. מיר טאָרען ניט אַרויסווייזען קיין שום געפיל פון הכנעה, מיר טאָרען ניט איינגייען אויף קיין פשרות אָדער וויתורים. רעאַליזם איז אַ שיינער טערמין, אָבער ווער קען זיך רעכענען מיט רעאַליזם און מיט מעגליכקייט ווען די אידישע נויט איז אַזוי שרעקליך? ווידערשטאַנד — מוז זיין אונזער שלאַג־וואָרט און דער ישוב איז שטאַרק גענוג צו מאַכען אַזאַ ווידערשטאַנד. דאָס אידישע פאָלק וועט אונז שטיצען. די ליבעראַלע מענשען פון ענגלאַנד וועלען אונז שטיצען. דאָס איז אַ קאַמף פון לעבען און טויט. אַלע קרבנות זיינען ניט צו גרויס. אַלע מיטלען זיינען כשר. האָט מען אָפּגעשטעלט די עליה, — מוזען מיר שאַפען אַן אייגענע; האָט מען פאַרשלאָסען דעם ים, מוזען מיר דורכברעכען די לופט. די תשובה אויף דעם שענדליכען „ווייסען־בוך״ מוז זיין: ווידערשטאַנד, קאַמף און מלחמה״.

**ווי דערמאָנט, איז די עקזעקוטיווע זעלבסט געווען שטאַרק מחולק וועגען דער פראַגע. קיין איינהייטליכער פּראָגראַם איז ניט צוגעשטעלט געוואָרען, איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס ס׳האָט זיך באַלד פון אָנהויב געפילט ביים קאָנגרעס אַן ערבוביא אַ תהו ובהו׳דיגקייט.**

**וואָלט דער קאָנגרעס פלוצלינג ניט צעבראָכען געוואָרען דורך דער**

שרעקליכער בהלה פון מלחמה, וואָלט מען פיליכט אַרויסגעקראָכען פון דער מטושטש׳דיגער לאַגע און מען וואָלט זיך דערשלאָגען צו וועלכער עס איז פשרה, וואָס זאָל „צופרידענשטעלען״ ביידע צדדים, אָבער דער פלוצלינגער פחד האָט אַלעמען אַזוי צעטומעלט, דאָס דער רוב פון די דעלעגאַטען איז זיך באַלד צולאָפען איבערלאָזענדיג די ציוניסטישע פּאָליטיק אין דעמזעלביגעןווירוואַר, אין דערזעלביגער טונקעלקייט.

* * *

מיט דער צעבראָכענקייט פון קאָנגרעס איז אויך פאַרטונקעלט געוואָרען די ראָל וואָס דער מזרחי וואָלט געווען געשפּילט ביי דעם קאָנגרעס. ביים לעצטען קדנגרעס אין ציריך, בעת די חלוקה־פראַגע האָט באַשעפטיגט אַלע מוחות, איז דער מזרחי געווען דער איינציגער אָרגאַניזירטער כח, מיט וועלכען דער קאָנגרעס האָט זיך שטאַרק גערעכענט. אפילו זיינע עקסטרעמסטע געגנער האָבען געקוקט אויף דעם מזרחי מיט יראת־הכבוד, ווייל זיין שטעלונג איז געווען אַ קלאָרע און פעסטע און ניט געוואַקעלט זיך אַהין און אַהער.

וואָלט ביים היינטיגען קאָנגרעס אַקטועל אַוועקגעשטעלט געוואָרען די פראַגע, וועלכע פון די צוויי שיטות זאָל אויסגעקליבען ווערען, וואָלט דער מזרחי געשטאַנען אויף דער אַגרעסיווער זייט. די מזרחי וועלט־קאָנפערענץ, וועלכע האָט זיך געשלאָסען ערב דער ערעפענונג פון קאָנגרעס, האָט אַדאָפּטירט אַ פעסטע שיטה פון אַקטיוויזם, ענליך צו דער פון בן־גוריון. אין די קולואַרען פון קאָנגרעס האָט מען געמורמעלט, אַז צוליב דעם איז בן־גוריון אַוועק אַזוי עקסטרעם מיט זיין אינטערפּרעטאַציע אויף „נאָן־קאָאָפּעריישאָן״, דערמיט אָפּצוושאַכען די רעוויזיאָניסטישע טענדענצען. עס גלויבט זיך ניט, אַז דאָס זאָל זיין בן־גוריון׳ס הויפּט כוונה. בן־גורירון איז צופיל אחריות׳דיג. בן־גוריון, פונקט ווי אוסישקין און הרב ברלין, זיינען טיף איבערצייגט אַז נאָכדעם ווי דער ציוניזם האָט דערליטען אַזאַ ביטערע אַנטוישונג, מוז אָננעמען אַ ביייעם אַגרעסיווען קורס, ווייל די אַלטע שיטה איז באַנקראָט. זי קען פאַרפירען דעם ציוניזם ביז צום אָפּגרונט.

דער מזרחי איז דאַריבער געשטאַנען פאַר אַ מאַקסימאַלער מאָס פון „נאָן־קאָאָפּעריישאָן״, מעג עס אפילו פאָדערען די גרעסטע קרבנות. די גייסטיגע יורשים פון ר׳ יוחנן בן זכאי האָבען סינטעזירט אין זיך דעם גייסט פון ר׳ עקיבא און די חשמונאים — דער גייסט פון אַקטיווען ווידערשטאַנד; דער גייסט

פון אַ אידישען „גאַנדיזם״, געגען די צושטערער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים.

* * *

און וואָס וועט זיין איצט?

איצט, ווען די וועלט איז ווידער פאַרכאַפּט פון די שרעקליכע פלאַמען פון מלחמה, איז אַן אומזין צו ציהן אַ סך הכל פון דער פרשה פון זשענעווע. אפילו אין בעסערע צייטען איז גלייכער וואָס ווייניגער צו ריידען וועגען אַ קאָנגרעס וואָס איז לכל הדעות געווען אַ לאָ יוצלח׳דיגער.

דער אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה מיט אַלע ברוטאַלע גרוילטהאַטען וואָס איז עלול צו ברענגען, מיינט נייע חורבנות פון הונדערטער אידישע קהלות, נייע רואינען פון הונדערטער טויזענטער אידען, נייע פאַרניכטונג און פאַרוויסטונג פון מיליאָנען מענשען. אין אַזאַ חורבן׳דיגער צייט מוזען מיר פאַרנומען זיין מיט איין מחשבה: ווי ראַטעוועט מען די הונדערטער טויזענטער אידען זיי זאָלען חלילה אינגאַנצען ניט אָפּגעווישט ווערען פון די בלוט־כוואַליעס און פייער פלאַמען?

דאָס אַמעריקאַנער אידענטום, וואָס האָט אַרויסגעוויזען אַזוי פיעל הומאַניטאַרישע ברייטקייט און ברודערליכע ליבע אין דער לעצטער מלחמה, וועט זיך מוזען ווידער אַמאָל פאַרמעסטען פאַר אַ רעטונגס־אַרבייט פון אַ גאַר ברייטען פאַרנעם. עס רוקען זיך אָן ימים נוראים פאַר דער וועלט בכלל און פאַר דעם אידישען פאָלק בפרט, און די באַלדיגע תשובה דאַרף זיין: אַ כוואַליע פון רחמנות, רעטונג און הילף.

אָבער ווי הויך מען זאָל ניט שאַצען די הילפס־אַרבייט אין דער ברענענער שעה, מוז מען אויך וואָרנען געגען דער געפאַר פון לאָזען זיך באַאיינפלוסען פון סענטימענטען אַליין. רחמנות איז אַ וואונדערבאַרע מענשליכע מדה, אָבער מיט רחמנות אַליין בויעט מען קיין פאָלק ניט. דוקא אין דער היינטיגער עת צרה מוז מען זיך מער און מער פאַרטיפען אין די סבות פון אונזער פאָלקס־טראַגעדיע און זוכען די ריכטיגע פאָלקס־תרופה. מיר טאָרען ניט מסיח דעת זיין פון דעם פאַקט, אַז וויפיל טראַגישקייט און פינסטערניש די מלחמה שטעלט מיט זיך פאָר, שטראַלט אַרויס אַ שטראַל פון ליכט און האָפנונג פון דעם איינציגען ווינקעל וועלכער וועט שטענדיג פאַרבלייבען דער אָרט פון טרייסט און האָפנונג פאַר דער אידישער אומה.

וואָס די קאָנסעקווענצען פון דער ביטערער מלחמה זאָלען ניט זיין — און געוויס זיינען אַלע הערצער מתפלל אַז די ממשלת זדון מיט אַלע פינסטערע כחות זאָלען אָפּגעווישט ווערען פון דער ערד — אָבער די אידישע האָפנונג וועט, בעזרת השם, בלייבען גאַנץ. פון ארץ ישראל וועלען מיר קיין שפּאַן ניט אָפּטרעטען. אַ פאַרבאַרגענער געפיל, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט פעסטען אָפּטימיזם, זאָגט אונז, אַז די מלחמה וועט ברייגנען אַ דערלייזונג צו אידישע ליידען און אַ שנעלערע אויפבויאונג פון אונזער נאַציאָנאַלער היים.

מיר שטייען אין דעם שעת חירום פאַר היסטאָרישע אחריות. צוזאַמען מיט דער ליניע פון ראַטעווען די הונדערטער טויזענטער געליטענע אין די מלחמה געגענטען, שטייט אויך די גרויסע אַרבייט פון אויפהאַלטען און באַשיצען די דערוואָרבענע אידישע פּאָזיציעס אין ארץ ישראל. פונקט ווי אין יאָר 1914,ביים אויסברוך פון יענער מלחמה, מוז דער ציוניסטישער צענטראַל פונקט אַריבערגעפירט ווערען נאָך אַמעריקע. די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַני־זאַציע מיט אירע פּאַרטייען און אָרגאַנען מוזען פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט ווערען, ווייל זיי זיינען דער איינציגער אָרגאַניזירטער אידישער כח וואָס טראָגט די אחריות פון די דערגרייכונגען אין ארץ ישראל.

די מלחמה וועט אָן צווייפעל עפענען אַ ליכטיגערען קאַפּיטעל אין דער וועלט־געשיכטע. אונזער אויפגאַבע איז צו האַלטען אַ וואַכזאַמע אויג אויף די פּאָליטישע געשעהענישען און ענטוויקלונגען, ווייל זיי טראָגען אויך מיט זיך דעם שיקזאַל פון אידישען פאָלק. די אַלע פעלערען און דערפאַרונגען פון די לעצטע יאָרען, זינט דער באַלפור־דעקלאַראַציע ביז דעם „ווייסען פּאַפּיר“, האָבען אונז פיל געלערענט. וועלען מיר שטייען אויף דער געהעריגער פּאָליטישער וואַך און וועלען מיר וויסען און אויסנוצען די פּאָליטישע סיטואַציע און ווי צו באַשיצען אונזערע היסטאָרישע רעכט, וועלען מיר האָפענטליך אַרויס פון דעם בלוטיגען וועלט־קאָשמאַר געזונטער און באַפעסטיגטער.

# די ציון קאָנפערענץ אין לאָנדאָן

## א.

די איצטיגע ציון קאָנפערענץ און לאָנדאָן אין וועלכער עס באַטייליגען זיך די מיטגלידער פון ציוניסטישער אַקציאָנס קאָמיטעט און אַנדערע אידישע פערזענליכקייטען, ווערט פון מאַנכע ציוניסטען פאַרגלייכען צו דער ערשטער לאָנדאָנער קאָנפערענץ מיט 25 יאָר צוריק. אין גרונט גענומען, איז דער אונטערשיד אַ ווייטער און טיפער. דאָס אידישע פּראָבלעם אין יענע יאָרען איז ניט געווען אַזוי קאַטאַסטראָפאַל און אַזוי טראַגיש ווי נאָך דער היינטיגער מלחמה. אלס דער שעיר לעזאזל אין רוהיגע יאָרען און בפרט אין אַ עת צרה האָבען מיר נאַטירליך אַ היבש ביסעל פאַרזוכט פון דעם כוס היגונים, אָבער דאָס זיינען ניט געווען קיין ספּעציפישע אידישע לידען. מיר זיינען געווען צווישען די מלחמה־ליידענדע. פון דער היינטיגער מלחמה זיינען מיר אַרויס־געקומען די ליידענדע פון די ליידענסטע, די אומגליקליכע פון די אומגליק־ליכסטע.

די איצטיגע קאָנפערענץ ברענגט אונז צוזאַמען אין אַ מאָמענט פון דעם שווערסטען נאַציאָנאַלען אומגליק. איר טרעפט דאָ פאַרטרעטער פון לענדער און קהלות וואָס זיינען לגמרי חרוב און אָפּגעווישט. ניטאָ וואוהין זיך צוריק־צוקערען און ווער עס זאָל זיך צוריקקערען. אויב אין יענער צייט האָט מען די אידישע קרבנות געצעלט אין צענדליגע טויזענטער, צעלט מען זיי היינט אין די מיליאָנען.

די היינטיגע קאָנפערענץ איז דער בולט'דיגער און שאַרפסטער אויסדרוק פון אַ מורא'דיג צובראָכענע אומה וועלכע ווייסט ניט אויף וועמען פריער צו טרויערען — צי אויף די מיליאָנען הרוגים און קדושים וועלכע זיינען געפאַלען

---

כ״ב מנחם־אב, תש״ה.

אויף די שייטערהויפענס פון די ברוטאַלע רוצחים; צי אויף די טויזענטער עלענדע קינדער־יתומים וועלכע זיינען אויסגעשטאָרבען אָדער וואַלגערען זיך נאָך ערגעץ אַרום אין די מאָנאַסטירען און קלויסטערס; צי אויף די צענדליגע טויזענטער לעבעדיגע מתים וואָס זיינען נאָך פאַרשפאַרט עד היום אין די פינסטערע קאָנצענטראַציע לאַגערען; אָדער צי גאָר באַווייַנען די באַנקראָ־טירטע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט וואָס רעדט אַזוי פיל וועגען אַ וועלט־שלום און וועגען אַ נייע וועלט־סטרוקטור און פאַרגעסט צו דערמאָנען אַ סימפּאַטיש וואָרט וועגען אידישע ליידען אָדער וועגען אידישער צוריק־אויפבויאונג.

און דער אונטערשיד באַשטייט אויך אין דעם וואָס ביי דער פריערדיגער לאָנדאָנער קאָנפערענץ האָבען מיר נאָך געלעבט מיט דעם גייסט פון דער באַלפור דעקלעראַציע. דער דאָזיגער קאַפיטעל האָט געהאַט אַ גרויסען היסטאָרישען זין. מיר האָבען נאָך דאַן געגלויבט אין די ערליכע כוונות פון ענגלאַנד טראָץ דעם וואָס שוין דאַן האָט זיך שוין אָנגעהויבען די טרויעריגע פרשה פון ווייסע פּאַפּירען און נייע פירושים. עס האָבען נאָך געלעבט און געווירקט אַזוינע גרויסע פּערזענליכקייטען ווי לאָרד באַלפור, לאָיד דזשאָרדזש און אַנדערע גדולים אין וועמענס פּאָזיטיווע באַציהונג צום ציוניזם איז קיין ספק ניט געווען. געוויס איז מיט דער אַרויסגעבונג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע אויך פאַרבונדען געווען אייגענע פּאָליטישע אַמביציעס, אָבער אַלס ליבהאָבער פון דער ביבעל און אַלס פריינט פון אידען איז אין דיזען היסטאָרישען אַקט געקומען צום אויסדרוק זייער טיפער רעליגיעזע נייגונג. און ווי באַלפור האָט זיך דאַן אויסגעריקט האָבען זיי געפילט אַ ספּעציעלע מיסיע צו העלפען אין דער פאַרווירקליכונג פון די ביבלישע הבטחות צום אידישען פאָלק.

מיר האָבען דעמאָלט אויך געהאַט אַ סך פריינט אין אַמעריקע. ווילסאָן'ס זון האָט געהאַלטען ביים אונטערגיין. דער קאַמף אַרום דער געפּלאַנטער „ליג אָוו ניישאָנס" האָט קאָמפּליצירט יעדען פּראָבלעם וואָס האָט קיין שייכות ניט געהאַט מיט אַמעריקע, אָבער די פּאָליטישע ליניע וואָס ווילסאָן האָט אָנגעצייכענט לגבי ארץ ישראל — און זיין ליניע איז, כידוע, געווען ניט מער און ניט ווייניגער ווי אַ אידישע מדינה פאַר דעם אידישען פאָלק — האָט געפונען אַ סך אָנהענגער אין די וואַשינגטאָנער ספערען. דיזעלבע ליניע איז פאָרט־געזעצט געוואָרען אפילו בעת די האַרדינג און קולידזש אַדמיניסטראַציעס. דאָס זיינען געווען די האָניג־טעג פון דעם פּאָליטישען ציוניזם אין אַמעריקע, ווען

עס זיינען דורכגעפירט געוואָרען די ציון רעזאָלוציעס אין קאָנגרעס און עס איז געשאַפען געוואָרען דער באַקאַנטער טראַקטאַט צווישען אַמעריקע און ענגלאַנד וואָס לויטעט אַז די לעצטע טאָר נישט מאַכען קיין שום ענדערונגען אין מאַנדאַט אָן דער באַראַטונג מיט דער ערשטער.

אין ארץ ישראל גופא האָבען זיך שוין אָנגעהויבען באַוויזען סימנים פון אַנטוישונגען. די דאָרטיגע ענגלישע אַדמיניסטראַציע וועלכע איז צו אונזער וויטאָג קיינמאָל נישט פריינדליך געווען צו די אידישע אַספּיראַציעס האָט געטאָן אַלץ צו פאַרוואַנדלען די באַלפור דעקלאַראַציע אין א „סקרעפּ אָוו פּייפּער״. דער יפו׳ער פּאָגראָם איז געווען דער ערשטער מורא׳דיגער קלאַפּ פאַר דעם ישוב און פאַר דער גאַנץ גרויסע אידישער וועלט. אונטערדעסען איז אונטער־געקומען נאָך אַ ביטערע אַנטוישונג — דאָס אָפּרייסונג פון דעם עבר־הירדן וואָס האָט גורם געווען אַ טיפען ריס אין דער אידישער האַרץ.

און טראָץ די אַלע ביטערע אַנטוישונגען האָבען מיר דאָך געטראָגען אינערליך אַ צוטרויען צו ענגלאַנד׳ס הבטחות. אפשר איז דאָס געווען אַ גרויסער פאַרזען פון אונזער זייט וואָס האָבען פאַרגעסען אין דעם אַלטען דעוויז פון „וחסד לאומים חטאת״; און אפשר איז דער חסרון געווען נאָך גרעסער וואָס די ציוניסטישע פירערשאַפט האָט שטענדיג באַמיט זיך צו צופּאַסען צו דער פּאָלי־טישער ראָם פון ענגלאַנד ווייל אַזוי האָט דיקטירט זייער חוש פון רעאַל פּאָליטיק... ביי די שפּעטערדיגע קאָנגרעסען ווען די פאַרביטערונג געגען ענגלאַנד איז געוואַקסען פון יאָר צו יאָר האָט מען די דאָזיגע „רעאַל פּאָליטיק״ שאַרף אָרונטערגעריסען, אָבער ביי יענער לאָנדאָנער קאָנפערענץ האָט קיינער די העזה נישט געהאַט צו זאָגען אַ שאַרף וואָרט געגען ענגלאַנד און ווען דער אומשטרעבליכער מאַקס נאָרדוי האָט ביים ריזיגען מאַסמיטינג אין אַלבערט האָל זיך ערלויבט אָנצוווייזען ענגלאַנד און דער שותפות וואָס זי האָט געשלאָסען מיט דעם אידישען פאָלק האָט אים די אָפיציעלע ציוניסטישע פירערשאַפט געשטעמפּעלט פאַר אַ „נאַציאָנאַלען פאַררעטער״ און באַצייכענט זיין פּאָליטישע ליניע אַלס שעדליך און בטלנות׳דיג.

אָבער אַ חוץ דעם פּאָליטישען גרונד־פעלער האָבען מיר דעמאָלט אויך געליטען פון דעם וואָס אונזער אייגענע ליניע איז נישט קלאָר געווען. מיר האָבען צופיל נישט געגלויבט אין אייגענע כחות. עס האָט אונז געפעלט דער נאַציאָנאַלער ברען, די נאַציאָנאַלער אחריות. די באַלפור דעקלאַראַציע האָט

אונז געשטעלט פאר א גרויסען היסטארישען נסיון. די אידישע מאסען פון דער גאנץ גרויסער וועלט האבען נישט געוויזען קיין סימנים פון מסירות נפש. הונדערטער טויזענטער אידען וואלטען זיך געווען באדארפט ארויסרייסען פון די פארשיידענע עמק הבכא׳ס און זיך לאזען לויפען אויף אלערליי וועגען נאך ארץ ישראל. אזוי טוט א פאלק וואס לעכצט און גארט נאך אמת׳ער פרייהייט. אבער מיר זיינען דעם נסיון נישט בייגעקומען. מיר האבען די שעה פארשפילט. קליינע השגות האבען פארכאפט אונזערע מחות. אפילו דער גרויסער לואיס ד. בראנדייס, וועלכער האט אין זיין פאנטאזיע געשפינט ברייטע מלוכה׳שע וויזיעס האט קוים געגלויבט אויב ארץ ישראל איז מסוגל אריינצונעמען מער פון הונדערט טויזענט אידען. די חלוקי־דעות צווישען אים און דר. וויצמאן האבען זיך ביי דער לאנדאנער קאנפערענץ געדרייט בלויז ארום דער פראגע פון פריוואטען קאפיטאל אדער נאציאנאלען קאפיטאל אבער נישט וועגען דער פראגע פון א ברייטע אידישע עמיגראציע. אין דעם פרט איז זיין ציוניסטישע השגה נישט געגאנגען צו הויך...

פינף און צוואנציג יאר זיינען אוועק. דאס זיינען געווען די ביטערסטע יא־רען פאר דער וועלט בכלל און פאר דער אידישער וועלט בפרט. עס האבען פא־סירט גרויסע פאליטישע איבערקערענישען, שטורם ווינטען און ערד ציטערנישען וועלכע האבען אונז אידען ארויסגעריסען מיט די ווארצלען. מיר שטייען פאר די גרעסטע אידישע חורבנות וואס די אידישע וועלט האט ווען עס איז געזען. די איינציגע שטיקעל זון וואס שטראלט פאר דעם אידישען פאלק דורך די שווערע פארוואלקענטע האריזאנטען איז ארץ ישראל. ביי דער היינטיגער קאנפערענץ וועט מען ניט רעדען וועגען הונדערט טויזענט אידען נאר וועגען מיליאנען אידען און נישט וועגען א סתם ארץ ישראל נאר וועגען א אידישע מדינה אין ארץ ישראל.

אין דער דערפענונגס־רעדע וואס דר. חיים וויצמאן האט געהאלטען, האט ער, ווי זיין שטייגער, גערעט מיט איינגעהאלטענעם צארן געגען דעם טייל ענגלאנד וואס זוכט צוצעברעכען איר לעגאלע פארשפרעכונג. דער „ווייסער פאפיר״, זאגט ער, איז א שענדליכער קאפיטעל אין דער געשיכטער פון ענגלאנד. מיר האבען געהאלפען די עלאיס, וואס האבען די עלאיס געטאן פאר אונז? אבער נישט אין דעם אליין באשטייט די עוולה. דער „ווייסער פאפיר״ איז אונזער גרעסטער שונא אבער נאך שווערער איז וואס מען זוכט צו פארלייקענען די

אמת׳ע כוונות פון דער באַלפור דעקלאַראַציע, וועלכע האָט געמיינט אַ אידישער שטאַאַט אין ארץ־ישראל. אַ אידישער שטאַאַט איז איינע פון די אמת׳ן וואָס די פאַראייניגטע פעלקער מוזען אַנערקענען. מיר קענען מער נישט וואַרטען און טאָרען מער נישט וואַרטען״.

דאָס וועט זיין איינע פון די ברענענדסטע פראָבלעמען וואָס וועט פאַר־נעמען דעם אויבען אָן ביי דער קאָנפערענץ.

די 25 יאָר האָבען אונז זעהר פיעל געלערנט. די דערגרייכונגען און אַנטוישונגען שטייען פאַר אַלעמענס אויגען. דאָס האָט מען געקענט שפירען אין דר. וויצמאַן׳ס רעדע און פון די אַלע אַנדערע רעדעס וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרען ביי דער ערעפנונג פון דער קאָנפערענץ.

ב׳ דר״ח אלול, תש״ה.

## ב.

די שורות ווערען געשריבען בעת די גענעראַל דעבאַטע גייט אָן. די דעבאַטע ציט זיך שוין צוויי טעג און איז אין געוויסע טיילען בלאָס און מאָגער, אָבער מאַנכעס מאָל הויבט זי זיך אויף צו דער העכסטער ניווא. כידוע, איז די גענעראַל דעבאַטע געוואָרען אַן אייגענאַרטיגע אינסטיטוציע ביי ציוניסטישע קאָנגרעסען. דאָס ווערט געטאָן נישט צוליב צייט־פאַרטרייב, נאָר אויפּט־זעכליך צו הערען אַן אויסטויש פון מיינונגען און קריטיק איבער דער לייטונג, איבער די פאָליטישע דערגרייכונגען און דורכפאַלען, און באַזונדערס איבער די פאָליטישע ריכט־ליניען אין דער צוקונפט. די שאַרפסטע רעדעס ווערען זעהר אָפט געהערט אין די דאָזיגע דיסקוסיעס, וואו עס שפילט זיך אָפּ די אידעאָלאָגישע וויטקייט צווישען די דעלעגאַטען, וועלכע זיינען דאָך פאַר־איניגט צוליב דעם גרויסען ענד־ציל וואָס שטייט פאַר זייערע אויגען.

פאַרלויפיג האָט די קאָנפערענץ נאָך נישט דורכגעמאַכט קיין שום מאָמענט פון התרוממות הנפש, שוין אָפגערעדט וועגען פייערליכקייט. ווען ליגט עס אין קאָפּ פייערליכקייט, ווען דער גאַנץ גרויסער יאָמער־טאָל מיט די מיליאָנען קדושים שוועבט אין דער לופט און שטעכט אַלעמען מיט דער גאַנצער שווידער־ליכקייט. אויך די הויפּט־רעדעס זיינען געווען טרוקען, מאָנאָטאָן אָן אַ ברעקעל פייער און אָן וועלכע עס איז דערמוטיגענדע פערספּעקטיוען.

דר. וויצמאַן, וועמענס רעפּעראַטען פלעגען שטענדיג שפּרודלען מיט בליציגע געדאַנקען, שאַרפע זאַצען און שלאַגענדע ווערטער, וואָס האָבען פאַר׳ כשוף׳ט אפילו זיינע שטאַרקסטע געגנער, האָט הייגטיגעס מאָל געגעבען אַ קאַלטען־געלאַסענעם אַנאַליז, וואָס האָט געשטאָכען מיט זיין יאוש׳דיגען טאָן. ריידענדיג וועגען דער היינטיגער דעמאָקראַטיע און איר צביעות׳דיגען פּנים, האָט ער אויף אַ קוהלת׳דיגען אופן געזאָגט: „כ׳בין נישט מקנא די יוגענט. כ׳בין מקנא די עלטערע דורות פאַר מיר״.

דער פאַרעלטערטער און מיעדער ציון־פירער, וועלכער שטייט שוין באַלד פופציג יאָר אין ציוניסטישער אַרבייט און האָט דורכגעמאַכט אלערליי עטאפּען אין דער באַוועגונג, האָט נאָך קיינמאָל נישט גערעדט מיט אַזוי פיעל פאַרביטערקייט און אַנטוישונג וועגען דער קאַלטער וועלט, וואָס קוקט צו רוהיג דעם שרעקליכען אידישען אומגליק און זאָרגט אַזוי ווייניג צו פאַרלייכטערען אידישע ליידען״.

דאָס האָט נישט געקענט פאַררעכענט ווערען פאַר אַ פּאָליטישען באַריכט און דעם געוויינליכען זין, נאָר אַ שטילער אויסגוס פון טיפען צער, וואָס רייסט זיך אַרויס פון אַן אָנגעווייטאָגט אידיש האַרץ. ער האָט גערעדט מיט מורא׳דיגען פאַרדרוס איבער די שוועריגקייטען וואָס מען האָט באַגעגענט אין די מלחמה יאָרען מצד דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע האָט געקעמפט מיט אַזוי פיל העלדישקייט געגען דער היטלער סכנה און זיך טויט דערשראָקען פאַר דער אילוזיע פון אַן „אַראַבישען אויפשטאַנד״.

דער וואָס ווייסט דר. וויצמאַן׳ס פּאָליטיק בנוגע ענגלאַנד זינט דעם יאָר 1917 און זיין פאַרטיידיגונג אויף אירע אָפטע געביטענע פּאָליסיס, איז די שאַרפע קריטיק געקומען ווי אַן איבעררעאַשונג. קיין וואונדער איז עס נישט, ווייל דאָס געדולד האָט געפּלאַצט. מער האָט ער דעם צאָרן נישט געקענט איינ־האַלטען. אַ רעגירונג, וועלכע האָט אַרויסגעגעבען דעם גרעסטען שונא געגען אידען — דער ווייסער פּאַפּיר — מוז פאַרדאַמט ווערען.

דר. וויצמאַן האָט אויסגעקוקט שרעקליך מיעד, בלאַס און איבערליך אומרוהיג. אויף דער פּלאַטפאָרם איז געשטאַנען אַ טראַגישע פּערזענליכקייט, וועלכער דערקלערט „אַז זיין קאָאָפּעראַציע מיט ענגלאַנד איז געווען אַ פונדאַ־מענטאַלער ענין״, אָבער גיט צו, אַז די גויים, כלומר׳שט די גוטע גויים, האָבען די קאָאָפּעראַציע נישט אָפּגעשאַצט. ווען דר. וויצמאַן וואָלט אויסגעקליבען אַן

אַנדער ליניע מיט יאָרען צוריק, וואָלטען מיר אפשר איצט געשטאַנען פאַר אַנדערע פּערספּעקטיוועס בנוגע דער ציון פּאָליטיק. אָבער ער האָט געהאַט זיין דרך — אַ דרך פון קאָמפּראָמיסען, פון פּשרות, פון וויתורים, פון צופּאַסען זיך צו אומשטענדען, פון פאַרלאָזען זיך אויף הבטחות. דער דאָזיגער וועג האָט נישט מצליח געווען. איז נישט קיין וואונדער וואָס ער וואָרענט איצט „מען זאָל זיך נישט צופיעל פאַרלאָזען אויף די הבטחות פון דער אַרבייטער רעגירונג", טראָץ דעם וואָס ער גלויבט, אַז עס איז אַ פּרעליכע דערשיינונג, וואָס קען אַנדערשען צום גוטען דעם פּראָצעס פון אונזער אַרבייט.

די דאָזיגע וואָרנונג איז שפּעטער נאָך שאַרפער געקומען צום אויסדרוק פון בן־גוריון אַליין, ווען ער האָט פעסטגעשטעלט „אַז פון אַ ריין אידישען שטאַנד־פּונקט טאָר דער ציוניזם נישט פאַרבונדען מיט קיין פּאָליטישער פּאַרטיי. אַלס יחיד באַגעגענט ער מיט פרייד די רעגירונגס איבערקערעניש, אָבער ער איז איבערצייגט, אַז דאָס וועט נישט לעזען דאָס אידישע פּראָבלעם". בן גוריון, פּונקט ווי דר. וויצמאַן, האָט באַדאַרפט געבען אַן איבערבליק איבער דעם פּאָליטישען מצב, אָבער אויך ער איז אָפּגעטראָטען אין אַ זייט און גערעדט איבער אַלץ — און זעהר אינטערעסאַנט גערעדט — אָבער נישט וועגען ציוניס־טישער פּאָליטיק. אין זיין מייסטערהאַפטער אָפּהאַנדלונג האָט ער אַרומגענומען אַלע פאַזען פון דער אידישער טראַגעדיע; די סאָציאַלע און פּאָליטישע סבות פון אידישער היימלאָזיגקייט; די שנאה כוואַליעס וואָס האָבען פאַרפלייצט אַלע טיילען פון אייראָפּע און טיילוויז אויך די פרייע לענדער; דעם אויסראַטונגס פּראָצעס וואָס די פינסטערע כחות האָבען דורכגעפירט; און איבערהויפּט — די גרויסע סכנה וואָס לויערט אויף דעם קיום פון אידישען פאָלק. ער קומט נאַטירליך צו דער מסקנא, אַז די איינציגע פאַרזיכערונג געגען וויטערדיגע קאַטאַסטראָפעס איז נאָר אַ שטאַטליכע ארץ ישראל.

פון דעם שטאַנדפּונקט פון מחשבה, פון אינהאַלט, פון סטרוקטור איז בן גוריון׳ס רעדע געווען אַ קלאַסישע. צוליב דעם פאָרען נאָך לאָנדאָן האָט מען אָבער נישט באַדאַרפט. מען האָט עס געקענט הערען אין ניו יאָרק, וואַרשע אָדער ירושלים. דאָס איינציגע שטאַרקע וואָרט וואָס מען האָט פון אים געהערט איז געווען די וואָרנונג צו דער ענגלישער רעגירונג אויף אַ מעכטיגען ווידער־שטאַנד מצד דעם ישוב וואָס וויל לעבען. די אידען אין ארץ ישראל ווילען לעבען רוהיג. זיי גייען נישט לייכטזיניג צום קאַמף. זיי פאַרשטייען די ערנסטע קאַנ־

סעקוועַנצען, אָבער מען צווינגט זיי דאַרויף. ווען מען שטייט אויף די קברים פון מיליאָנען אידען, ווען מען באַטראַכט די מכשולים, וואָס מען לייגט אויף דעם וועג פון ראַטעווען דעם שארית הפליטה, מוז מען זיך אָנכאַפּן אין אַלע מיטלען. קיינער וועט נישט קענען צוריקהאַלטן דעם ווידערשטאַנד פון אַ צעבראָכן פאָלק, ווען מען וויל אויסלעשן זיין לעצטע האָפנונג.

די קריטיקער זיינען דעם מאָל נישט אַזוי שאַרף ווי ביי ציוניסטישע קאָנגרעסן, אָבער דורך דער צייט פון דער דיסקוסיע זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן זעהר פיעל פּגימות'דיגע זייטען, אויף וועלכע די לייטונג וועט נישט קענען אַזוי לייכט אָפּענטפערען.

די ציוניסטישע פּאָליטיק ליידעט, לויט די איבערצייגטע מיינונג פון פילע דעלעגאַטען, פון דער אומאייגהייטליכער און אומקלאָרער פּראָגראַם מצד דער עקזעקוטיווע. יעדער מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע איז אַ וועלט פאַר זיך און טראָגט זיך אַרום מיט אַ באַזונדער ענד־ציעל. דער בילטמאָר פּראָגראַם, וואָס רופט פאַר דער גרינדונג פון אַ „אידישען קאָמאָנוועלט”, איז אַ טעאָרעטישער ענין, אָבער להלכה למעשה ווערט די אַרבייט פון דער עקזע־קוטיווע געפירט אין אַן אַנדער ריכטונג. אלס אילוסטראַציע איז געבראַכט געוואָרן די באַציהונג מצד דער עקזעקוטיווע צו דער סאַן פראַנציסקאָ קאָנ־פערענץ, וועלכע וואָלט געקענט ברענגען אַ ברכה פאַר'ן ציוניזם, ווען עס וואָלט עקזיסטירט אַ קלאָרע ליניע, אָבער בלויז צוליב די חלוקי־דעות צווישען די מיט־גלידער פון דער עקזעקוטיווע האָט מען די קאָנפערענץ מבטל געווען און אַזוי אַרום האָט מען פאַרלוירען אַ גאַר וויכטיגע פּאָזיציע.

ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָט אונזער הרב פישמאַן, עפענטליך באַשולדיגט, אַז די עקזעקוטיווע פאַרדעקט די אמת'ע פּאָליטישע מאָטיוועַן, ווייל עס פעלט איר דער נויטיגער קוראַזש אַרויסצוקומען מיט אַ קלאָרען פּאָליטישען „אני מאמין”. ווען עס האָט זיך גערעדט אין יאָר 1937 וועגען חלוקה האָט דער רוב מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיך געשטעלט עפענטליך פאַר דעם חלוקה־פּלאַן, און ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ אידישען קאָמאָנ־וועלט, טרעפט מען אַ וואַקעלדיגען צושטאַנד, ווייל אָפען גערעדט, די אמונה האָט זיך פון זיי אָפּגעטאָן... אין אַ געשפּרעך מיט אַ מזרחי דעלעגאַציע האָט דר. ווייצמאַן אויסגעדריקט די האָפנונג צו זעהן בקרוב די עטאַבלירונג פון אַ אידישען קאָמאָנוועלט, אָבער לויט זיין מיינונג דאַרף מען נישט צופיעל און

צו אָפּט דערמאָנען דעם וואָרט „קאָמאַנוועלט", ווייל דאָס איז אין דער בחינה פון „שם המפורש", וועמען דער כהן גדול פלעגט דערמאָנען בלויז איין מאָל א יאָר — יום כפור...

די אַמעריקאַנער דזשואיש קאָמיטע און דער אַמעריקאַנער קאָונסיל אָוו דזשודאאיזם זיינען נישטאָ ביי דער קאָנפערענץ, אָבער ווען דער פאָרטרעטער פון „השומר הצעיר" האָט אין משך פון אַ האַלבע שטונדע פונאַנדערגעוויקעלט זייער פּראָגראַם, האָט אויסגעדאַכט, אַז דאָס רעדט דער שליח פון דער בעקאַנטער אַסימילאַטאָרישער כנופיה, וואָס ציטערט אַזוי שטאַרק פאַר אַ אידישען קאָמאַנוועלט, ווייל זיי זעהען אין דעם אַן אומגליק פאַר די אַראַבער...

דער „השומר הצעיר" געהערט אויך צו דער אָפּאָזיציע, אָבער זייער געגנערשאַפט איז פון אַ גאַנץ אַנדערער סוג. זיי האָבען קריטיקירט די הנהגה ווארום טראַכטען זיי גאָר וועגען דער מעגליכקייט פון אַ אידישער מדינה און ווארום טראַכט מען נישט וועגען שלום מעגליכקייטען מיט די אַראַבער. דער נוסח איז אַ באַוואוסטער און ס'איז נישט נויטיג וועגען דעם מאַריך צו זיין.

בעת די ווערטער ווערען געשריבען, ווערען אָנגעפירט פאַרהאַנדלונגען מיט די אַנדערע גרופּען וועגען רעאָרגאַניזירען די עקזעקוטיווע, בכדי צוציהען בייע קרעפטען אין לאָנדאָן און ירושלים מיט מעהר פּאָליטישע השפעה און מיט מעהר אמונה אין די מאַקסימאַלע פּרינציפּען פון פּאָליטישען ציוניזם.

כ"ז מנחם־אב, תש"ה.

## ג.

איצט, ווען די ציוניסטישע קאָנפערענץ איז שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט איז גרינגער צו געבען וועגען איר אַ פולע אָפּשאַצונג.

פון דעם מאָמענט וואָס דער מזרחי האָט צוריקגעצויגען זיינע פאָרטרעטער פון דער עקזעקוטיווע צוליב סבות וואָס זיינען שוין באַקאַנט צום אידישען עולם, האָב איך זיך צוריקגעהאַלטען פון שרייבען אַ וואָרט וועגען דער קאָנפערענץ אויס מורא טאָמער וועט מען מיך חושד זיין אין סוביעקטיוויטעט. די קלאָרע אויסגעשפּראָכענע ליניע פון מזרחי צוזאַמען מיט דעם אָפּענעם אולטימאַטום, האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף דער קאָנפערענץ. ווען בן גוריון האָט באַלד

נאָך דר. ווייצמאַן׳ס ענטפער צו די קריטיקער דערקלערט, אַז דר. ווייצמאַן האָט גערעדט אויף אייגענע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און אַז די עקזעקוטיווע טיילט ניט זיינע אויספיהרונגען, האָט די קאָנפערענץ אויפגעציטערט. עס זיינען באַטיילעך געוועזן חלוקי דעות וועגן בן־גוריון׳ס האַנדלונג. מאַנכע האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ גבורה פון זיין זייט וואָס ער האָט גלייך אויפ׳ן פלאַץ אָפּגעענטפערט און ניט דערלאָזן אַז די דעלעגאַטען זאָלן אַריינפאַלן אין אַ טיפערע יאוש׳דיגע שטימונג, בעת אַנדערע — און לרוב זיינען עס געווען זיינע אייגענע חברים האָבן עס באַטיטולט פאַר אַן איבערגעאיילטען שריט וואָס האָט געדאַרפט פאַר־היטען ווערן. קלאָר איז אָבער געווען אַז דאָס איז נאָך ניט דער אמת׳ער סיגנאַל פאַר אַן אָפענעם קאַמף. אין די קולואַרען האָט מען זיך געוויצעלט אַז איבער נאַכט וועט דער אינצידענט אויסגעגליכען ווערן און אַז צו דער קומענדיגער זיצונג וועלען געמאַכט ווערען דעקלערונגען וואָס וועלען באַרוהיגען די שווערע געמיטער. און אַזוי האָט טאַקע פאַסירט אויפ׳ן צווייטען טאָג...

אָבער ווען דער מזרחי האָט ביי דער זעלבער זיצונג דערקלערט אַז זיי ציהען צוריק זייער מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע אַלס פראָטעסט געגען דר. ווייצמאַן׳ס רעדע וועלכע איז געווען שוואַכער און פעסעמיסטישער ווי די ערשטע, איז קלאָר געוואָרען אַז דערמיט פאַנגט זיך אָן אַן ערנסטער קריזיס און נישט קוקנדיג דאַרויף, וואָס די פראָפעסיאָנאַלע ליצנים האָבן פאַרשפרייט קלאַנגען אַז דער מזרחי דינגט זיך איבער „פּערזאָנען״, האָבן זיי אָבער נישט געקענט אָפּלייקענען דעם אמת׳ן פאַקט אַז דער מזרחי האָט אַ באַשטימטען פּאָליטישען וועג. דער מזרחי האָט לכתחילה אַוועקגעשטעלט צוויי גרונד־פאָדערונגען: אַ פעסטע פּאָליטישע ליניע וואָס פירט צו דער עטאַבלירונג פון אַ אידישע מדינה, און די רעאָרגאַניזאַציע פון דער עקזעקוטיווע וואָס זאָל פאַרזיכערען די דורכפירונג פון אַ מאַקסימום פראָגראַם.

דער מזרחי האָט מאָטיווירט זיינע פאָדערונגען אויפ׳ן פאָלגענדען אופן: דער אידישער מצב איז אַזוי קריטיש און דער אידישער פּראָבלעם איז אַזוי טראַגיש וואָס פאָדערט אַ גאַנץ אַנדער צוגאַנג און אַ גאַנץ אנדער לעזונג אין א גאָר גרויסען מאסשטאַב. אַחוץ דעם איז די איצטיגע פּאָליטישע סיטואציע מער גינסטיג פאַר אידישע פאָדערונגען. די דערפרעהענדע ידיעה וועגען דעם נצחון איבער יאַפּאַן און די עטאַבלירונג פון אַ נייעם וועלט־שלום עפענען פאַר דער ציוניסטישער פּאָליטיק ברייטע און ליכטיגערע האָריזאָנטען. דערצו קומען

צו נאָך צוויי וויכטיגע פאַקטאָרען: אַ פריינדליכע באַציאונג אין וואַשינגטאָן און אַ געזונטער נאָרמאַלער ישוב וואָס איז מוכן ומזומן אויפצונעמען אַ ברייטע פרייע אידישע עליה פון הונדערטער טויזענטער אידען.

בנוגע דער רעאָרגאַניזאַציע, האָט דער מזרחי גע׳טענה׳ט, מוז עס געטאָן ווערען אונטער אַלע אומשטענדען, ווייל מען קען נישט איבערלאָזען אַ מאַקסי־מאַלען פּראָגראַם צו אַן עקזעקוטיווע וועלכע איז געוואָרען דער סימבאָל פון פשרות׳קייט, נאָכגיביגקייט און הסתפקות במועט. מענשען וועלכע גלויבען ניט אין דער באַלדיגער מעגליכקייט פון אַ אידישען קאָמאָנוועלט און וואָגען נישט צו ריידען וועגען אַ גרויסער אימיגראַציע מעגען זיי האָבען די גרעסטע פאַרדינסטען אין דער פאַרגאַנגענהייט קענען נישט טראָגען קיין אחריות פאַר דער צוקונפט.

און למען האמת מוז געזאָגט ווערען אַז דער מזרחי איז נישט געווען דער איינציגער וואָס האָט פאַרטראָטען דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט. אַזויגע אָפענע דבורים האָט מען געהערט אין די גענעראַל־דעבאַטען ווי אויך אין דער פּאָלי־טישער קאָמיסיע. אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט אַ שטאַרקע רעדע פון דר. אבא הלל סילווער, וועלכער האָט געפירט אַ וואונדערבאַרען פּאַראַלעל צווישען „רעפּיודזשי־ציוניזם״ „סערטיפיקאַט־ציוניזם״ און אַ ציוניזם פאַר אַ אידישע מדינה, און פאַרענדיגט האָט\עס דר. נחום גאָלדמאַן מיט זיין שאַרפען אַנאַליז אין וועלכען דער קאָמאָנוועלט אידעע איז געקומען צום העכסטען אויסדרוק.

דער תמצית פון דר. גאָלדמאַנ׳ס רעדע קען רעזומירט ווערען ווי פאָלגט: מיר דאַרפען טרייבען אַ פּאָליטיק פון שאַרפען דרוק. אויב מען וועט אפילו באַוויליגען די פאָדערונג פון הונדערט טויזענט סערטיפיקאַטען און דורך דעם וועט די רעגירונג אָפּלייגען די פאָדערונג פון אַ אידישען קאָמאָנוועלט אויף יאָרען שפּעטער, וועלען מיר האָבען אַ מורא׳דיגען פּאָליטישען דעפיציט. געוויס מוזען מיר פאָדערען וואָס מער סערטיפיקאַטען בכדי צו ראַטעווען וואָס שנעלער טויזענטער און טויזענטער אידען, אָבער אָפּלייגען די אַנטשיידונג פון אידישען פּראָבלעם אין זיין טאָטאַליטעט שטעקט אַ גרויסע סכנה אַז דעם ציוניזם זאָל פאַרלירען זיין חשיבות. דער דרוק פון אידישען פּראָבלעם וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אין די לעצטע מלחמה יאָרען וואָס רייסט די אויגען פון דער אויסערליכער וועלט וואָס איז טויב צו אידישע ליידען, טאָר נישט פאַרגעסען ווערען. אויב עס וועט ניט געלייזט ווערען די אינטערנאַציאָנאַלע אַנטשיידונג פון

אַ אידישע מדינה — זיינען מיר פאַרלאָרען. ווער עס האָט ניט קיין אַדרעס אין דער היינטיגער ברוטאַלער וועלט איז הילפלאָז און שוצלאָז.

דר. סילווער האָט בערך אָנגעשלאָגען די זעלבע פּאָליטישע טענער, אָבער פאַר קיינעם איז ניט געווען קיין איבערראַשונג, ווייל דר. סילווער׳ס מיינונגען זיינען גוט באַוואוסט דעם ציוניסטישען עולם. אָבער דר. גאָלדמאַנ׳ס שאַרפע אַרויסטרעטונג איז ווירקליך געווען אַן איבערראַשונג ווייל זיין שיטה אין דעם וואָס ער רופט שטענדיג „רעאַל פּאָליטיק״ איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען. די סיבה וואָס האָט פּלוצלונג געבראַכט צו זיין רעוואָלוציאָנערישקייט שטאַמט דערפון, ווי ער אַליין דערקלערט עס, וואָס דער ציוניזם איז אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און מען קען נישט היילען „נייע סיטואַציעס מיט סטאַטוס־קוואָ״ מיטלען. אפשר איז אויך פאַרבונדען געווען דערמיט הינטער־קוליסען פּאָליטיק פון וועלכע די דעלעגאַטען האָבען נישט געוואוסט.

ביי דער היינטיגער קאָנפערענץ האָט זיך מעהר ווי אַלע מאָל קריסטאַליזירט דער טיפער פּאָליטישער תהום וואָס טיילט אָפּ דר. ווייצמאַן פון זיינע אייגענע חברים, און באַזונדערס פון מזרחי.

דר. ווייצמאַן האָט זיינע גרויסע פאַרדינסטען אין דער געשיכטע פון ציוניזם. נישט דאָ איז דער פּלאַץ אויסצורעכענען די אַלע לייסטונגען וואָס דר. ווייצמאַן האָט געלייסטעט פאַר דער באַוועגונג אין די לעצטע פופציג יאָר. אָבער זיין פּאָליטישע שיטה פון ה י י נ ט איז לחלוטין נישט אנגעמבאַר אפילו צו זיינע יאָרן־לאַנגע חסידים און אנהייגער. ער קוקט אויף דער אידעע פון אַ אידישען קאָמאָנוועלט אין דער בחינה פון „אראנו ולא עתה, אשורנו ולא קרוב״. (איך זעה עס אָבער ניט איצט, איך ערוואַרט עס אָבער נישט נאָענט) ער גלויבט ניט אַז דאָס וועט פּאַסירען איז אונזערע טעג איז אונזערע יאָרען. ער זעהט אַ לאַנגען, שווערען פּאַמעלאַכדיגען וועג. בטבע, זאָגט ער, איז ער ניט קיין פּעסימיסט אָבער ער שרעקט זיך פאַר דער היינטיגער וועלט, פאַר די היינטיגע טענדענצען און ער איז מתפלל: „הלואי זאָלען מיר עס איבערלעבען״. און וואָס זאָלען מיר דערווייל טאָן? דאַרויף ענטפערט ער צוויי זאַכען: ערשטענס, שאו שערים ראשיכם — עפענען די טירען פון ארץ ישראל און אַריינבעמען וויפיל אידען עס איז נור מעגליך, און צווייטענס — שווערע, געוויסענהאַפטע, ערליכע וויסענשאַפטליכע ארבייט. אין דעם איז באַשטאַנען דער כח פון דער קליינער שווייץ. אַזוי וועט אויך פּאַסירען מיט ארץ ישראל. בלויז דורך אַ

וויסענשאַפטליכען פּראָצעס וועלען מיר האָבען די מעגליכקייט אַ קליין לאַנד גרויס צו מאַכען.

דר. ווייצמאַן׳ס מיינונג איז אַ דעת יחיד. זיין פּאָליטיק ווערט באַטירליך געשטיצט פון דעם „השומר הצעיר״ און אַנדערע באַהאַלטענע יחידים. אָבער עס איז פּאָרט אַ דעת יחיד. דער רוב מנין ורוב בנין פון דער ציוניסטישער באַוועגונג ווי עס האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט ביי דער קאָנפערענץ איז לחלוטין געגען אים. אין אַ צייט פון גרויסע וועלט ענדערונגען און קאָלאָסאַלע וויסענשאַפטליכע איבערקערענישען קען מען ניט טראַכטען אין אַלטע טערמינען מעגען זיי קליינגען ווי רעאַליסטיש. די פינסטערע היטלער כחות האָבען אויסגעשאָכטען זעקס מיליאָן אידען, מיר האָבען פאַרלאָרען אַלע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס, מיר זיינען געבליבען די אומגליקליכסטע מענשען אין דער וועלט — אין אַזאַ צייט קענען מיר זיך ניט קוויקען מיט חלשות טראָפּען. אויסערגעוועהנליכע היילונגס־מיטלען דאַרפען געזוכט ווערען צו היילען דעם גרויסען בראָך פון אונזער פאָלק.

דעם גרויסען פּאָליטישען קאַמף וואָס די קאָנפערענץ האָט אויפגעהויבען איז אַ קלאָרער ענטפער סיי כלפי פנים און סיי כלפי חוץ. די ציוניסטישע עקזעקוטיווע ווייסט היינט אַז דער צענטראַל־פּונקט פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק איז אַ אידישע מדינה. אין דער ריכטונג מוז געצילט זיין דער גאַנצער ציוניסטישער אַפּאַראַט. די אַראַבישער פּאָליטיקער וואָס פירען אַ העפטיגען קאַמף געגען אונז זיינען אָפען מיט זייערע כוונות. זיי באַהאַלטען ניט קיין שום זאַך. אונזער ענטפער דאַרף זיין אין דער זעלבער ווענדונג. מוז זיין קלאָר, אָפען און קאָנסעקווענט. די אויסערליכע וועלט דאַרף וויסען אַז אונזער ענד־ציל וועגען אַ אידישע מדינה איז נישט אויף יאָרען שפּעטער, נאָר וואָס שנעלער און וואָס גיכער. און די אויסערליכע וועלט דאַרף אויך וויסען אַז מיר זוכען ניט בלויז הונדערט טויזענט סערטיפיקאַטען, נור אַז מיר ווילען ראַטעווען די הונדערטער און הונדערטער טויזענטער אידען — די שרידי חרב — פאַר וועמען ארץ ישראל איז די איינציגע האָפנונג.

ווען די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אויף די דאָזיגע גרונט פּרינציפּען וועלכע זיינען מיט עטליכע טעג שפּעטער באַשטעטיגט געוואָרען פון דעם ענגען אַקציאָנס־קאָמיטעט, האָט די מזרחי פראַקציע באַשלאָסען צוריק צו שיקען

איר פאַרטרעטער אין דער עקזעקוטיווע מיט דעם צוגאב פון אַ דריטען מיטגליד אין דעם פאָליטישען דעפאַרטמענט אין ירושלים.

אַן אנגעזעענער ציון־פירער האָט פאַר דעם שרייבער פון דיזע שורות רעזומירט דעם אויסגאַנג פון דער קאָנפערענץ און צוגעגעבען אַז דער מזרחי איז אַרויס מיט אַ גרויסען נצחון. אין וואָס ליגט אייער כח האָט ער געפרעגט.

און מיין תשובה איז געווען: מיר גלויבען אויך אין ערליכע וויסענשאַפט־ליכע ארבייט אָבער פאַר אונז איז עס נישט קיין קריטעריום דערמיט אַ קליין פאָלק אָדער אַ קליין לאַנד גרויס צו מאַכען. אונזער כח ציט זיך פון דעם אַלטען אייביגען געטליכען קוואַל וואָס האָט אונז געהאָלפען בייצושטעהן אַלע נסיונות. דער כח וועט אונז אויך העלפען אין דעם שווערען קאַמף פאַר דער אויפבויאונג פון דער אידישער מדינה.

ב׳ דר״ח אלול, תש״ה.

# ווי אַזוי די פּרשה פון חלוקה האָט זיך צוריק אָנגעהויבען

## א.

כ׳האָב זיך צוריקגעהאַלטען די גאַנצע צייט פון שרייבען וועגען דער אסיפה פון דער אידישער אַגענטור אין פּאַריז, ניט צוליב דעם וואָס די זיצונגען זיינען געשלאָסענע און טראָגען אַ פּאַרטרוילּיכען כאַראַקטער, נאָר אויך צוליב דעם, ווייל זיי זיינען אַ המשך פון לאַנגע, ענדלאָזע וויכוחים אויף דעם איראָפּייאישען שטייגער און צו קאָנקרעטע אויספירונגען האָט מען ניט דערגרייכט ביז׳ן סאַמע סוף. איך גלויב אָבער, אַז מען מעג אָנהויבען אונטערציהען אַ סך־הכל פון דעם גרעסטען טייל פון די פאַרהאַנדלונגען און פון הינטער די קוליסען פּאָליטיק בין איך ניט ביכולת אַרויסצוגעבען.

דאַרף מען ניט אונטערשטרייכען, אַז די זיצונגען זיינען כסדר געשטאַנען אונטער אַן אומאויפהערליכע רייע פון שאָטענס און טראַגישע צייכענס. די נערוועז זיינען געווען אָנגעשטרענגט און די געמיטער אומרוהיג און צעשטרייט. דער מיליטערישער פּאָגראָם אויף „יגור”, וועמענס איינצעלהייטען זיינען עד־היום, צוליב דער שווערער צענזור, ניט פאַרעפענטליכט געוואָרען; די אָבלאַוועס אויף דער רוהיגער און אַרבייטזאַמער תל־אָביב; דאָס פאַרשפּאַרונג פון הונדערטער אומשולדיגע אידען אין די תפיסות; די ברוטאַלע באַציהונג צו די אומגליקליכע „אומלעגאַלע” עולים, וועמען מען האָט פאַר קיין שום חטאים פאַרשיקט אויף די ציפּערן־אינזלען; און די שטענדיגע זאָרג ווי אַזוי דער ישוב וועט רעאַגירען אויף דעם מיליטערישען אַטענטאַט, האָט זעלבסטפאַרשטענדליך געשאַפען אַן אָנגעצויגענע שטימונג, וואָס האָט פיל געשטערט צום גאַנג פון דער אסיפה וועלכע האָט זיך גענויטיגט אין רוהיגקייט און אין ישוב הדעת. אימיצער האָט זיך באַקלאָגט, אַז די פריהערדיגע זיצונגען פלעגען שטיין אויף אַ העכע־

רער הויך, אָבער די טענה איז ניט קיין באַרעכטיגטע. אין וועלכער צייט איז דער ציוניזם געשטאַנען פאַר אַזאַ פאַרפּלאָנטערטען פּאָליטישען קנויל און פאַר אַזאַ ערנסטען משונה׳דיגען מצב ווי מיר שטייען איצט?

***

די אָפּוועזענהייט פון דר. חיים וויצמאַן האָט אויך געלייגט אַן עצבות׳דיגען שטעמפּעל אויף די זיצונגען. צי מען איז מסכים מיט זיין פּאָליטישער שיטה צי ניט, אָבער זיין באַטייליגען זיך ביי אַ ציוניסטישער מסיבה און בפרט אין אַזאַ דעצידירענדען מאָמענט, ווען דער גאַנצער ישוב צוזאַמען מיט דעם ציוניזם הענגען חלילה אויף אַ וואָגשאָל, וואָלט געגעבען מעהר קוראַזש און מעהר אַנטשלאָסענקייט פאַר דעם וויטערדיגען קאַמף. טראָץ זיין שוואַכען געזונט צוליב דער שווערער אויגען־אָפּעראַציע, געפינט ער זיך, אַזוי האָט מען באַריכטעט, אין אַ מוטיגער קעמפערישער שטימונג. די האַרבע ווערטער, וואָס ער האָט געלאָזט פאַלען געגען דער ענגלישער רעגירונג סיי אין ארץ־ישראל און סיי ביי זיין אויפטריט פאַר די מיטגלידער פון ענגלישען פּאַרלאַמענט האָבען געאָטעמט מיט מיליטאַנטישקייט. יעדעס וואָרט זיינס איז דורכגעדרונגען געווען מיט צער און צאָרן און עס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רושם. דער ישוב, די אידישע וועלט לעכצט נאָך אַ וואָרט פון נחמה און דערמוטיגונג. ליידער האָט געפעהלט די פּערזענליכקייט, וואָס זאָל אָט־דאָס וואָרט לאָזען הערען.

אויף וויפיל דער פיזיש־צעבראָכענער וויצמאַן, געפינט זיך אין אַ קעמפערישער שטימונג קען דינען דער פאָלגענדער עפּיזאָד. דער קאָלאָניאַל מיניסטער האָלל האָט געמאַכט אייניגע פאַרזוכען מיט איהם זיך צו באַגעגענען, האָט דר. וויצמאַן בכיוון אויסגעמיטען איהם צו זעהן אַלס אויסדרוק פון פּראָטעסט און אַנטריסטונג געגען די ברוטאַלע רציחות פון גענעראַל באַרקער׳ס שליחים. און ווען וויצמאַן האָט ענדליך זיך יאָ געטראָפען מיט איהם, זאָל ער האָבען געזאָגט גאַנץ קלאָרע ווערטער: „זינט די לעצטע פּאַסירונגען בין איך געקומען צו דער מסקנא, אַז דער ישוב מוז זיך באַפרייען פון דעם ענגלישען יאָך. דער ישוב וועט ניט טאָלערירען קיין אונטערדריקונגען. ער מוז פולשטענדיג פריי ווערען."

ווער עס איז באַקאַנט מיט וויצמאַן׳ס אָריענטאַציע וועגען ענגלאַנד, וועט זיך וואונדערען אויף דעם נייעם טאָן. איצט האָט אויך וויצמאַן׳ס געדולד געפּלאַצט. זיין אמונה אין ענגלישער ליבעראַלע כחות האָט אויפגעטרייסעלט.

ער פּיהלט זיך צעבראָכען פון דער היינטיגער ממשלה, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אויף די מויערען פון ירושלים זאָל דערשיינען מיט שרייענדע אותיות די באַליידיגענדע, שטעכענדע ווערטער: „טויט צו אידען" און „הייל היטלער"...

***

פאַר אַלעמען איז קלאָר געווען, אַז דער „מאָריסאָן פּלאַן", ווי מען רופט עס דאָ, וואָס זוכט צו פאַרטיילען ארץ־ישראל אין פיר פּראָווינצען מיט אַ אידי־שער פּראָווינץ אין אַ שטח פון 15 פּראָצענט, מוז קאַטעגאָריש צוריקגעוויזען ווערען. אפילו די צוויי־דריי מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, וואָס זיינען גרייט איינצוגעהן אויף די מינימאַלסטע פשרות, האָבען צוגעגעבען, אַז דער דאָזיגער פּלאַן איז ברוטאַל און באַליידיגענד און קען באין־אופן ניט דינען אַלס אַ באַזיס פאַר דיסקוסיעס.

די פראַגע האָט זיך געשטעלט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט: דער פּלאַן איז ניט גוט, ער איז לחלוטין אומאַננעמבאַר, און וואָס זיינען די אַלטערנאַטי־ווען? צוריקוויזען אָדער ענטפערען „ניין" איז לייכט, אָבער וואָס זיינען די פּאָזיטיווע פאָדערונגען אָדער פאָרשלאָגען?

אין דער זעלבער צייט איז אויך געקומען אַן אַלאַרמירענדע ידיעה פון וואַשינגטאָן, אַז פּרעזידענט טרומאַן איז גוטה אָנצונעהמען דעם „פּראָווינץ־פּלאַן" מיט לייכטע מאָדיפיקאַציעס. די דאָזיגע נייעס האָט אַלעמען דערשלאָגען, ווייל אויב אַמעריקע שטעלט זיך אויף דער זייט פון דעם דאָזיגען שעדליכען פּלאַן, איז עס פּאָליטיש אַ שווערער קלאַפּ. די עטליכע פריינט, וואָס מיר האָבען אין וואַשינגטאָן, האָבען דרינגענד געפאָדערט אַז מיר זאָלען זיי געבען נייע דירעקטיווען. זיי זיינען גרייט צו העלפען, אָבער זיי מוזען וויסען ווי ווייט זיי קענען גיין אָדער ניט גיין...

די זעלבע פאָדערונג איז אויך געקומען פון דר. אבא הלל סילווער, דער פאָרזיצער פון דעם ציוניסטישען עמוירדזשענסי קאָמיטעט, וועלכער האָט פאַר־לאַנגט, אַז די אַגענטור זאָל באַשליסען וואָס צו ראַטען אונזערע פריינט ביי דער טרומאַן'ס קאָנפערענץ, בכדי זיי זאָלען וויסען דעפיניטיוו וואָס פאַר אַ שטעלונג צו נעהמען אין דער נייער סיטואַציע.

די צוויי טעג פון דער לאַנגער דיסקוסיע זיינען געווען לײדענשאַפטליכע און פיינליכע, עס איז געווען פונקט צוויי טעג פאַר תשעה־באב און דער נאַציאָ־נאַלער טרויער ניט פון אַמאָל נאָר פון היינט האָט אַלעמען פאַרכאַפּט. אין דער

לופט האָט זיך געהערט דער געשריי פון די פאַרבליבענע צוויי מיליאָן אידען, וועלכע רייסען זיך צו אַנטלויפען פון דעם אייראָפּייאישען גיהנום, און פון דער צווייטער זייט די ברוטאַליטעטען פון דער אַרבייטער רעגירונג, וועלכע זוכט צו דערווערגען דעם ישוב און איהם איינשפּאַרען אין אַ געטאָ מיט אַלע באַשרענ־קונגען פון אַ אידישער געטאָ...

עס איז ניט געווען קיין פּלפּול׳דיגע דיסקוסיע, נאָר אַ מין רעוויזיע פון אידען, אַ חשבון־הנפש. די פראַגע וואָס יעדער איינער האָט זיך געשטעלט: צי מעגען מיר אין דעם איצטיגען חורבן זיך שפּילען מיט ווערטער, מיט לאָ־זונגען און אפילו מיט פּרינציפּען, אין דער צייט, ווען דער חלף ליגט אויפן האַלז? וועט עס זיין מאָראַליש און יושר׳דיג, ווען מיר וועלען פאַרמאַכען די אויגען ניט צו זעהן די ביטערע ווירקליכקייט? און צי וועלען מיר ניט בלייבען פאַרזינדיגט צו דער אידישער געשיכטע, אויב מיר בלייבען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון „יקוב הדין את ההר״?

דאָ איז ווידער אַרויפגעשוואומען די צרה׳דיגע שאלה פון חלוקה. אפילו די „יאָ זאָגער״ פון 1937 האָבען דעם מאָל ניט גערעדט מיט אַזאַ גרינגקייט, פיהלענדיג, אויב מען צווינגט אונז ווידער אָוועקצורייסען אַ שטיק פון ארץ־ישראל, ווי אַזוי וועט מען קענען געפינען אַ לייזונג צום אידישען פּראָבלעם, און פון דער צווייטער זייט האָט זיך געפרעגט: וואָס זאָל מען טאָן, בכדי באַלד צו ראַטעווען וויפיל עס איז נאָר מעגליך? אויב דאָס איז אַ גזירה, מוזען מיר נאַטירליך מיט ווייטאָג אין האַרצען זיך אונטערוואַרפען אונטער דער גזירה, אָדער צי גייט די פראַגע אַריין אין די ראַהמען פון „יהרג ואל יעבור״?...

איינע פון די דראַמאַטישסטע מאָמענטען איז פאַרגעקומען, ווען דער באַ־קאַנטער מזרחי פיהרער, הרב פישמאַן, דער שאַרפסטער געגנער פון חלוקה, האָט אויסגעבראָכען אין אַ ביטערען געוויין, ווען ער האָט געפרעגט: ״וואָס זאָלען מיר טאָן, צי זאָלען מיר לאָזען ווידער אַמאָל אָפּשניידען אַ שטיק ארץ־ישראל אָדער צי זאָלען מיר צולאָזען, אַז דאָס פאַרבליבענע רעשטעל אידען זאָל חלילה פאַר־שניטען ווערען?״

און ניט נאָר האָט ער אַליין געוויינט, נאָר אַלע האָבען מיט איהם מיטגע־וויינט!... אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעקומען די ידיעה, אַז אידישע פּליטים ווערען מיט געוואַלד אָוועקגעריסען פון דעם חיפה׳ער האַפען, און מען שלעפּט זיי ערגעץ וואו אויף אַן אינזעל, פונקט ווי די אַמאָליגע אידישע געפאַנ־גענע אין די צייטען פון חורבן, וועלכע מען האָט געבראַכט נאָך בבל און רוים.

ניט מיט קיין גרינג הארץ האָבען די געגנער פון חלוקה מסכים געווען צו אַ פאָרמולע „אויב אַזאַ פאָרשלאָג וועט קומען מצד דער רעגירונג, זאָלען מיר עס ערנסט באַטראַכטען". אָבער דער הויפּט תנאי, וועלכער איז געשטעלט געוואָרען, אַז דער באַזיס פון דעם פאָרשלאָג מוז זיין אַ אידישע מדינה. אָהן דעם וועלען מיר קיין שום פּלאַן ניט באַטראַכטען. אויב מיר מוזען מותר זיין צייט־ווייליג אויף אַ געוויסען טייל פון ארץ־ישראל, מוז דער עיקר זיין, אַז מיר זאָלען באַפרייט ווערען פון דעם ענגלישען יאָך דורך אַ זעלבסטשטענדיגער אידישער מדינה מיט אַלע רעכט און אַטריבוטען פון אַ מדינה.

כ'האָב אונטערגעשטראָכען דאָס וואָרט „צייטווייליג", ווייל דעם פּונקט האָבען די מזרחי פאָרטרעטער קלאָר אונטערגעשטראָכען: „מיר זיינען היינט פּונקט ווי מיט 10 יאָהר צוריק, די זעלבע פּרינציפּיעלע געגענער פון חלוקה. ארץ־ישראל איז אין גאַנצען אונזערע לויט די געטליכע הבטחות פון אונזער תורה. אויף דעם קענען מיר קיינמאָל ניט מותר זיין, פּונקט ווי מיר קענען ניט מותר זיין אויף אַנדערע מצוות פון דער תורה. די היינטיגע צייט איז אָבער אַ שעת־גזירה פאַר ארץ־ישראל. די ענגלישע רעגירונג געוועלטיגט ניט מיט דעם רעכט פון מאַנדאַט, נאָר מיט ברוטאַלען כח און געוואַלד־טאַטען. אין דער צייט פון גזירה מוזען מיר זיך בויגען, אָבער דאָס איז בלויז צייטווייליג. פּאָלי־טישע קאָניונקטורען בייטען זיך. די הערשאַפט פון ברוטאַליטעט וועט לאַנג ניט דוירען. דאַן וועלען מיר צוריק באַנייען דעם קאַמף צו דעראָבערען די אַלע טיילען פון ארץ־ישראל, וואָס מען האָט פון אונז אַוועקגע'גזל'ט."

אין איינקלאַנג מיט דעם גייסט האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסען צו שיקען דר. נחום גאָלדמאַן אַלס שליח מיוחד קיין וואַשינגטאָן ניט איבערצוגעבען קיינע פאָרמעלע פאָרשלאָגען צו דער רעגירונג אָדער צום בריטישען אַמבאַסאַדאָר, נאָר מיט דעם איינציגען באַדינג זיך דורכצושמועסען מיט אונזערע פריינט אין די רעגירונגס־קרייזען און זיי איבערגעבען די אינפאָרמאַציע. צי דר. גאָלדמאַן האָט אויסגעפילט אין דער גייסט די שליחות, און צי ער האָט זיך דערלויבט אַרויסצוגיין פון די דאָזיגע ראַהמען, איז פאַר מיר שווער פעסטצושטעלען.

יעדענפאַלס, די עקזעקוטיווו האָט דערביי געהאַט אַן עהרליכע און אויפ־ריכטיגע כוונה — קלאָר צו מאַכען פאַר די אידישע פריינט, אַז זיי מוזען קודם־כל צוריקווייזען קאַטעגאָריש דעם „געטאָ־פּלאַן", און צווייטענס, צו צייגען אַ וועג פאַר זיי ווענען די אַלטערנאַטיוועז.

מעגליך, אַז פון די אַלע פּלענער וועט גאָרניט ווערען, ווייל עס גלויבט זיך ניט, אַז די היינטיגע ענגלישע רעגירונג זאָל דערלאָזען, אַז אידען זאָלען נתעלה ווערען אפילו מיט אַ שטיקעל אידישע מדינה. אָם ווייניגסטענס, וועט דער אידישער געוויסען זיין ריין, פיהלענדיג, אַז אַלע מיטלען זיינען אָנגענומען געוואָרען, בכדי צו ראַטעווען זיך פון דעם שווערען פּאָליטישען פּלאָנטער.

***

אַ צווייטער האַרטער פּראָבלעם, וועלכע האָט זיך געלאָזט אַזוי לייכט פאַר־ענטפערען, איז געווען די אָפיציעלע איינלאַדונג פון דער ענגלישער רעגירונג צו באַטייליגען זיך ביים „רונדען טיש״ קאָנפערענץ. עס האָבען זיך אַנטוויקלט צוויי שאלות: צי מעגען מיר גיין צו אַ קאָנפערענץ אין דער צייט ווען דער ישוב ווערט געדריקט פון די מיליטערישע רדיפות, ווען מאַנכע פיהרער פון דער אַגענטור צוזאַמען מיט הונדערטער אומשולדיגע אידען זיינען פאַרשפּאַרט אין די תפיסות, און דער עיקר שאלה: אויב שוין יאָ גיין, אויף וועלכען באַזיס?

אויך דאָ זיינען אַנטשטאַנען שאַרפע חלוקי־דעות. די אַגרעסיווע מיטגלידער האָבען באַגרינדעט זייער שטאַנדפּונקט, אַז אַזוי לאַנג ווי די רדיפות און דעפּרע־סיעס האַלטען אָן, טאָרען מיר ניט גיין צו קיין שום באַראַטונגען. אַ יחיד האָט אַ רעכט אַלעס צו פאַרגעבען און זיך אונטערגעבען, אַ פאָלק טאָר ניט זיך אַרונטערלאָזען צו דער מדרגה פון הכנעה, אַזוי לאַנג ווי מען קען אָנהאַלטען. די געפּלאַנטע קאָנפערענץ, האָבען זיי ווייטער גע׳טענה׳ט, האָט במילא ניט קיין גלענצענדע אויסזיכטען. די ערפאַהרונג האָט אונז געלערענט אַז פון די אַלע קאָנפערענצען און קאָמיסיעס זיינען אַרויסגעקומען די גרעסטע רעות פאַר ארץ־ישראל. די איצטיגע בעגאַטיווע תשובה וועט ווייזען דער ענגלישער רעגירונג, אַז דער אידישער ווידערשטאַנד איז ניט געבראָכען.

האָט אָבער דער צווייטער צד גע׳טענה׳ט, אַז מיר מוזען גיין אונטער אַלע אומשטענדען, ווייל ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דעם גורל פון אידישען פאָלק, מוז מען זיך רעכענען מיט יעדען ספק־ספקא און מען דאַרף וועגען און מעסטען אַלע מעגליכקייטען. די באַפרייאונג פון די אַגענטור־פיהרער און אפילו די פאַר־שיקונג פון אידישע פּליטעם אויף פאַרשידענע אינזלען טאָר באין־אופן ניט זיין קיין מניעה, אויב פון דער קאָנפערענץ זאָל אַרויסקומען כאָטש אַ הצלה פורתא. אַזוי האָבען געהאַנדעלט אירלאַנד און אינדיע, ווען זיי זיינען געשטאַנען פאַר ענליכע סיטואַציעס.

ענדליך האָט מען זיך געאייניגט אויף יאָ גיין, אָבער אויף דעם יסוד פון די צוויי דערמאָנטע פּרינציפּיעלע הנחות: ערשטענס, די פולשטענדיגע צוריקוויזונג פון דעם געטאָ, אָדער מאָריסאָן פּלאַן, און צווייטענס, ניט וועגען דער מעגליכקייט אָדער פּראַקטישקייט, נאָר וועגען דער פּאַקטישער רעאַליזירונג פון דער אידישער מדינה. די גרענעצען, דער פאַרגרעסערטער שטח, דער אי־בערגאַנגס־פּעריאָד און ביז דעמאָלסט — די באַלדיגע עליה פון צענדליגער טויזענטער אידען אונטער דער אויפזיכט פון דער אידישער אַגענטור.

לעת־עתה איז נאָך אַלעס אין אַ טונקעלען צושטאַנד. די פאַרהאַנדלונגען גייען אָן און עס איז נאָך ניט קלאָר צי וועט די רעגירונג נאָכגעבען די פאָדע־רונגען צי ניט. די גרונט־באַדינגונגען זיינען אָבער געלייגט געוואָרען. די פּאָלי־טישע ליניע איז אַ קלאָרע. ....

נאָך אַ וויכטיגער שטריך, וואָס איז זעהר דערמוטיגענד. טראָץ דעם וואָס די ענגלישע רעגירונג באַמיהט זיך מיט אַלע כחות דורכצוזעצען איהר פאַר־ניכטונגס־פּראָגראַם. זיינען סיי דער ישוב און סיי די פיהרער פון דער אַגענטור ניט אין קיין פאַרצווייפעלטער שטימונג. דער מצב איז אָהן ספק זעהר אָן ערנסטער און קריטישער, אָבער אַ טיפער גלויבען באַהערשט דעם ישוב, אַז די אידישע גערעכטיגקייט וועט זיגען און דאָס איז די סבה וואָרום דער ישוב האַלט אָן פעסט און עקשנות'דיג זיין קאַמף געגע דער רעגירונג.

י"ט מנחם־אב, תש"ו.

## ב.

אין דער צייט, ווען אין האָטעל „ראָיאַל מאָנסאָ" גייען אָן הינטער געשלאָ־סענע טירען הייסע דיסקוסיעס וועגען די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דעם קעמפּענדען ישוב, ווי אַזוי צו רעאַגירען אויף דעם מיליטערישען טעראָר פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע, וואָס זאָל זיין דער ענטפער אויף דער באַרבאַרי־שער באַציאונג צו די אידישע פּליטים און וועלכע סטראַטעגישע מיטלען זאָלען בכלל אָנגענומען ווערען געגען דעם סיסטעמאַטישען פאַרניכטונגס־פּראָגראַם אונטערצוגראָבען די יסודות פון ישוב — דרעהן זיך אַרום אין דעם גרויסען קאָרידאָר פון האָטעל אַ גרופּע מענשען נאָר וואָס געקומענע פון ארץ־ישראל, פון וועמען איהר הערט ניט קיין טעאָרעטישע וויכוחים און ספּעקולאַטי־

ווע פּאָליטישע באַגרינדונגען, נאָר רעאַלע פאַקטען ווי אַזוי די מענשען פון ישוב, אָהן אונטערשיד פון קלאַס און ריכטונג, פיהלען, טראַכטען און רעאַגירען אויף די טאָג־טעגליכע געשעענישען.

זאָגט צו מיר אַ באַקאַנטע ציוניסטישע פּערזענליכקייט:

„אין דער געשיכטע פון ענגלישע מלחמות געגען אונטערדריקטע פעלקער האָט זי נאָך ניט אָנגעשטויסען זיך אין אַזאַ אַגרעסיווען ווידערשטאַנד ווי דער ווידערשטאַנד פון ישוב. מיר זיינען ניט קיין צוויי פּאַראַלעלע כחות. ענגלאַנד איז פעלזען־שטאַרק און ריזיג מעכטיג. דאָס אידישע פאָלק איז אַן עם עני ואביון, שוואַך און הילפסלאָז, אָבער דער אויסדויער פון אידען איז פיל שטאַרקער ווי דער ענגלישער. מיר זיינען צוגעוואוינט צו צרות, צו ליידען, צו עינויים, און זיי — ניט. דער ישוב קעמפט מיט אַנדערע מעטאָדען. די ענגלישע רעגירונג האָט באַשלאָסען צו פאַרמאַכען די טירען און ניט אַריינלאָזען קיין אידען, און דער ישוב האָט באַשלאָסען: ניין! דאָס וועט ניט פּאַסירען. די טירען פון ארץ־ישראל קען מען ניט צומאַכען און די זיינען ניט צוגעמאַכט. די אומלעגאַלע עליה ציהט זיך דורך אַלע שלייאַכען און וועגען. דאָס איז די תשובה פון דעם ישוב".

און אָט די זיגד קען ענגלאַנד ניט אַרונטערשלינגען. זי פיהלט זיך מורא׳דיג געטראָפען און באַליידיגט. אַזאַ עקשנות׳דיגען ווידערשטאַנד האָבען זיי נאָך ניט באַגעגענט און ניט דערוואַרט.

אויף וויפיל די ענגלישע רעגירונג פיהלט זיך געטראָפען פון דער אומלעגאַלער עליה איז קלאָר באַטאָנט געוואָרען פון מר. בעווין בכבודו ובעצמו, ווען ער האָט אויפגענומען די אַגענטור דעלעגאַציע. „וואָרום שטעלט איהר ניט אָפּ אייער אומלעגאַלע „עליה" — זאָל ער האָבען געזאָגט — איהר מאַכט דאָך חוזק פון אונז פאַר דער גאַנצער וועלט..."

ביי די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע האָט מען דער פראַגע געווידמעט אַ היפּש ביסעל צייט. די אָרגאַניזירונג פון דער בריחה־באַוועגונג אין די בלוטיגע אייראָפּעאישע לענדער און דער אופן ווי אַזוי זיי ווערען געבראַכט נאָך ארץ־ישראל איז דער העלדישסטער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון אידישער מאַרטיראָלאָגיע, ווען דער מאַטעריאַל וועט אַמאָל אויפגעדעקט ווערען, וועט די אידישע עפענטליכקייט ערשט געוואויר ווערען וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג האָט געטאָן, בכדי צו ראַטעווען צענדליגער טויזענטער אידען.

די ענגלענדער רופען עס די „אומלעגאַלע עליה", האָט איינער פון די רעדנער געזאָגט, דער טערמין איז אַ פאַלשער. אידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל איז לעגאַל, די בריטישע אָנפאַלען זיינען אומלעגאַל. דער נאָמען איז ניט וויכטיג, דער עיקר — די געוואגטקייט, די מסירות־נפש'דיגקייט פון מאַנכע ציוניסטישע שליחים וועלכע האָבען די אַרבייט געמאַכט פאַר זייער לעבענס־אידעאַל. ניט אומזיסט שטייען זיי אויף דער שוואַרצער ליסט פון דעם ענגלישען קאָלאָניאַל אַפּיס...

אַרומשמועסענדיג די פראַגע מיט איינעם פון די ארץ־ישראל'דיגע געסט האָט ער מיר געזאָגט:

„די אַזוי־גערופענע „אומלעגאַלע עליה" שטייט ווי אַ ביין אין האַלז דער ענגלישער רעגירונג. איהרע געשולטע סטראַטעגיקער זיינען שטענדיג צעמישט. דער שטראָם ציהט זיך אויף אַלע פראָנטען. טאַנקען, סאָלדאַטען, ביקסען און אייזערנע דראָטען קענען ניט פאַרשפאַרען די היילען און בערג, די האָפענס און גרענעצען. דער שטח פון דער „בריחה" און „הצלה" איז צו גרויס. די אידישע פליטים זיינען גרייט אויף אַלע קרבנות. וואָס האָבען זיי צו פאַרלירען? צו בלייבען אין דער בלוטיגער פוילען, וואו זייער לעבען שטייט שטענדיג אין סכנה איז בעסער?"

— אָבער דערצו איז דאָך נויטיג אַ פאַרצווייגטער אַרבייט־אַפּאַראַט? — האָב איך געפרעגט.

„דער ישוב, דער קליינער ישוב האָט וועגען דעם געזאָרגט. די שליחים פון דער אַגענטור טרעפט מען איבעראַל. זיי באַגעגענען די צענדליגע טויזענטער אידען מיט די פעקלעך און קליינע קינדער אויף די הענט. מען פיהרט זיי, מען טראָגט זיי, מען ברענגט זיי צו באַשטימטע פונקטען און פון דאָרטען נעמט מען זיי — ווען די צייט קומט — קיין ארץ־ישראל. דאָס איז אַן אמת'ער גלגול־מחילות. אויף קיין אַנדער וועג, ווייזט אויס, קען די אידישע גאולה ניט קומען. איהר פרעגט וועגען דעם אַפּאַראַט? איהר וועט באַוואונדערען צו זעהן מיט וועלכער אָרדענונג און דיסציפּלין די רעטונגס־אַרבייט ווערט געפיהרט".

אַ הויכער באַאַמטער פון קאָלאָניאַל אַפּיס האָט זיך געוואונדערט אויף די פאַרשטייער פון דער אידישער אַגענטור, וואָרום זיי פּראָטעסטירען אַזוי שטאַרק געגען פאַרשיקען די פליטים אויף דעם ציפּערן־אינזעל. „דאָס איז דאָך בלויז אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד, האָט ער געזאָגט, און ציפּערן איז אויך ניט ווייט פון ארץ־ישראל".

ווען דער ארץ־ישראל׳דיגער גאַסט האָט געהערט פון דער „חכמה״, האָט ער מיר געזאָגט:

„דאָס פאַרשיקען אויף דעם אינזעל איז פיינליך. די ליידען פון אונזערע ברידער איז צו באַגרייפען. אָבער וואָס מעהרער שיפען זיי וועלען פאַרכאַפּען, מאַכען זיי דעם פּראָבלעם אַ סך ערגער. די „חכמים״ פון דער לייבאָר רעגירונג וועלען פון דעם פּלאַנטער ניט אַרויסקריכען, סיידען זיי וועלען געפינען אַן עהר־ליכע ראַדיקאַלע לייזונג, און דאָס איז — די בוכשטעבליכע פאַרווירקליכונג פון דעם מאַנדאַט. מעגען זיי וויסען, אַז „ציפּערן״ איז פאַר אונז קיין שום שטערונג. אויב פּרעזידענט טרומאַן, וועלכער האָט פאַרזאָרגט ענגלאַנד מיט אַ „קליינינקער״ הלואה פון פינף ביליאַן דאָלאַר, קען ניט פועל׳ן אַריינצולאָזען די הונדערט טויזענט אידען, וועלען מיר עס אַליין טאָן מיט אייגענע מיטלען, מיט אייגענע קרבנות. דאָס איז אַ מלחמה מיט אַנדערע כלי־זיין. די אומלעגאַלע עליה וועט אָנגיין, אָנגיין ביז צו אַ מאַקסימום אפילו אין דער צייט פון דעם „רונדען טיש״ קאָנפערענץ, אויב אַזאַ קאָנפערענץ וועט בכלל פאָרקומען״...

***

ווען די פראַגע פון „נאָן־קאָאָפּעריישאָן״ איז אַריינגעטראָגען געוואָרען דורך די פאַרשטייער פון „ועד הלאומי״ זיינען געווען מיינונגס־פאַרשידענהייטען ניט בנוגע דעם עצם פּרינציפּ פון אָנהויבען אַ נייע פאַזע פון קאַמף, נאָר וועגען דער ראַטזאַמקייט צו טאָן עס איצט, בעת עס ווערען געפיהרט פאַרהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג.

כאַראַקטעריסטיש זיינען די מיינונגען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען:

אויב איהר ווילט, אַז אַ כוואַליע פון יאוש זאָל פאַרכאַפּען דעם ישוב, וואָס דאָס איז אונזער גרעסטער שונא קערט זיך אום צוריק צו דער שיטה פון פּאַסיפיזם, פון הבלגה, האָט איינער גע׳טענה׳ט.

און אָט איז אַ צווייטער אַרגומענט: וואָרום זאָלען מיר ניט לערנען פון די ענגלענדער? ריידען זיי דאָך אויך וועגען פאַרהאַנדלונגען, וועגען אַ „רונדען טיש״ קאָנפערענץ און אין דער זעלבער צייט טעראָריזירען זיי דעם ישוב, פאַר־גוואַלדיגען די נייע עולים, פאַרשפּאַרען טויזענדער אידען אין די תפיסות און צעברעכען אונזערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

האָט מען געהערט אַ שטאַרקערע טענה: אין די גלות־לענדער האָבען מיר זיך געלאָזט פייניגען און טרעטען מיט די פיס. מיר זיינען געווען הילפלאָז.

מיר האָבען שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק אַז אַנדערש קען ניט זיין. אין ארץ־ישראל האָבען מיר דערקלערט קריג דעם גלות. מיר ווילען זיך ניט לאָזען אויסוואָרגען. מיר ווילען קעמפען מיט די זעלבע מעטאָדען. מיר טאָרען ניט קאָאָפּערירען מיט אַ רעגירונג, וועלכע געוועלטיגט מיט דעם כח פון טעראָר.

און אַן אַנדערער האָט צוגעגעבען: דאָס וויכטיגסטע, וואָס מיר האָבען דער־גרייכט אין ארץ־ישראל איז דיסציפּלין און סאָלידאַריטעט. „נאָן־קאָאָפּערײשאָן" איז דער העכסטער אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט. דאָס איז אַ שטילער, רואיגער קאַמף, וואָס וועט טרעפען אין האַרץ פון דער רעגירונג.

דער זעלבער ארץ־ישראל'דיגער איד, וועלכער איז כסדר געווען וואַכזאַם צו די פאַרהאַנדלונגען פון דער עקזעקוטיווע, האָט מיר שפּעטער געזאָגט:

„די עקזעקוטיווע מוז זיין איינגעצאַמט אין איהרע באַשלוסען. זי מעג זיין ווי קריטיש צו דער רעגירונג, אָבער אַזוי לאַנג ווי זי האָט ניט אָפיציעל אי־בערגעריסען מיט דער רעגירונג, מוז זי זיך האַלטען אין געוויסע גרענעצען. אָבער דער ישוב וועט זיך ניט לאָזען בינדען די הענט. דער „נאָן קאָאָפּערײשאָן" וועט דורכגעזעצט ווערען. וואָס די מיטגלידער פון דער אַגענטור טראַכטען אין דער שטיל, ווילען מיר עס טאָן בפרהסיא"...

***

דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע בן־גוריון, וועלכער האָט אַ באַ־שטימטע פּאָליטישע ליניע, אַן עקסטרעם מיליטאַנטישע ליניע און יעדע אָפּ־בייגונג פון זיין שיטה איז פון אים באַצייכענט געוואָרען אַלס „ווישי ציוניזם", האָט געפיהרט די זיצונגען אין אַן עכט דעמאָקראַטישען אופן. אַחוץ די געוויינלי־כע קריטיק פון די מיטגלידער גופא האָט ער אויך צוגעלאָזט אַנדערע פאָרשטייַ־ער פון ישוב, וועלכע זיינען ניט פאַרטראָטען אין דער עקזעקוטיווע, צו פאָרמו־לירען זייערע אָפּאָזיציאָנעלע מיינונגען.

איינער פון זיי האָט געגעבען אַ לענגערען אַנאַליז איבער דעם פּאָליטישען מצב מיט אַ רייע פאָרשלאַגען, וואָס האָבען געקלונגען אַ סך ערגער פון דעם „ווישי־ציוניזם". און אָט איז דער תמצית אין עטליכע שטריכען:

„מיר פאָדערען פאַסיוויזם. מיר שטייען ניט אויף דעם יסוד, אַז ענגלאַנד איז אונזער שונא. מיר גלויבען, אַז ארץ־ישראל מוז האָבען ענגלאַנד'ס הילף. אויף וועמען זאָלען מיר פאַרלאָזען? אויף רוסלאַנד? אויף דער וואַקלדיגער אַמעריקע? צי אויף דער „פריינטשאַפט" פון די אַראַבער? די לעצטע ווילען

נאָך מסתמא אונז געבען טראָבעל. מיר זיינען ניט געזיכערט אָהן די מיליטער־רישע הילף פון ענגלאַנד. אונזער ווידערשטאַנד־אַרמיי איז ניט בכח, טעכניש און מיליטעריש, צו פיהרען אַ מלחמה אויף צוויי פראָנטען. און די הויפט זאַך — מיר טאָרען ניט פיהרען קיין אונטערערדישע מלחמה. די ציוניסטישע באַוועגונג איז אַ לעגאַלע, זאָנסט פאַרלירען מיר דעם מאָראַלישען כח. ענגלאַנד איז געוויס פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם היינטיגען מצב. אונזער צד איז אויך אין גאַנצען ניט ריין. באַשולדיגען ענגלאַנד אין אַנטיסעמיטיזם איז אַן אַבסורד. ציוניזם איז ניט געבויט אויף שנאה. מיר מוזען איוסקלייבען אַ פראָגראַם פון פאַסיוויזם און לעגאַליזם״...

דער דאָזיגער אַנאַליז איז אויסגעהערט געוואָרען מיט ערנסטקייט ווי פיינליך ער איז געווען. דער גרעסטער טייל האָט ניט מסכים געווען ניט מיט דעם צוגאַנג און ניט מיט די אויספיהרונג. אָבער מען האָט זיך צוגעהערט. דער ציוניזם איז אַ דעמאָקראַטישע באַוועגונג. דאָס וואָרפט אָפּ די באַשולדיגונג, אַז די עקזעקוטיווע אונטערדריקט אַנדערע מיינונגען. די דערמאָנטע פּאָליטישע אָריענטאַציע איז ניט ניי. זי ציהט איהר יניקה פון דער מאַגנעס גרופּע, „ברית שלום״, „עליה חדשה״, „השומר הצעיר״ און אַנדערע. עס איז אַ שיטה פון פשרות און קאָמפּראָמיסען. אָבער זיי זיינען אַ מינדערהייט, וועמען עס פעהלט אַ פּאָליטישע חוט־השדרה... זיי זעהען בלויז די טונקעלע זייטען און האָבען ניט קיין צופיל אמונה אין אידישע כחות.

האָט מיר איינער פון די ארץ־ישראל׳דיגע תושבים פאַרזיכערט, אַז די דאָזיגע ריכטונג רעפלעקטירט ניט דעם רוב מנין ובנין פון ישוב.

„קיינער — האָט ער געזאָגט — לעכצט ניט אַזוי נאָך שלום און האַרמאָנישע צוזאַמענלעבונג ווי מיר די אידען פון ארץ־ישראל. אַלע, סיי די וועלכע זיינען געקומען מיט פערציג יאָהר צוריק און סיי די וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון רדיפות, הריגות און טעראָר. מיר זיינען געקומען צו בויען אַ פרידליכען לעבען. מיר האָבען אויפגעבויט דערפער, שטעט און אַן עקאָנאָמישע ווירטשאַפט. ענגלאַנד האָט זיך דערשראָקען פאַר אונזער וואוקס. האָט זי אַנגעהויבען לייגען שטיינער און פראָוואָצירען די אַראַבער, פאַרשלאָסען די טירען, פאַרבאָטען דעם לאַנד־קויף, אַרעסטירט די בעסטע אידישע פירער, מאַכט אַבלאַוועס אויף שטעט און דערפער, צעשטערט אַלע אונזערע פּאָזיציעס, און איצט קומען אידען און רופען צו פּאַסיוויזם. וואָס קען מען אַנרופען אַזאַ שטעלונג? פאַרראַט! בגידה!...״

אָפיציעל ביי דער זיצונג האָט מען זיך מיט די אינערליכע פּראָבלעמען פון דער „הגנה" ניט באַשעפטיגט. דאַרויף זיינען פאַראַן אַנדערע אָרגאַנען אין ישוב. אָבער פון אויטענטישע קוועלען האָב איך ערפאַהרען, אַז די „הגנה" איז אויסגעוואַקסען צו אַ ריזיגען כח אין כמות און אין איכות.

אָריגינעל איז זי ניט געשאַפען געוואָרען פאַר אונטערערדישע צוועקען. פון אָנהויב האָט איהר די ענגלישע ממשלה לעגאַליזירט, בכדי דער ישוב זאָל זיך קענען באַשיצען געגען אָנפאַלען מצד די אַראַבער. דורך דעם משך פון מלחמה, ווען דער ישוב האָט מאָביליזירט די מאַקסימאַלסטע כחות צו העלפען באַזיגען דעם היטלעריזם, האָט די „הגנה" געשטעלט זיך אין גאַנצען צום דינסט פון די עלייס און דאַן האָט זיך אַנטוויקעלט אַן אונטערערדישע באַוועגונג מיט אַלע מיליטערישע איבעונגען און דיסציפּלין פון אַ געשולטער אַרמיי.

אַ געוויסער ענגלישער גענעראַל אין דעם נאָענטען מזרח האָט אין אַ סטייט־מענט אין דער לאָנדאָנער „טיימס" קאָנסטאַטירט, אַז די „הגנה" מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען און פאָרמען איז היינט צו טאָג די גרעסטע און בעסטע „רעזיסטאַנץ־באַוועגונג" אין דער וועלט. די אַומלעגאַלע „עליה" וואָלט ניט געקענט אָנגיין מיט דעם אימפּעט, ווען אונטער איהר שטייט ניט דער כח פון דער „הגנה". די רעגירונג ווייסט, אַז זי קען דעם אָרגאַניזירטען כח ניט צעשטערען. נאָך אַלע איבערפאַלען און אַרעסטען האָט זי צום סאַמען פינטעל פון „הגנה" ניט דער־גרייכט . . .

נאַטירליך, געפינט זיך ניט קיינער אונטער דער אילוזיע, אַז די „הגנה" קען זיך פאַרמעסטען מיט דער ענגלישער אַרמיי, אָבער צרות לרוב קען מען איהר פאַרשאַפען . . . די אַראַבער ווייסען אויך פון דעם סוד. דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין 1929, קען זיך אין ארץ־ישראל מעהר ניט ווידערהאָלען, אַזוי פאַרזיכערען די מענשען, וואָס שטייען נאָענט צו דער „הגנה".

ווען בעווין און האַל האָבען אויפגענומען די ציוניסטישע דעלעגאַציע, וועלכע האָט צוגעשטעלט דעם בפירוש'דיגען באַדינג, אַז אויב די גרינדונג פון אַ אידישער מדינה וועט ניט זיין דער באַזיס פון די דיסקוסיעס, וועט זיך די אַגענטור ניט באַטייליגען ביי דעם „רונדען טיש" קאָנפערענץ, זאָל בעווין האָבען געזאָגט: אַז די באַדינגונגען זיינען ווי פון „באַזיגער צו באַזיגטע"... ווען די פאָרטרעטער פון דער אידישער אַגענטור וואָלטען געקומען מיט דעם פּרינציפּ פון „פּאָסיוויזם און לעגאַליזם" וואָלטען זיי קיינמאָל אַזויגע באַדינגונגען

ניט געקענט שטעלן. צי ענגלאַנד וועט זיך „דערשרעקן" און וועט אָננעמען די באַדינגונגען, איז אַ שאלה. קיין אַנדער לשון פאַרשטעהט זי אָבער ניט. דאָס איז אַ גרויסער פּאָליטישער וואָפּען.

די ראָלע פון דער אָפּאָזיציע אין ציוניזם האָט זיך געביטען. אַמאָל האָט מען באַשולדיגט דער ציוניסטישער פירערשאַפט אין אַ פּאָליטיק פון פּאַסיוויזם, היינט באַשולדיגט מען איהר אין צופיעל, אָדער אין עקסטרעמען אַקטיוויזם...

די שפּורען פון אַזאַ אָפּאָזיציע האָט מען געקענט זעהן ביי די זיצונגען אין פּאַריז, מסתמא וועלען זיי נאָך בולט'דיגער קומען צום אויסדרוק ביי דעם קומענדען ציוניסטישען קאָנגרעס.

כ"ו מנחם־אב, תש"ו.

## ג.

ווען דער צוזאַמענקונפט פון דער אידישער אַגענטור וואָלט פאַררופען געוואָרען בלויז אויף אָנצונעמען די שטאַרקע און מוטיגע דעקלאַראַציע געגען דער צביעות'דיגער שטעלונג פון דער ענגלישער רעגירונג, וואָלט זיך צוליב דעם אַליין געלוינט די גאַנצע מי און טרחה וואָס איז פאַרבונדען היינט צו טאָג מיט אַזאַ צוזאַמענקונפט.

אין די לעצטע עטליכע וואָכען האָבען די צייטונגען אין ענגלאַנד ווי אויך אין פראַנקרייך, געווידמעט פולע קאָלומס מיט ערשט־זייטיגע נייעס וועגען דעם ארץ־ישראל'דיגען פּראָבלעם. באַדייטענדע פּאָליטישע געשעענישען האָבען דורך דער צייט פּאַסירט. קודם־כל האָט די זאַגענאַנטע עקספּערטען קאָמיסיע פוןביידע לענדער, ענגלאַנד און אַמעריקע, פאַרעפענטליכט דעם באַוואוסטען „געטאָ פּלאַן" וועלכען מאָריסאָן האָט פאָרגעלייגט אין פּאַרלאַמענט און צוגעגעבען אויך זיין אייגענעם פּירוש.

נאָכהער איז פאָרגעקומען די באַלאַגערונג אויף תל־אָביב, וואו מען האָט 4 טעג נאָכאַנאַנד געמאַטערט און געפייניגט צענדליגע טויזענטער אידען, איינגעבראָכען עפענטליכע אינסטיטוציעס, געגראַבען און גענישטערט אין אַלע ווינקלען פון שטאָט, אַרעסטירט הונדערטער אומשולדיגע אידען וועלכע האָבען נישט „נושאי־חן" געווען ביי גענעראַל באַרקער'ס שליחים, און ועל־כולם — די מיליטערישע בלאָקאַדע קעגען די פאַרוואָגעלטע אידישע פּליטים וועלכע מען האָט פאַרשיקט אויף אַן אינזעל פּונקט ווי קרימינעלע פאַרברעכער.

די ענגלישע רעגירונג, וויסענדיג, אַז די אידישע אַגענטור וועט די ברוטאַלע עוולות ניט פאַרשווייגען, איז פאַרלאָפען דעם וועג. אירע פּרעסע אַגענטען האָבען אין לענגערע אַרטיקלען געשילדערט די „גרויזאַמע" קאַמפּס־מעטאָדען פון די אידישע „טעראָריסטען" בכדי זיין צו ריינצוואַשען פאַר דער ברייטער עפענטליכקייט.

פּרעמיער אַטלי בכבודו ובעצמו, האָט זיך מטריח געווען אָפּצוגעבען אַ דער־קלערונג אין פּאַרלאַמענט וועגען דער „הומאַניטאַרישער" באַהאַנדלונג פון ענגלאַנד לגבי די אידען און פאַרענדיגט מיט אַ דרינגענדער אויפפאָדערונג צו די איירא־פּעאישע מלוכות וואו אידיש בלוט ווערט פאַרגאָסען יעדען טאָג — זיי זאָלען העלפען אָפּשטעלען די מעכאַנישע באַוועגונג פון אידישער אויסוואַנדערונג וואָס ווערט געפירט פון „געוויסענלאָזע מענשען" און „עקסטרעמע מינאָריטעטען".

די אידישע אַגענטור האָט תיכף רעאַגירט אויף דעם נייעם בלבול, אַז די עליה ־אָנפירער זיינען „געוויסענלאָזע מענשען" און קאַטעגאָריש צוריקגעשליי־דערט די פאַלשע טענות, וואָס זיינען געצילט זיך אויסצופּיינען פאַר דער דרוי־סענדיגער וועלט און באַזונדערס פאַר די וועלכע זיינען פאַרזאַמעלט ביי דער שלום קאָנפערענץ אין פּאַריז און פיל פון זיי טראָגען זיך אַרום מיט אַ ביטערען פאַרדרוס אויף די מעשים תעתועים פון ענגלאַנד ניט נאָר בנוגע אידען, נאָר אויך צו אַנדערע קליינע פעלקער. אין נאָרמאַלע צייטען וואָלט מען זיכער געהערט פון זיי אַ שטאַרקען וואָרט, אָבער אין דעם איצטיגען קריזיס, ווען זייער אייגענער גורל ליגט אין די הענט פון די „גרויסע דריי" מוזען זיי אַלצדינג אַרונטערשלינגען און שווייגען...

**
*

אין דער שאַרפער דערקלערונג פון דער אידישער אַגענטור ווערט אָפּגע־וואָרפען דער „נייער פּרינציפּ" פון דער ענגלישער רעגירונג פאַנאַנדערצוטיילען די אידען אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס. פריער האָט בעווין אונז צעטיילט אַלס אידען און ציוניסטען, שפּעטער אַלס ציוניסטען און טעראָריסטען, און איצט אַ נייע קאַטעגאָריע — מעסיגע און „געוויסענלאָזע עקסטרעמיסטען". די אַגענ־טור אונטערשטרייכט מיט קלאָרקייט, אַז דער קאַמף פון ראַטעווען אידען און זיי ברענגען קיין ארץ־ישראל ווערט געשטיצט פון אַ פאַראייניגטען אידישען פאָלק, וואָס איז גרייט צו קעמפען מיט אַלערליי מיטלען פאַר דער רעאַליזירונג פון דעם דאָזיגען ענד־ציל.

מיר גיבען דאָ בלויז אַ פאַרקירצטען אינהאַלט פון דעם מוטיגען דאָקומענט:

...מיט איהר דערקלערונג וועגען די מיטלען וואָס זי נעמט אָן צו שטע־רען די אַזוי גערופענע „אומלעגאַלע עליה", באַמיהט זיך די ענגלישע רעגירונג צו פאַרטיידיגען אַ רעזשים פון אומגערעכטיגקייט און פון אַ פאַרגוואַלטיגונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע התחייבות'ן וואָס ענגלאַנד האָט גענומען אויף זיך מיט דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל וואו עס ווערט בפירוש געזאָגט, אַז די מאַנדאַטען־מאַכט דאַרף העלפען פאַרלייכטערען די אידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל.

„איידער עס איז נאָך אַרויסגעגעבען געוואָרען דער „ווייס־בוך" פון 1939, איז די ענגלישע פּאָליטיק ניט שטענדיג געריכטעט געווען אין דעם גייסט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ווען דער פּרינציפּ פון אויפנאַמס פעאיגקייט וואָלט געווען אָפּגעהיט, וואָלטען נאָך צענדליגער טויזענטער אידען געקענט אַריינקומען אין ארץ־ישראל איידער די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. די דאָזיגע פּאָליטיק האָט בעת דער מלחמה געשטערט הונדערטער טויזענטער אידען זיך צו ראַ־טעווען און פאַרמיידען די פאַרטיליגונג דורך די נאַציס. די זעלבע אומלעגאַלע פּאָליטיק ווערט פאַרגעזעצט פון דער הייגטיגער רעגירונג, וועלכע האָט ביי פריערדיגע געלעגענהייטען פאַראורטיילט דעם ווייסען בוך אַלס „אַ ציניש נישט געהאַלטענעם וואָרט".

„ניט קוקענדיג אויף דער שטענדיגער פאָדערונג פון פּרעזידענט טרומאַן צו ראַטעווען לפחות הונדערט טויזענט אידען, האָט די רעגירונג נאָך אַלץ זיך אָפּגעזאָגט צו עפענען די טויערען פאַר די לעבען־געבליבענע קרבנות פון היטלעריזם. די שעדליכע פּאָליטיק קען נאָר אויסגעטייטשט ווערען אַלס אַ כונה צו באַפרידיגען דעם מופטי וועלכער האָט אַ היבשען חלק אין דער פאַר־ניכטונג פון די 6 מיליאָן אידען.

„...די רעגירונג זוכט צו שאַפען דעם איינדרוק, אַז דאָס מאַסען־רעטונג פון די אידען פון דעם אייראָפּעאישען גיהנום איז נישט קיין נאַטירלעכע באַוועגונג, נאָר אַ קינסטליכער מעכאַניזם אַרויסגערופען פון „געוויסענלאָזע מענשען" און „עקסטרעמיסטישע מינאָריטעטען". מיר באַהויפּטען אַז דאָס איז גרונדלאָז און פאַלש.

„די ענגלישע רעגירונג האָט אָנגעהויבען אַ נייעם פאָרם פון מלחמה געגען דער אידישער עליה. זי מאָביליזירט אַלע אירע מיליטערישע כחות

צו פאַרטרייבען די אומגליקליכע פּליטים און זיי פאַרשיקען אין קאָנצענטראַ־ציע לאַגערען. דאָס אידישע פאָלק וועט באַטראַכטען די גזירות וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אַרויסגעגעבען געגען זיינע אומגליקליכסטע זיהן און טעכטער, אַלס אַן אַקט פון שרעקליכער גרויזאַמקייט. עס וועט איר נישט געלינגען צו פאַרטיילען די אידען אין „עקסטרעמיסטען" און „מעסיגע". דער פאַראייניגטער ישוב אין ארץ ישראל צוזאַמען מיט די אידען איבער דער גאַרער וועלט וועלען ווייטער פירען דעם קאַמף פאַר דער צוריקברענגונג פון יעדען אידען וואָס וויל זיך צוריקקערען נאָך ארץ ישראל".

***

איך האָב איבערגעגעבען בלויז איניגע שטעלען פון דער תשובה, דער דאָקומענט אַלס אַ גאַנצער, איז דער שטאַרקסטער און אָנגרייפענדסטער וואָס די רעגירונג האָט ווען עס איז געהערט. עס מוז אויך צוגעגעבען ווערען, אַז נישט קוקענדיג אויף דער חלוקי־דעות פון מאַנכע מיטגלידער בנוגע דער טאַקטיק און סטראַטעגיק, זיינען אַלע מיטגלידער פאַראייניגט בנוגע דעם ע צ ם ק אַ מ ף. אין אַזאַ שווערען קריזיס איז די אייניגקייט אַ גרויסע מעלה.

ווען די באַראַטונגען האָבען זיך געשלאָסען איז נאָך ניט געווען קיין קלאָרע תשובה מצד דער רעגירונג, אויב זי נעמט אָן דעם גרונד־פּרינציפּ פון אַ אידישער מדינה, וואָס אָהן דעם וועט די אידישע אַגענטור זיך נישט בייטיילינען ביי דער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן. דער קאָלאָניאַל אָפיס איז ליידענשאַפטליך פאַראינטערעסירט די קאָנפערענץ דורכצופירען איידער עס עפענט זיך די פלענאַרע זיצונג פון דער יונייטעד־ניישאָנס אין סעפּטעמבער. די רעגירונג וואָלט געוואָלט קומען צו וועלכער עס איז „פאַרגלייכונג" בכדי, אַז די פראַגע זאָל ניט געבראַכט ווערען פאַר דער יונייטעד ניישאָנס. אָבער די „אַגענטור" וועט אויף דעם דערמאָנטען פּרינציפּ קיינמאָל נישט מותר זיין. מיר האָבען זיך שוין צופיל אָפּגעבריט פון די פריערדיגע קאָנפערענצען. ווען מיר זאָלען באַשליסען צו געהן צו דער קאָנפערענץ מוז עס זיין אויף אַ קלאָרען פּרינציפּ און נישט זיך פאַרלאָזען מער אויף דער רעגירונגס יושר...

דער געשריי פון מאַנכע ענגלישע צייטונגען אַז ענגלאַנד האָט בדעה אויפצוגעבען דעם מאַנדאַט, איז נישט מער ווי אַ סטראַשונאַק. נאָך איר עוואַקואַציע פון מצרים איז ארץ־ישראל איר איינציגער מיליטערישער שוץ־

פונקט. די לאָנדאָן „טיימס", וועלכע איז דאָ זעהר פאַרשפּרייט צווישען די ענגלישע קרייזען, האָט עדיטאָריעל אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז נישט קוקענדיג אויף די פיל „טראָבעלס" וועט ענגלאַנד נישט אַזוי שנעל פאַרלאָזען ארץ־ישראל. און מערקווירדיג איז אויך דער קוריאָז, וואָס די „טיימס" האָט אָפּגעדרוקט אַ בריוו פון אַן אַנאָנימען לעזער, וועלכער מאַכט אַ פאָרוואורף דער צייטונג וואָס זי באַנוצט זיך מיט׳ן וואָרט „מאַנדאַט", בעת אַלע ווייסען, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ פיקציע, ווייל ארץ־ישראל איז געוואָרען אַ טייל פון דער בריטישער אימפּעריע...

אין די קרייזען פון דער אַגענטור איז מען ניט איבעריג אָפּטימיסטיש וועגען דער תשובה פון דער רעגירונג, אָבער די ליניע פון דער אַגענטור איז אַ קלאָרע און אַ פעסטע. די פאָדערונגען וואָס מען האָט געשטעלט זיינען מינימאַלע און אויף קיין ווייטערדיגע קאָמפּראָמיסען וועט מען ניט איינגעהן.

ווען איינער פון די מיטגלידער האָט געפרעגט: וואָס וועט זיין דער ווייטערדיגער פּאָליטישער קורס — איז די תשובה געווען: „מיר וועלען זיך ניט אונטערגעבען! מיר וועלען ווייטער קעמפען"...



דער פּאָליטישער קאַמף אונזערער איז געבויט אויף דריי יסודות: הצלה, עליה און הגנה. דאָס איז אייגענטליך געווען די ליניע ביז אַהער, אָבער דער פּראָגראַם וועט מוזען אויסגעברייטערט ווערען אויף אַ פיל גרעסערען מאסשטאַב. די אַרבייט איז איצט אַ סך און אַ סך שווערער ווייל די רעגירונג איז ענטגילטיג אַנטשלאָסען די „אומלעגאַלע" עליה צו באַקעמפען, פאַר אונז איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ. ווען מען זיצט אין פּאַריז עטליכע וואָכען און מען טרעפט זיך פּנים אל פּנים מיט אידישע צרות און חורבנות, קען מען ניט קומען צו קיין אַנדער מסקנא.

פּאַריז, פונקט ווי „עליס איילאַנד" אַמאָל, איז „די שטאָט פון טרערען". מען טרעפט דאָ נישט קיין קיבוץ־גליות, נאָר אַ „קיבוץ פון אידישע חורבנות. יעדער עפענטליכער פּלאַץ איז איבערגעפילט מיט אידישע פּליטים. איר דערקענט באַלד אויף די פּנימ׳ער ווער זיי זיינען. דאָס זיינען שאָטענס פון מענשען, גייסטיג און קערפּערליך, צעבראָכענע, הילפלאָזע, היימלאָזע. זיי בענקען נאָך איין זאַך — אַ שטיקעל מנוחה...

מיר איז אויסגעקומען צו באַגעגענען צענדליגע און צענדליגע אידען, אַנטלאָפענע פון דער בלוטיגער פוילען. איין נוסח האָב איך געהערט פון אַלעמען: „די פאַרבליבענע אידען אין פוילען זיצען אויף אַ וואולקאַן. יעדע שעה זיינען זיי איינגעשטעלט מיט׳ן לעבען. עס געהט נישט אַוועק איין טאָג אָהן אַ פּאָגראָם, אָהן הריגות און אָהן רדיפות. זיי מוזען אַנטלויפען וואָס גיכער. ראַטעוועט זיי אונטער אַלע אומשטענדען און אונטער אַלע באַדינ־גונגען".

אַט דער געפיל פון ראַטעווען אידען האָט זיך געשפּירט ביי די זיצונגען פון דער אַגענטור. די באַטייליגטע האָבען ווי אויף זיך גענומען אַ מין שבועה, אַז זיי וועלען ניט בלייבען רוהיג אַזוי לאַנג ווי אַן איינצעלנער איד איז פאַר־בליבען אין דער פאַרבלוטיגטער פוילען...

בשעת מען האָט דיסקוטירט די פראַגע פון „נאָן־קאָאָפּעריישאָן" האָט איינער פון די רעדנער געזאָגט: „מיר האָבען געלעבט אין טעות. מיר האָבען די גאַנצע צייט זיך איינגערעדט, אַז די ענגלענדער וועלען אויף אונז ניט שיסען אָבער זיי שיסען יאָ. מיר האָבען זיך אויך איינגערעדט, אַז זיי וועלען רחמנות האָבען אויף אידישע פּליטים, די צעבראָכענע פאַרוואָגעלטע פּליטים, אָבער, ניין, זיי ווייזען ניט אַרויס קיין שום געפיל פון רחמנות. די מלחמה האָט געבראַכט אַ סך אַנטוישונגען. די גזירות פון דער לייבאָר רעגירונג זיינען אַ גוטער ביישפּיל. פאַר אונז בלייבט איינס פון די צוויי, ענטוועדער זיך אונטערצוגעבען און בלייבען פאַרשקלאַפט, אָדער צו קעמפען און בלייבען פריי. מיר קלויבען אויס דאָס לעצטע".

אין אַן אומרוהיגער שטימונג האָבען זיך די זיצונגען פאַרענדיגט. קיין נעילה־וואָרט איז ניט געזאָגט געוואָרען. דער פאָרזיצער האָט אַפילו ניט דערלאָזט מען זאָל אים אויסדריקען אַ דאַנק פאַר זיין פּראַקטישער און דעמאָ־קראַטישער פירונג. מען איז געווען א ו מ ר ו ה י ג, אָבער ניט ע צ ב ו ת׳־ד י ג. ביי יעדען איינעם האָט אָבער געהערשט דער פעסטער געפיל: „מיר וועלען זיך ניט אונטערגעבען! מיר וועלען ווייטער קעמפען!"...

***

איך בין אַרויס אין גאַס. איך האָב געדורשט נאָך אַביסעל לופט. האָב אויך געוואָלט דורכלופטערען מיינע מחשבות, אָבער זיי האָבען מיך נישט צורוה געלאָזט. אַ פאַרייזער חבר האָט מיך מיטבאַגלייט.

— וואוהין ווילט איר געהן? — האָט ער געפרעגט.

— פירט מיך צום פּלאַץ וואו דר. הערצל האָט מיט פופציג יאָר צוריק געשריבען זיין „יודענשטאַט".

אין אַ האַלבע שעה אַרום זיינען מיר געשטאַנען אין דעם „האָטעל דע קאסטיעל" וואו הערצל האָט זיך אויפגעהאַלטען בעת זיין פאַרווייל ען אין פאַריז.

אין איינעם פון די צימערען, האָט הערצל געטרוימט, געטראַכט, געאַרבייט, געקעמפט מיט זיך אַליין, און אַנגעשריבען, מיט בלוט פון האַרצען, דעם קליינעם ביכעל, וואָס איז געוואָרען דער ליכט־טורעם פאַר די קומענדיגע דורות.

זיבּט דאַמאָלט האָבען פאַסירט גרויסע וועלט־איבערלעבונגען: לענדער און פעלקער זיינען חרוב געוואָרען; פיל וועלט חלומות און אידעאַלען זיינען צערונען געוואָרען, נאָר איין חלום — דער גרויסער הערצל חלום פון אַ „יודענשטאַט" האַלט ביים ווערען אַ ווירקליכקייט. נישט אַזוי גרינג וועט עס אָנקומען. מען וועט נאָך דאַרפען דורכליידען אַ סך יסורים, קרבנות און מסירות־נפש, אָבער דאָך אַ ווירקליכקייט!

און ווען מיר איז שפּעטער אויסגעקומען דורכצופאָרען דעם פּראַכט־פולען היסטאָרישען „לאַ קאָנקאָרד" — דער קאַמפּס־פּלאַץ פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָט אין מיר אויפגעפלאַקערט מיט אַ הייליגען ברען אַט יענע תשובה:

„מיר וועלען זיך ניט אונטערגעבען! מיר וועלען ווייטער קעמפען! קעמפען אַזוי לאַנג ביז מיר וועלען, מיט דער הילף פון דעם שומר־ישראל, אונזער פרייהייט און אונזער דערלייזונג דערגרייכען".

פאַריז, ג׳ אלול, תש״ו.

# וואָס פאַר אידען מען באַגעגענט אויף'ן וועג נאָך אייראָפּע

## א.

אויף דער האָלענדישער שיף, וואו איך געפין זיך שוין עטליכע טעג אויף מיין רייזע נאָך אייראָפּע, זיינען ניטאָ קיין סך פּאַסאַזשירען, אין גאַנצען אַרום הונדערט און צוואַנציג. צווישען זיי זיינען אויך ניטאָ קיין סך אידען אָבער דווקא אין דער ווינציגקייט זעהט זיך אָמשאַרפסטען אַרויס דער אידישער חורבן און די אידישע טראַגעדיע. די בילדער, וואָס איך באַגעגען, זיינען מיר ניט ניי. איך האָב געהערט וועגען זיי פריער, אָבער — אינו דומה שמיעה לראיה. האָבען מיר אַלע געדענקט, אפשר וועט די מלחמה מיט אַלע אירע ביטערע קאָנסעקווענצען איבעראַנדערשען אונזער גלות פּסיכאָלאָגיע און די באַציהונג צו זיך אַליין; אפשר וועט קומען אַ רעוויזיע אין אונזערע נשמות און אונזער אידען־גאַנג, אָבער, ווי עס שיינט, זיינען מיר ווייט ניט דערגאַנגען. אין די לאַנגווייליגע טעג און שלאָפלאָזע נעכט, וואָס איך מאַך דורך אויף'ן שיף, לויפט דורך די האַרבע שאלה: רבונו של עולם! וואָס איז געוואָרען מיט דעם פאָלק ישראל? . . .

ביים אַרויפשטייגען אויף'ן שיף האָב איך געזעהן פאַר מיר בלויז עטליכע אידען, און די איבעריגע — ניט לויט זייער אויסזעהן און ניט לויט זייער שפּראַך איז קענטיג געווען אַן אידישען אויסדרוק. דער בלבול הלשונות, די געמישטע טישען פון עסען און טרינקען, און די געמיינשאַפטליכע פאַרווילונגען מאַכען אַייך אויס מומחה צו דערקענען אַ אידישען פּרצוף. האָב איך אין די ערשטע צוויי טעג זיך געפיהלט אַ היבש ביסעל עלענד און אַיינזאַם, זיצענדיג אין אַ פרעמדער אַטמאָספערע מיט פרעמדע בליקען, וואָס מען וואַרפט אויף אייך כסדר.

אידישע פונקען קענען זיך אָבער אַ לייגערע צייט ניט אויסבאַהאַלטען. זיי רייסען זיך דורך ווי פינקעלדיגע שטערען צווישען די דיקע־גראָבע וואָל־קענס. אָט, דאַכט זיך, פאַרשווינדען זיי און באַלד בלישטשען זיי ווידער אויף.

אויף דעם דריטען טאָג האָבען אידישע נשמות אָנגעהויבען זיך אַרויסרוקען פון זייערע שטילע חדרים׳לאַך. די אייניקלאַך פון די עלטער־זיידעס, וואָס האָבען זיך געלאָזט ברענען אין די שפּאַנישע אינקוויזיציעס, האָבען ניט געקענט מעהר שטיקען אין זיך דעם נאַציאָנאַלען אינסטינקט. דורכגעהענדיג און זעהענדיג פאַר זיך אַ אידישען אידען מיט אַ אידישען ספר אין האַנט, האָבען זיי זיך איינציגווייז־איינציגווייז אָפּגעשטעלט, אַ נויג געטאָן מיט׳ן קאָפּ און אַ פרעג געטאָן אין איינע פון די דריי לשונות: ענגליש, פראַנצויזיש און האָלענדיש — אַ איד? און ווען דער ענטפער איז געווען: ״יאָ״, האָט מען דערקענט שטראַלען פון שמחה. דער איד האָט זיך אַנטפּלעקט. די שפּראַך איז, נאַטירליך, אַ וויכטיגער פאַקטאָר, אָבער מיר האָבען זיך שוין ווי עס איז דורכגערעדט, און וואָס מען האָט ניט דערדעדט, האָט מען עס דערגענצט מיט די הענט. עס איז געווען ליהודים׳דיג. אידען זיינען אַ טייערע אומה. זיי פאַרשטעהן זיך אויף אַלע שבעים לשונות....

אויבערפלעכליך האַלט זיך דער האָלענדישער איד קאַלט, רוהיג, ניט־עמאָציאָנאַל און צוריקגעהאַלטען. עס איז אָבער אַ טעות. רעדט מיט איהם זיך פאַרנאַנדער, דערשפּירט מען באַלד אַ נאָענטקייט און אומרוהיגקייט. זיין נשמה איז אַ וואַרימע און אַ ריהרענדע. די מורא׳דיגע קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפען די אידען אין אייראָפּע, האָט אויך שטאַרק אָנגעגריפען דאָס האָלענדישע אידענטום. פון די העכער 160 טויזענט אידען, וואָס זיי האָבען געצעהלט ערב דער מלחמה, זיינען איצט קוים 25 טויזענט, צווישען זיי אַ געוויסע צאָהל אַסימילירטע און געטויפטע. מיט וועמען מען רעדט, דערהערט מען אַ טיפען קרעכץ. ניטאָ קיין הויז וואָס האָט ניט געליטען. די רוצחים האָבען געפיהרט אַ ריכטיגע בוכהאַלטעריע. זיי האָבען קיינעם ניט געשאָנעוועט, אפילו די אַסימילירטע אידען פון דריטען און פערטען דור.

מייסטע פון די פאַסאַזשירען האָבען זיך אין צייט געראַטעוועט און אין געוויסע פעלע איבערגעלאָזט די געשעפטען אין ניט־אידישע הענט. זיי ריידען בכלל מיט דאַנקבאַרקייט צום האָלענדישען פאָלק, וועלכע פילע האָבען אייגעשטעלט די לעבענס צו ראַטעווען אידען. איצט פאָהרען זיי ענטוועדער צו ליקווידירען די געשעפטען, אָדער צו מאַכען פאַרבינדונגען צווישען האָלאַנד און אַמעריקע. די פאַרביטערונג, וואָס שפירט זיך פון זייערע רייד, וואָס דער גורל צווינגט זיי אָפּצורייסען זיך פון זייער געבורטס־פּלאַץ, וואו זיי וואוינען פאַר

דורות־לאַנג, איז אַ פאַרשטענדליכע זיי מאַכען דדרך אַן אינערליכע ראַנגלעניש.
דאָס האַרץ ציהט זיי צוריק נאָך האָלאַנד, און דער קאָפּ — נאָך אַמעריקע.

אויף וויפיעל די אידישע הויז איז צעבראָכען זעהט מען בולט'דיג, ווען מען קומט פּנים אל פּנים מיט די עלעמענטען. דער גייסטיגער חורבן איז פיעל גרעסער, ווי דער פיזישער. די טראַגיש־קאָמישע קוריאָזען, וועלכע כ'האָב אויף'ן שיף באַגעגענט, זיינען סימבאָליש ווי פּיינליך אונזערע וואונדען זיינען.

— אַנטשולדיגט, העדר, האָט איר ניט גערעדט ביי דער מאַסען־דעמאָנ־סטראַציע אין מעדיסאָן סקווער פּאַרק? — פרעגט ביי מיר אַ יונגע מיידעל, וועלכע האָט אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ יונגענמאַן אויף'ן „דעק".

ביידע האָבען ניט אויסגעזעהן צו זיין אידיש.

— יאָ, כ'בין געווען איינער פון די רעדנער. האָט איר מיך פאַרשטאַנען?

— דער אידישער דיאַלעקט איז מיר ניט פרעמד — האָט זי געענטפערט — כ'האָב געלעבט אַ שטיקעל צייט צווישען אידען. מיין ביסעל דייטש האָט מיר אויך אַרויסגעהאָלפען.

— וועלכער אינטערעס האָט אייך געבראַכט צום מיטינג? — האָב איך געפרעגט.

— צוזאַמען מיט מיין מוטער זיינען מיר געגאַנגען צו באַטייליגען זיך אין אידישע ליידען און אויסדריקען דעם צאָרן געגען די ענגלישע ברוטאַלי־טעטען אין פּאַלעסטינע — איז געווען דער ענטפער.

עס איז מיר ניט איינגעגעבען געווען צו שטעלען די פראַגע, כ'האָב זיך אָבער ניט געקענט קאָנטראָלירען און איר געפרעגט: זייט איר אַ אידישע?

מיין דערוואַרטונג איז געקומען. די פראַגע האָט איהר געשטעלט פאַר אַ פאַרלעגענהייט. איהר פּנים איז רויטליך געוואָרען, אָבער זי האָט זיך באַלד באַרוהיגט און געענטפערט:

— כ'בין האַלב און האַלב. מיין פאָטער איז געווען אַ איד און מיין מוטער אַ האָלענדישע. ביי אונז איז עס אַ געוויינליכע דערשיינונג. מיר זיינען געבויגט צו קאָסמאָפּאָליטיזם. רעליגיע איז פאַר אונז קיין שטערונג. מיר זוכען אָפּצו־ווישען די גרענעצען...

— און וואָס האָט פּאַסירט מיט דער פאַמיליע אין דער צייט פון מלחמה?

— מיין פאָטער האָבען די נאַציס דערמאָרדעט צוליב זיין אידישער

אָפּשטאַמונג. מיין מוטער האָבען זיי פּרייגעלאָזען. מיר האָבען זיך געראַטעוועט. איצט פאָהרען מיר צוריק אָפּצוזוכען קרובים. פון מיין פאָטער׳ס צד איז קיינער ניט פאַרבליבען...

צי איר פאָטער, דער קאָסמאָפּאָליטיקער, וועלכער האָט געזוכט „לעזען״ דעם אידישען פּראָבלעם אויף דעם אופן ווי זיין טאָכטער האָט געשילדערט, האָט אין די לעצטע שעה׳ן געהאַט הרהורי־תשובה, איז אַ פראַגע. דאָס איז אָבער ניט קיין איינצעלנער פאַל. די אַסימילאַציע און שמד האָבען געשלאָגען טיפע וואָרצלען אין יענע מקומות און אפילו די מלחמה האָט זיי ניט אויסגעריסען...

ווען אַ יונגערמאַן האָט מיך אין מיין קאַבינע געטראָפען מיט דעם טלית און תפילין, האָט ער האַלב־איראָניש, האַלב־ערנסט באַמערקט:

— אין מיין פאָטער׳ס הויז האָב איך עס ניט געזעהן.

— זייט איהר אויך אַ איד?

— כ׳בין וואָס איך בין...

מעהר האָבען מיר די טעמע ניט באַריהרט.

אין אַ ווינקעל פון שיף טרעף איך מאַן און פרוי פון מיטעליעהריגען עלטער און מיט אַן עכט אינטעליגענטען אויסזעהן. שטענדיג פאַרטיפט אין לייענען ביכער. זעלטען, אַז מען טרעפט זיי צווישען די אַלגעמיינע פּאַסאַזשירען. אַלע שטריכען זיינען טיפּיש־אידיש לויט דעם האָלענדישען אָפּשטאַם. זייערע קינדער לערנען אין אַמעריקאַנער אוניווערזיטעט, מיט וועמען זיי זיינען גע־פאָהרען זיך זעהן. אַלע פאָהרען זיי צוריק נאָך האָלאַנד. דאָס לעבען אין אַמעריקע, זאָגען זיי, איז צו ראַשענדיג. דער טומעל פאַרטויבט די מענשען. זיי דורשטען נאָך מנוחה, און דער עיקר שרעקען זיי זיך פאַר דער כוואַליע פון אַנטיסע־מיטיזם, וואָס רוקט זיך אָן אויף אַמעריקע...

— און מיט וואָס זייט איהר זיכער פון דעם אַנטיסעמיטיזם אין האָ־לאַנד? — האָב איך זיי געפרעגט.

— ניטאָ אויף וועמען דער אַנטיסעמיטיזם זאָל חל זיין — האָבען זיי געענטפערט — וועלכער ווערטה האָבען 15 טויזענט אידען צווישען 9 מיליאָן האָלענדער?

— דער אַנטיסימיטיזם איז אַ גיפטיגער באַציל, וואָס איז ניט מדקדק אויף דער צאָהל אידען. ער דרינגט אַריין דורך אַלע שפּאַרונעס און פאַרגיפטעט די לופט — האָב איך אַרגומענטירט.

— אָבער אַמסטערדאַם, אַמסטערדאַם איז דאָך בעסער, רוהיגער און טראַדיציאָנעלער. ביי אייך אין אַמעריקע פעהלען די אַלע עלעמענטאַרישע זאַכען...

— און וואָס איז מכח ארץ ישראל?

— אַך, דאָס איז אַ צו רעוואָלוציאָנערע אידעע. מיר זוכען רוהיגקייט...

די רייכע אידען אונזערע האָבען גאַרניט געלערענט. זיי שרעקען פאַר אַמעריקאַנער אַנטיסעמיטיזם און ציטערען פאַר ארץ־ישראל׳דיגע רעוואָלוציאָנערישקייט, און דער היוצא מדבריהם איז — צו פאַרבלייבען ווייטער „רוהיג" אין דעם אייראָפּעאישען גלות.

זיינען די דאָזיגע טיפּען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר די אַנדערע טיילען פון דעם שארית החורבן?

ניין! עוד לא אַלמן ישראל! פון די צוויי דריי אידען, וואָס איך האָב באַגעגענט ביים ארויפגעהן אויפ׳ן שיף האָלט איך שוין איבער דריי מנינים. מיט יעדען טאָג וואַקסט אונזער אידישער קרייז. האָב איך אויך באַגעגענט גאַנץ וואוילע, האַרציגע, אידישע נשמות, וועלכע פיהלען אידיש, טראַכטען וועגען דער אידישער צוקונפט. האָב איך אויך געטראָפען מאַנכע מיט שטאַרקע רעליגיעזע נייגונג, כאָטש ווען עס קומט צו הלכות־אכילה דערקענט מען עס ניט...

אָבער פון דער זעלבער צרה ליידען מיר דאָך אויך אין אונזער אייגענער אַמעריקע. ווער איז עס היינטיגע צייטען אַזוי שטאַרק מקפיד אויף כשרות און ווארום זאָלען די האָלענדישע אידען בעסער זיין?

אין אַ שעהנעם נאָכמיטאָג איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברייגגען אין אַ קרייז פון עטליכע אידען, וועלכע האָבען גערעדט מיט שטאָלץ וועגען דער אַמאָליגער אַמסטערדאַמער קהלה, וועגען די רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וועגען דער אַלטער פאָרטוגעזישער שוהל און אפילו וועגען דעם גרויסען פילאָזאָף שפינאָזא, וועמען מען האָט מחרים געוועזן פאַר זיינע אַנטי־רעליגיעזע מחשבות.

טראָץ מיין נייע באַגעגעניש, האָב איך אין דעם קרייז געפיהלט זיך זעהר היימיש און שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם געשפּרעך.

איינע פון די פרויען, וועלכע שטאָלצירט מיט איהר פאָטער׳ס הויז, האָט איראָניש גערעדט וועגען דער קאָמאָפלאַזש־אידישקייט אין אַמעריקא און געשילדערט אין אַ געמישטער העברעאישער טערמינאָלאָגיע וועגען דער פרומקייט פון איר פאָטער„ וועלכער איז געוועזן אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ מדקדק במצוות, אַ מיטגליד פון דער חברה משניות און אַ באַזוכער יעדען טאָג

אין סינאַגאָגע צום מנין. און ווי שעהן האָט דער שבת אויסגעזעהן אין זייער הויז! דער „שבת־גוי" האָט געוואוסט זיינע פליכטען און קיינער פון די קינדער האָט זיך ניט צוגערירט צו קיין זאַך צוליב דער קדושה פון שבת. מיט אַ באַזונדער פאַרעהרונג האָט זי גערעדט וועגען דער גאָטזעליגער מוטער — און מערקווירדיג, זי איז געווען אַ גיורת׳טע... — וועלכע האָט געטראָגען אַ גרויסען שייטעל און שטרענג ערצויגען די קינדער כדת משה וישראל...

אַזוי האָט גערעדט אַ האָלענדישע אידישע טאָכטער, די פרוי פון אַ פּאָרטוגעזישען אידען, אַן אור־אייניקעל פון די שפּאַנישע־פּאָרטוגעזישע פּליטים.

האָב איך אויך אויסגעהערט די זעהר ערנסטע רייד פון אַ צווייטען אידען, אַ צוריקגעצויגענער געשעפטס־מאַן, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אַמסטערדאַמער קהלה־לעבען, איינער פון די אָנגעזעהענסטע עסקנים פאַר ארץ ישראל און פון די עלטסטע אידישע משפחות אין האָלאַנד.

„שוין פיעל דורות — האָט ער געזאָגט — אַז מיר וואוינען דאָרטען. מיר האָבען זיך באמיהט ניט מבייש צו זיין די פריהערדיגע דורות. מיר האָבען פאָרטגעזעצט די גאָלדענע קייט, וועלכע, איך האָב מורא, ווערט איצט צעריסען. האָלאַנד האָט פאַרמאָגט באַרימטע אידישע מנהיגים. מיר האָבען אויך אַ סך געטאָן פאַר ארץ ישראל. די לעצטע קאַטאַסטראָפע האָט אונז אויפגעטרייסעלט. מיר האָבען פאַרלוירען די גרעסטע צאָהל אידען. דער שונא האָט אַלעמען גע־שניטען אונזער יוגענט איז אָוועקגעריסען געוואָרען. מיר פאַרלירען דעם באָדען פון אונטער די פיס. זעהר ווייניג טראַכטען וועגען אונזער מצב. אַמאָל האָט דאָס האָלענדישע אידענטום געראַטעוועט דאָס שפּאַנישע אידענטום. היינט מוזען מיר אָנקומען צו גייסטיגע הילף פון דרויסען. מיר זיינען אָרים אין כחות. מען מוז צעמענטירען דעם אידישען גייסט, און אויב ניט, וועלען מיר פאַלען. זאָלען קומען פון צייט צו צייט אידישע פירער. זאָלען זיי ברייננגען אַ וואָרט פון גייסטיגער דערנעהרונג".

כ׳ביז די גאַנצע צייט געזעסען און זיך איינגעהערט צו די ריהרענדע ווערטער, וועלכע האָבען געמאַכט אַ קאָלאָסאַלען רושם. וועלען מיר דעם רוף דערהערען? און וואָס וועט זיין אונזער ענטפער?

***

מיר דערנעהנטערען זיך צו די ברעגעס פון האָלאַנד. אָה, די גוטע האָלאַנד, וועלכע איז געקומען צו אונזער רעטונג אין די בלוטיגע שפּאַנישע אינקוויזיציע

יאָהרען. דאָס אידישע פאָלק האָט אַ גוטען זכרון. מיר געדענקען אונזערע שונאים, און נאָך מעהרער — אונזערע פריינט.

אַ קוואַל פון מחשבות לויפט דורך. איך טראַכט: וויפיעל טויזענטער, צעהנדליגער טויזענדער אידישע פליטים און אנוסים פון שפאַניען און פאָרטוגאל האָבען דורכגעוואַנדערט דעם זעלבען וועג? וויפיעל מאָל האָט דער גרויסער איר ר' מנשה בן ישראל דורכגעשניטען אָט דעם פאַס ים נאָך ענגלאַנד צו זוכען רעטונג פאַר דעם כלל ישראל? און ביז ווי לאַנג וועלען אידישע פיהרער פאָהרען, שרייען און פראָטעסטירען געגען דער זעלבער ענגלאַנד, ווען מען האָט איז איצט אַזוי פאַרשטיינערט בנוגע אידישע ליידען און אידישע האָפנונגען?

— רבונו של עולם! עד מתי? עד מתי?

# דער סוף פון דער אַמסטערדאַם אידישער קהלה

## ב.

אַזוי שנעל ווי איך בין פרייטאָג אַרונטער פון שיף אין ראָטערדאַם, האָב איך זיך געאײַלט איך זאָל דערציהען צו קומען אויף שבת אין אַמסטערדאַם. די אַלטע אידישע קהלה, די אַמאָליגע עיר ואם בישראל, מיט איהר וואונדער־באַרען שעהנעם שבת, מיט איהרע מוסטערהאַפטע אינסטיטוציעס און מיט טיפּישער אידישער צורה, וואָס ציהט זיך ווי אַ לאַנגע קייט פאַר דורות לאַנג, האָט מיך שטאַרק געצויגען און אימפּאָנירט.

ראָטערדאַם, די מורא׳דיגע חרוב־געוואָרענע ראָטערדאַם, קוקט אויס אַ סך ערגער ווי לאָנדאָן אָדער נעאַפּעל וועלכע כ׳האָב פאַר־אַ־יאָהרען געזעהן. די לאָנדאָנער חורבות מאַכען אַ פּיינליכען רושם, אָבער עס איז אומפאַרגלייכבאַר צו דעם, וואָס מען זעהט אין ראָטערדאַם. די נאַציס האָבען געמאַכט דעם ענערגיש־סטען פאַרזוך די שטאָט אין גאַנצען חרוב צו מאַכען, ווייל זי איז איינע פון די גרעסטע ים־האַפענס אין אייראָפּע. אין דעם שמאָלען פּאַס, וואָס פיהרט צום האַפען, ליגען אויסגעלייגט די צעבראָכענע דורכגעלעכערטע שיפען, אַזוי ווי פאַרוואונדערטע אין די האָספּיטאַלס, וועלכע ריידען צו אייך אויף שטום־לשון: וואַרט, דאָס איז בלויז אַן אָנפאַנג. די אמת׳ע חורבות וועט איר שפּעט זעהן.

די האָלענדישע פּאַסאַזשירען, וועלכע האָבען ניט געזעהן זייער היימלאַנד פון פאַר דער מלחמה אָן זיינען געשטאַנען און געוויינט. איך האָב מיט זיי מיטגעפיהלט. אָט אַזוי וויינען געטרייע קינדער פון אַ פאָלק, ווען זיי קעהרען זיך צוריק צו דער שויס פון זייער מוטערלאַנד און אָט אַזוי וויינען געטרייע קינדער, ווען זיי זעהען, ווי דער שונא האָט זייער לאַנד צעשטערט.

די האָלענדער זיינען פלייסיג און אַרבייטסזאַם. אָבער עס וועט נעמען

יאָהרען לאַנג ביז זיי וועלען די חורבות אָפּרייניגען און נייע בנינים אויפשטעלען. די צעשטערונגס־אַרבייט איז געווען אַ פּלאַנמעסיגע — צו מאַכען די היזקות אַזוי גרויס, אַז מען זאָל מעהר ניט קענען אויפבויען. ניט אומזיסט פּיהלט זיך דאָרטען אַזאַ שטאַרקע פאַרביטערונג געגען דייטשלאַנד. וואָס קלענער די לאַנד איז, טייערער איז זי, און די שאָדענס זיינען מעהר קענטיג. די שטחים פון די חורבות צווישען ראָטערדאַם און האאַג זיינען פון אַזאַ ברייטען פאַרנעהם, וואָס איז ממש אומגלויבליך. דער טייפּעלשער פּלאַן פון די נאַציס איז געווען דאָס קליינע, גוטע, פרייע לאַנד פון דער ערד אָפּצווישען.

***

ווען אונזער אויטאָמאָביל האָט דערגרייכט די שעהנע שטאָדט האאַג, איז אויף׳ן האַרצען עטוואָס לייכטער געוואָרען. האאַג איז כמעט ניט געשעדיגט. ניט ווייל די נאַציס האָבען ניט געוואָלט פאַרשוועכען די שטאָדט, וואו די פעלקער האָבען פאַר יאָהרען לאַנג געטרוימט אויפצושטעלען דאָרטען דעם טעמפּעל פון שלום, נאָר מסתמא צוליב אַנדערע סטראַטעגישע מאָטיוען. ווער קען עס פאַרשטעהן מאָטיווען פון רשעים ? . . .

די אידישע האאַג דערוועקט בכלל אַ סך זכרונות. דאָרטען איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער אַכטער ציוניסטישער קאָנגרעס. דאָרטען האָט געלעבט אַ פיהרענדע ציוניסטישע פּערזינליכקייט ה׳ יעקובס קאָהן, די רעכטע האַנט און נושא כלים פון הערצל׳ן. די ציוניסטישע פיהרער האָבען אַ סך האָפנונג געלייגט, אַז די ציוניסטישע פּאָליטיק זאָל געשטאַרקט ווערען צוליב די אידעאַלען פון שלום, וואָס האָבען זיך געזאָלט פאַרשפּרייטען פון דאַנען.

האָלאַנד איז אין אַלגעמיין אַ לאַנד מיט אַ שטאַרקען פרייהייטס־גייסט. אין קיין לאַנד שפּירט זיך ניט אַזאַ טיעף פאַרוואָרצעלטער חוש פון מענשליכער ברייהייט ווי מען שפּירט עס אין האָלאַנד. אפילו די קאַטאָליקען, וועלכע שפּילען פּאָליטיש אַ דאָמינירענדע ראָלע — היינט צו טאָג זיינען זיי די איינפלוסרייכסטע פּאָליטישע פּאַרטיי — זיינען מעהר ליבעראַלער ווי די ליבע־ראַלען אין אַנדערע לענדער. דער פּויפּסט אין רוים האָט ניט קיין איבעריגע הנאה פון זייער ליבעראַליזם. אין די קלעריקאַלע ספערען איז מען זיי חושד אין אטהעאיזם צוליב זייער חבר׳ען זיך, אין מאַנכע פּאָליטישע פּראָבלעמען, מיט די קאָמוניסטען ווי מען גיט מיר איבער, האָט אויף דער אַטאַקע אין דער רעאַקציאָנערער פּרעסע, געענטפערט דער היינטיגער פּרעמיער — אַ קאַטויליק

— אַז די רעליגיע זעהט ניט קיין שום סתירה צום קאָמוניסטישען עקאָנאָמישען סיסטעם. פון אַ מאַמין אין קאַטוילישער אמונה איז עס בלי ספק אַ געוואגטע דערקלערונג.

די קליינע האָלאַנד מיט איר 9 מיליאָניגע באַפעלקערונג איז ערב דער מלחמה פאַררעכענט געווען אַלס איינע פון קולטיווירסטע און פראָגרעסיווסטע לענדער אויף דעם געביט פון אַגריקולטור. אַפילו איצט, ווען די לאַנד ליידעט פון אַ געוואַלדיגער פאַראַרימקייט — און מען קען עס דערקענען אין דעם אָרימען עסען און אָרימער הלבשה — ווען מען פאָהרט מיט׳ן אויטאָמאָביל אָדער מיט׳ן באַהן דורך די פאַרמס און דערפער, ווערט מען אַנטציקט פון דער מאָדערנער ווירטשאַפט און אויסגעצייכענטער אָרדנונג, וואָס וואַרפט זיך פאַר די אויגען פון דעם דורכרייזער. פראַכטפולע גערטנער, קאָלירפולע בלומען, גרינע גראָזען, שלאַנקעביימער, אַנטוויקעלטע פעלדער, געזונטע בהמות, און ועל כולם — שטילע, געלאַסענע, אַרבייטסזאַמע מענשען, דאָס איז דער איינדרוק, וואָס די לאַנד מאַכט אויף דעם אויסלענדישען באַאָבאַכטער.

אָבער צו וואָס זאָל איך פאַרלייקענען? ניט דאָס האָב איך געזוכט אין האָלאַנד. די גויים, באַזונדערס די גוטע גויים — האָבען ווער עס זאָל וועגען זיי טראַכטען. רופט עס שאָוויניזם, קלעריקאַליזם — מיך קימערט עס ניט. מיין זאָרג איז — דאָס אידישע פאָלק. דער פאַרשטאָרבענער שמריהו לעווין ע״ה האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ער באַמיט זיך צו פאָרען אין באַהן בלויז ביינאַכט. און ער האָט עס מאָטיווירט אַזוי: „די גויים האָבען אונז ניט ליב. ליג איך מיר אין אַ שלאָף־וואַגאָן. ניט זיי קוקען אויף מיר און ניט איך קוק אויף זיי...״ און כ׳בין מוסיף — די גויים זאָרגען ניט וועגען אונז און מיר דאַרפען ניט זאָרגען וועגען זיי...

מיך האָט געצויגען נאָך האָלאַנד צו באַגעגענען זיך מיט די רעשטלעך אידען. את אחי אנכי מבקש! איך בין געקומען זעהן, וואָס איז געוואָרען דער תכלית פון די 160 טויזענט אידען? וואָס האָט פאַסירט מיט זייער אייגענאַרטיג געזעלשאַפטליכען לעבען, מיט זייערע אינסטיטוציעס, מיט זייערע בתי מדרשים, מיט זייערע הייזער און מיט זייערע פאַרמעגענס? מיין הארץ האָט געפלאַצט, כ׳האָב געוואָלט וויסען וואָס איז געוואָרען מיט די אומגליקליכע אידישע יתומים? וואו זיינען זיי? ווער זאָרגט פאַר זיי? און, ואחרון אחרון — כ׳האָב געוואָלט זעהן, וואָס איז געוואָרען פון דער אַלטער אידישער

קהלה אין אַמסטערדאַם, וועלכע פאַרנעמט אַזאַ חשוב׳ען פּלאַץ אין אונזער געשיכטע פאַר הונדערטער יאָרען פון פאַר און נאָך דעם גירוש פון שפּאַניע?...

***

און אַט געפין איך זיך אין דער שטאָט אַמסטערדאַם. שבת אין דער פרי׳ה געם איך אַ לייגגערען שפּאַציר איבער אירע גאַסען און בולוואַרדען

— ווילט איר פיליכט זעהן די גרויסע בירזשע, די שטאָדט־געביידע אָדער די באַוואוסטע רעמבראַנדט קונסט־הויז? — פרעגט מיך דער וועג־ווייזער פון האָטעל, אַ יונגער האָלענדישער בחור מיט אַ אידישען אויסזעהן, וועלכער האָט מיר אַ סך דערצעהלט וועגען די ברוטאַלע נאַצישע רציחות אויף די אידען.

— ניין, פירט מיך איבער די אידישע שכונות, אידישע אינסטיטוציעס, דעם צענטער פון אידישען לעבען — ענטפער איך.

— אָה, ליבער הערר, דאָס איז שווער צו געפינען. זיי האָבען אַלצדינג צעשטערט, צעראַבעוועט, פאַרברענט. אַמאָל איז די גאַס פול געווען מיט אי־דישע געשעפטען. היינט זיינען זיי ניטאָ. די נאַציס האָבען אַלץ ליקווידירט.

— פירט מיך אין דער אַמאָליגער אידישער געטאָ, אין דער באַוואוסטער „יודענשטראַססע״ — האָב איך פאָרגעלייגט.

אין צען מינוטען שפּעטער האָבען מיינע פיס געטראָטען אין דער אַלטער „יודען־גאַס״, וואו עס האָבען מיט הונדערטער יאָרען צוריק געלעבט אַזעלכע אידישע גדולים ווי ר׳ מנשה בן ישראל, ר׳ משה זכות, ר׳ שאול מאַנטיירא, דער גרויסער אידישער פילאָזאָף שפּינאָזא, און אַנדערע.

און דער וועג־ווייזער גיט מיר אַ סימן: „וואו איר טרעפט אַ צעשמעטערטע אָדער פאַרברענט הויז, איז עס אַ אידישע...״

און ער זעצט ווייטער פאָר: ״גלויבט מיר, יעדעס מאָל, ווען אַ אידישע הויז האָט געברענט, האָבען געברענט אונזערע הערצער מיט צאָרן. אָבער וואָס האָבען מיר געקענט טאָן?...

***

ואני בתוך החורבן!...

מיינע אויגען טונקלען... מייַן האַרץ ווערט אין שטיקער צעריסען... חורבות נאָך חורבות, פאַרברענטע הייזער, צעשטערטע קראָמען, צעריסענע מעבעל, צעוואָרפענע ספרים, צעראַבעוועט אידיש האָב און גוטס...

און ער פירט מיך איבער דעם אַלטען „יודען־מאַרק״, וואו עס פלעגט שוויבלען דער אידישער מסחר, אידישע קונים, אידישע סוחרים. אַלץ אַמאָל. היינט — גאַנץ ווייניג. „שווער צו באַקומען אַ אידען״ — זאָגט דער באַגלייטער. וויל איך ביט אום שבת אין אַמסטערדאַם זוכען קיין אידישע פנים׳ער... זיי זיינען יעדענפאַלס ניטאָ. אַנדערע פאַרנעמען זייערע פלעצער.

מיר געהען ווייטער. אָט שטעהען מיר פאַר אַ גראַנדיעזער שוהל, וועלכע איז אינעווייניג אינגאַנצען פאַרברענט ווי אויף צו להכעיס האָבען זיי דעם דרויסען איבערגעלאָזט אומבאַשעדיגט. פון די הויכע טירען פון אויבען שיינען די גאָלדענע אותיות: „מי יתן מציון ישועת ישראל יגל יעקב ישמח ישראל לפ״ק״. איבער צוויי הונדערט יאָר עקזיסטירט די שוהל און די ערשטע גריגדער האָבען שוין דאַמאָלסט מכוון געווען, אַז די אידישע ישועה קען נאָר קומען פון ציון...

מיט דער הילף פון דעם וועג־ווייזער צוזאַמען מיט צוויי שילער פון דערבייאיגער „אָרט״־שולע, האָב איך זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די שטיגען ביז מיר האָבען דערגרייכט דעם פאַרברענטען „עזרת נשים״, פון וואַנען מיר האָבען אַרונטערגעקוקט, ווי די נאַצי־רשעים האָבען מטמא געווען אידישע הייליגטימער. דאָס פאַרברענטע אַש פון די ספרי־תורות האָט אַרויפגעקוקט צו אונז. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי לאָזען טרערען... אַ שטראָם פון טרערען האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסען. ניט ווילענדיג, האָט זיך פון מיר אַרויסגעשריען אַ גרויס געשריי:

— א—ל נקמות ד׳!... א—ל נקמות ד׳״!...

מיט געבויגענע קעפּ זיינען מיינע באַגלייטער געשטאַנען און ביי געזעהן די רירענדע סצענע. ווער קען עס וויסען אין האָלאַנד, אפשר זיינען דאָס אידישע קינדער...



מיט פופצען מינוט שפּעטער בין איך געשטאַנען אין דער אַלטער היסטאָרישער פּאָרטוגעזישער שוהל וועלכע איז געבויט געוואָרען מיט עטליכע הונדערט יאָר צוריק דורך די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע פּליטים. די נאַצישע רוצחים האָבען איר ניט געשעדיגט צוליב דער אַלטימליכקייט. דאָס איז די איינציגע זאַך, וואָס זיי האָבען געלאָזען אומבאַרירט. בין איך געשטאַנען די גאַנצע צייט מיט הייליגע ציטערניש און באַטראַכט די אַלטע סטרוקטור — אַ

מאָדעל פון די אַמאָליגע שפּאַנישע שוהלען — די גרויסע מעשענע לאַמפּען, דעם ארון קודש, די בימה נעבען טיר, די ביינק — אַלצדינג לויט דעם אַלטען שטייגער כבשנים קדמוניות.

אין אַט דער שוהל — מאַנכע זאָגען אין אַן אַנדער פּלאַץ — איז פאַר־געקומען דער דראַמאַטישער חירום אויף שפּינאָזא׳ן, וועלכער האָט דאַן אויפ־געציטערט די אויסערליכע און די אידישע וועלט. דער גרויסער אידישער פילאָזאָף, וועלכער האָט געוואָלט ראַציאָנאַליזירען דעם בורא עולם, אָדער ווי ער האָט עס פאָרמולירט: „אַמאָר דעי אינטעלעקטואַלי" („שכל׳דיגע ליבע צו גאָט") האָט ניט ווייניג מיטגעהאָלפען אין דער צעברעכונג פון די יסודות פון דער אידישער אמונה, צו דער פאַרשפּרייטונג פון נאַציאָנאַלער כפירה, צו דער סעקולאַריזאַציע פון אידישע הייליגקייטען און צו דער שפּעטעדיגער גרינדונג פון דער רעפאָרם באַוועגונג, וואָס האָט געפירט איבעראַל צו דער מגיפה פון אַסימילאַציע.

זיין פילאָזאָפישע שיטה האָט געהאַט אין זיך ניט קיין ביסעל סתירות. פון איין זייט באַווייזט ער אין זיין „פּאָליטישען טעאָלאָגישען טראַקטאַט", אַז די צייט וועט קומען, ווען אידען צוריק אויפבויען זייער אידישע מלוכה און פון דער צווייטער זייט מאַכט ער אַ חורבן פון אידישען פאָלק, פון דער אידישער תורה און פון די אידישע נביאים. ער איז בלי ספק געווען דער גרעסטער פילאָ־זאָף אין די לעצטע הונדערטער יאָרען, אָבער זיין שאָדען פאַר׳ן אידענטום איז גע־ווען אַ סך גרעסער.

די אַמסטערדאַמער רבנים פון יענער צייט זיינען געווען ווייטזעהענד. זיי האָבען געזעהן די גרויסע סכנה, וואָס זיין פילאָזאָפישע שיטה טראָגט מיט זיך. עס מעגען זיין חילוקי דעות צי דער וואָפען פון חירום איז אַ פּראַקטישער און ווירקזאַמער, אָבער זייער כוונה, זייער אויפפאַסונג און זייער איבערצייי־גונג איז געווען אַן אמת׳ע, אַ גרינדליך־היסטאָרישע. דאָס לעבען האָט באַוויזען אַז זייער שטעלונג איז געווען אַ גערעכטע.

די פּאָרטוגעזישע שוהל, וועמענס אָריגינעלער נאָמען איז „תלמיד תורה", האָט געצעהלט פאַר דער מלחמה קרוב צו 9 טויזענט מיטגלידער. היינט צעהלט זי קוים 8 הונדערט. זי איז מורא׳דיג פאַראָרימט געוואָרען. די צאָל מתפללים איז זעהר אַ קליינע, בלויז אַ פּאָר מנינים. און ווען די תפלה האָט זיך פאַרענדיגט מיט דעם ספרד׳ישען ניגון פון „אדון עולם", וואָס האָט געקלונ־

געזען זעהר האַרציג, האָב איך בעת מעשה געטראַכט: אָט די תמימות'דיגע אמונה פון דעם אידישען מ אַ נ אָ ט ה ע א י ז ם — דער גלויבען אין דעם איינציגען אדון עולם — האָט באַשיצט און אויפגעהאַלטען דעם אידישען פאָלק און ניט די גע'פלפול'טע ראַציאָנעלע באַגרינדונג פון שפינאָזא'ס פ א נ ט ה ע א י ז ם, וואָס וויל מצמצם זיין, חלילה, דעם בורא עולם אַלס אַ טייל פון די נאַטור־געזעצען... געגען אָט דער מורא'דיגער כפירה האָבען דאַמאָלסט געקעמפט די גרויסער אַמסטערדאַמער רבנים.

***
***

אויפ'ן וועג צוריק אין האָטעל האָב איך ניט געקענט ריידען. בין די גאַנצע צייט פאַרכאַפט געווען פון אַ ים פון טרויעריגע מחשבות. פראָפּאָרציאָנעל האָט דאָס האָלענדישע אידענטום געליטען מערער פון אַנדערע לענדער. פון די 160 טויזענט אידען זיינען היינט פאַראַן אַרום 15 טויזענט. די אַנדערע 10 טויזענט זיינען געטויפטע און אַסימילירטע. פון דער גרויסער אַמסטערדאַמער קהלה פון קרוב 90 טויזענט זיינען איצט געבליבען צווישען 7 און 8 טויזענט אידען. דער פּראָצעס פון שמד און אַסימילאַציע ווערט שטאַרקער באַזונדערס צווישען דער געבליבענער יוגענט, וועלכע האָט ניט דעם כח בייצושטעהן קיין נסיונות. שווער איז צו געפינען אַ הויז, וואָס זאָל ריין זיין פון געמישטע הייראַט. אַפילו אין די נאָרמאַלע צייטען איז דאָס שוין געווען אַ גאַנץ נאַטיר־ליכע דערשיינונג...

און דאָס טראַגישסטע איז — דער קאַפּיטעל פון די טויזענטער אידישע קינדער, די איבערגעבליבענע יתומים, וועמען די האָלענדישע קאַטוילי־קען האָבען געראַטעוועט בעת דער מלחמה און איצט איז עס אַזוי שווער זיי אַרויס־צונעמען. דאָס אז די פיינליכסטע דערשיינונג פון דער אידישער טראַגעדיע. אומגליקליכע טאַטעס און מאַמעס זיינען פאַרברענט געוואָרען אויף די שייטער־איוועגנס על קידוש השם און זייערע קינדער ווערען דערצויגען אין קאַטוילישע היימען. איז פאַראַן אַ גרעסערער וועהטאָג דערפון?...

אַ ציוניסטישע יונגערמאַן, אַ האָלענדישער מלידה ומבטן, וועמענס משפחה וואוינט דאָרטען שוין דורות לאַנג, האָט אין אַ לענגערען געשפרעך מיר אויפ־געקלערט די אַלע שטרעמונגען, וואָס האָבען עקזיסטירט נאָך פאַר דער מלחמה. „דער אומגליק מיט אונז — האָט ער אויף אַ זעהר אינטעליגענטען אופן אַנאַלי־זירט די לאַגע — וואָס מיר הויבען אָן מאַכען חשבונות נאָר בעת אַ קאַטאַס־

טראַפּע. די שמד מגיפה און די געמישטע חתונות זיינען ניט קיין צופאַל אָדער אַ פּראָדוקט פון דער מלחמה. עס איז דער סך הכל פון אַ דעמאָראַליזירטע אידישע דערציהונג. די שפּראַך איז אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער דערנעהנ־טערונג צו די גוים. מיר האָבען דאָ קיינמאָל קיין אייגענע שפּראַך ניט געהאַט, אַזוי ווי די אידען פון פוילען אָדער ליטע, וועלכע האָבען אַנטוויקעלט אידיש און לעצטענס אויך העברעאיש. דאָס פאַרבינדונג מיט דעם כלל ישראל קען ניט זיין קיין געקינסטעלטע, עס מוז זיין אַן אינערליכע, אַן אָרגאַנישע. איר האָט הייגט באַזוכט די פּאָרטוגעזישע שוהל. אירע גרינדער האָבען געהאַט אַ גרויסע כוונה — דעם המשך פון די אַמאָליגע דורות. זיי, פּונקט ווי די אשכנזישע קהלות, האָבען ניט מצליח געווען. די קייט האַלט ביים צעפאַלען, די רינגען ווערען וואָס ווייניגער, ווייל זיי האָבען קיינמאָל ניט געזאָרגט פאַר דער נאַצי־אָנאַלער איינהייט. ניט זיי און אוודאי ניט זייערע קינדער פאַרשטעהען אַ וואָרט העברעאיש. דער גאָר אַלטער טיפּ מיט די גאָר אַלטע חומשים און מחזורים „בדפוס אמסטערדאַם" זיינען מער ניט בנמצא, ווייל מען האָט ניט געזאָרגט פאַר דעם אינערליכען פלאַם."

אין אַן אומעטיגער שטימונג האָב איך זונטאָג פרי פאַרלאָזען אַמסטער־דאַם אויף דעם וועג נאָך פּאַריז.

כ"ט תמוז, תש"ו.

# די היסטאָרישע שליחות פון הרב הרצוג

## ג.

די נסיעה פון דעם רב ראשי פון ארץ־ישראל, הגאון דר. יצחק אייזיק הרצוג, איבער דעם אייראָפּעאישען עמק הבכא, וואו ער האָט זיך באַגעגענט פּנים אל פּנים מיט דעם שארית הפּליטה, איז איינע פון די וויכטיגסטע נסיעות וואָס אַ אידישער מנהיג האָט ווען געמאַכט. די הונדערטער טויזענטער פאַר־בליבענע אידען זיינען די צעבראָכענסטע מענשען אין דער וועלט. דאָס זיינען שאָטענס, לעבעדיגע מתים, היימלאָזע און הילפלאָזע. ביי דער שלום קאָנ־פערענץ אין פּאַריז זיצען די „גדולי העולם" און מען רייסט זיך אַרום איבער גרעניצען, איבער האַפענס, אָדער, ווי אַנדערע זאָגען — מען גרייט דאָרטען צו דעם באָדען פאַר אַ נייער וועלט־מלחמה...

וואָס די סיבות פון זייערע רייסערייען זאָלען ניט זיין, אָבער די געליטענע פעלקער וועלען מן הסתם עטוואָס דערפון געניסען. שאַדענערזאַץ, רעפּאַראַ־ציעס, רעהאַביליטאַציע — דאָס איז אַלץ פאַר זיי — פאַר די גרויסע פעלקער. אַ שטיקעל ביינדעל וועט מען אויך צוואַרפען צו די קלענערע.

דער אידישער מזל איז אָבער אַזוי שלים, וואָס אַפילו איצט, שוין אַ יאָר צייט נאָך דעם נצחון, איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך פאַר די אידישע תביעות און קריוודעס אָננעמען. די מלחמה האָט אויף דעם גרויזאַמסטען אופן צעטריי־סעלט און צעבראָכען אַלע אידישע יסודות. הונדערטער טויזענטער אידען הענגען ממש אין דער לופטען, זייערע לעבענס אין פילע אייראָפּעאישע לענדער זיינען בוכשטעבליך אין סכנה. די כוואַליע פון גיפטיגען אַנטיסעמיטיזם פאַר־שפּרייט זיך וואָס ברייטער און טיפער. דאָס ביסעל צעבראָכענע אידען אין פאַרבלוטיגטען פוילען, טשעכאָסלאָוואַקיע, און באַזונדערס אין די קעמפּס, פילען זיך מורא׳דיג עלענד און איינזאַם. אַ חוץ וואָס עס פעלט זיי די נויטיגע עלעמענטאַרישע זאַכען, ווי שפּייז, קליידער און מעדיצין, דורשטען זיי, בעיקר,

נאָך אַ לעבעדיגען טרייסט־וואָרט פון אַ גרויסער אידישער פערזענליכקייט, וועלכער פילט זייער צער, שפירט זייער ווייטאָג און לײַדט מיט זיי צוזאַמען.

— פאַרוואָס שעהמט מען זיך מיט אונז? פאַרוואָס באַהאַלט מען זיך פון אונז? וואו זיינען אונזערע גדולים? וואו זיינען ערגעץ זייערע דברי־נחמה? — אַט דער געשריי פלעגט זיך, פון צייט צו צייט, אַריבעררייסען פון דעם עלענדען שארית הפליטה.

און ענדליך איז דער גרויסער וואָרט געקומען! די ערשיינונג פון דעם רב ראשי אין די קעמפּס, אין די צעבראָכענע שטעט און שטעטלאַך, האָט זיי געבראַכט שמחה, חיזוק און נחמה. די רעשטלאַך אידען האָבען זיך פּלוצלונג דערפילט דערהויבען און דערמוטיגט. זיי האָבען געזעהן פאַר זיך דעם גרויסען תורה־ריעז, דער מרא דארעא דישראל, דער פערזאָן וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך גאונות און בקיאות, תורה און חכמה, צדקות און תמימות, און צוזאַמען דערמיט און אומבאַגרעניצטע אהבת ישראל און אהבת ארץ ישראל.

די צעהנדיגע אידען, נאָר וואָס אנטרונענע פון פוילען, וועלכע איך האָב באַגעגענט, האָבען מיר געזאָגט: די רייזע פון דעם רב־ראשי אין פוילען, האָט געראַטעוועט אידישע נשמות, געשטאַרקט זייער אמונה און זיי געגעבען אן אינהאַלט אין לעבען. מיר וועלען קיינמאָל נישט פאַרגעסען זיין באַזוך איבער די חורבות פון דער וואַרשעווער געטאָ, וואו עס ליגען באַגראָבען הונדערטער טויזענטער אידישע קדושים. עס וועט שטענדיג בלייבען איינגעקריצט אין אונזער זכרון די סצענע בשעת די פאַרשטעהער פון די אידישע קהלות אין פוילען, האָבען איהם איבערגעגעבען אַ ספר תורה, וואָס מען האָט געפונען אין איינע פון די גאַסען איינגעטרונקען אין אַ טייך בלוט...

— רבי! מיר גיבען אייך די ספר־תורה אַלס אַ מתנה פאַר דעם ישוב. דאָס איז אַ סימבאָל, אַז די תורה געהט אַוועק פון פוילען... הונדערטער יאָהרען האָבען אידען דאָ געלעבט, געליטען און געשאַפען. דאָ איז געוועזען דער גרעסטער צענטער פון תורה, חכמה און השכלה. מיר קענען מעהר ניט פאַרבלייבען. די ערד איז אָנגעזאַפּט מיט אידיש בלוט. מיר שיקען דורך אייך, גרויסער תורה מנהיג, אַ שטאַרקונגס־וואָרט צום ישוב, וועלכער קעמפט פאַר אונזער רעטונג. דער אויבערשטער וועט זיך אויף אונז מרחם זיין און וואָס שנעלער אונז ברענגען דאָרטען, און מיר וועלען צוריק אויפהאַלטען די תורה און אַ אידיש לעבען ווייטער שפּינען . . .

זיין רירענדער ענטפער, האָט מען מיר ווייטער דערציילט, זייַנע האַרציגע רייד, זיין יאָמערליכער געוויין, איז געווען אַ היילונג און אַ טרייסט. דאָס וועט בלייבען אַן אומפאַרגעסליכער מאָמענט. צוליב דער איינציגער שעה אַליין איז כדאי געווען דעם רב־ראשי׳ס קומען נאָך פוילען.

*
**

ווען איך האָב באַגעגענט הרב הרצוג אין פאַריז, האָט ער אויסגעקוקט דערשעפט און פאַרמאַטערט. פון פאַראַריאַרען אַן, בעת איך האָב איהם באַגעגענט אין ירושלים, איז ער אַ סך פאַרעלטערט געוואָרען. די זאָרג פאַר׳ן כלל ישראל און דער נע ונד זיין שוין קרוב צו 6 חדשים, האָט געלייגט אויף איהם אַ שווערען שטעמפעל. ער האָט באַזוכט איטאַליע, האָלאנד, בעלגיע, טשעכאָסלאָוואַקיע און פוילען. דער לעצטער באַזוך איז געווען דער שווערסטער. מען האָט אים געוואָרענט, ער זאָל אַהין נישט פאָרען, ווייל עס איז פאַרבונדען מיט סכנת נפשות, אָבער, ווי זיין שטייגער, האָט איהם קיין זאַך ניט אָפגעהאַלטען. עס דערמאָנט מיך פון זיין באַזוך ביי אונז אין אַמעריקע. מאַנכע ענגלישע קאָרעספאָנדענטען האָבען איהם דאַמאָלט געוואָרענט, ער זאָל ניט אונטערנעמען אַזאַ ריזיקאַלישע נסיעה איבער׳ן ים, האָט ער עקשנות׳דיג געענטפערט:

— קיין סכנות וועלען מיך ניט אָפשטעלען. איך מוז פאָהרען צוריק נאָך ארץ ישראל. וואָס עס וועט פאַסירען מיט דעם ישוב זאָל אויך פאַסירען מיט מיר...

און ער איז געפאָהרען. דאָס זעלבע האָט ער אויך געטאָן בנוגע צו פוילען. פון דעם טאָג אָן וואָס די מלחמה האָט זיך געענדיגט האָט ער נישט געקענט רוהען. כסדר געהאַלטען אין איין רײדען וועגען באַזוכען דעם שארית הפליטה, און נישט קוקענדיג וואָס די רייזע האָט בוכשטעבליך אונטערגעגראָבען זיין פיזישען צושטאַנד, האָט ער זיין פּלאַן דאָך דורכגעפירט.

געטראָפען האָב איך איהם אין אויטאָמאָביל, פאָהרענדיג פון דעם לופט־פעלד, מיט אַ ירושלמי און אַ תנ״כ׳ל אין האַנט... דורך דער שווערער נסיעה אויף די באַנען און לופט־שיפען האָט ער, בדרך אגב, דורכגעלערענט עטליכע מאָל דעם „ירושלמי״, און אָהן דעם קליינעם תנ״כ׳ל גיט ער זיך קיינמאָל קיין ריר ניט... זיין נאַטירליכער חוש פון הומאָר באַגלייט איהם אפילו אין דער צייט פון מידקייט. בלויז עטליכע מינוט, און איהר הערט באַלד אַ גלייכווערטעל, אַ שאַרפען וויץ און אַ בליציגען מאמר חז״ל.

מיט דער דאָזיגער נסיעה האָט דער רב־ראשי געהאַט אַ דאָפּעלטען ציל. צו טרעפען זיך מיט די רעשטלעך אידען און ריידען צו זיי דברי נחמה, איז, און פאַר זיך, אַ גרויסע זאַך. האָט ער אָבער אויך געהאַט נאָך אַ העכערע אויפגאַבע, וואָס איז ביי איהם געוואָרען אַ לעבענס־אידעאַל, צו ראַטעווען די טויזענטער אידישע קינדערלאַך, די עלענדע יתומים, פון גוי'שע הענט. לויט זיין חשבון געפינען זיך איבער צעהן טויזענט אידישע קינדער אין קלויסטערס, מאָנאַסטירען און בכלל אין גוי'שע הייזער. אַ גרויסען טייל האָט מען שוין אויסגע'שמד'ט און די איבעריגע קען מען נאָך. פריהער־שפּעטער, ראַטעווען. דער טראַגישער פּראָבלעם האָט דעם רב־ראשי קיין מנוחה נישט געגעבען.

געדענקט מען נאָך דעם העפטיגען קאַמף וואָס ער האָט אָנגעפירט אין ארץ ישראל ווען די ראַדיקאַלע עלעמענטען האָבען געזוכט צו פאַרכאַפּען די קליינע קינדערלאַך אין זייערע אינסטיטוציעס. ער האָט דעם קאַמף באַטראַכט אַלס אַ מלחמת מצוה, ניט קוקענדיג אויף די אַלע יסורים וואָס ער האָט דערפון געליטען.

אָבער דאָס איז געווען פאַר איהם בלויז דער ערשטער עטאַפּ פון דער רעטונגס־אַרבייט. דער הויפּט שווער־פונקט איז געווען ווי אַזוי צו ראַטעווען די טויזענטער קינדער וועלכע זיינען אַריינגעפאַלען אין דער קריסטליכער נעץ, אין האָלאַנד, אין פראַנקרייך, און אין פוילען? וועלכע פאַרענטפערונג וועלען מיר האָבען פאַר דעם בית דין של מעלה, האָט ער אויף זיין תמימות'דיגען אופן גע'טענה'ט, ווען מיר וועלען דערלאָזען יונגע אידישע נשמות, עלענדע קינדער־לאַך פון הייליגע אידישע עלטערען, זיי זאָלען אינגאַנצען פאַרלוירען געהן פון אידישען פאָלק.

און הויפּטזעכליך צוליב דעם האָט ער אונטערגענומען זיין נסיעה, וועלכע איז געווען אַן אמת'ער קידוש־השם, ווייל נישט צווישען אידען אַליין איז ער ערשינען, נאָר — לפני מלכים יתיצב.

אין רוים איז ער אויפגענומען געוואָרען פון דעם פּויפּסט בכבודו־ובעצמו, צו וועמען ער האָט אַפּעלירט ער זאָל משפיע זיין אויף די גלחים צו באַפרייען די אידישע קינדער.

אין האָלאַנד האָט איהם די קעניגען ווילהעלמינא עמפּפאַנגען בכבוד גדול און אַרויסגעוויזען אַ גרויסע סימפּאַטיע צו זיין שליחות. דאָס האָלענדישע פאָלק האָט בכלל זעהר פיל געטאָן צו ראַטעווען אידען פון די נאַצי־מערדער.

אין פראַנקרייך האָט ער געהאַט אַ לענגערען געשפּרעך מיט פּרעזידענט בידאָ, וועלכער האָט באַוויליגט צו געבען 5 טויזענט וויזעס פאַר פּוילישע אידען. דערפאַר האָט ער אָבער פאַרלאַנגט פון איהם אַ ברכה. דער פּרעזידענט האָט אַליין אַנגעבויגען דעם קאָפּ און דער רב ראשי האָט איהם געבענשט... די גאַנצע פראַנצויזישע פּרעסע האָט עס געמאַכט פאַר די סענסאַציאַנעלסטע נייעס, און די פראַנצויזישע אידען, אפילו די אַסימילירטע, האָבען אין יענעם טאָג אויפגעהויבען דעם קאָפּ...

די זעלבע אויפנאַמע האָט ער געקראָגען אין טשעכאָסלאָוואַקיע, פון דעם קאָמוניסטישען פּרעמיער גאָטוואַלד, וועלכער האָט אים פאַרשפּראָכען אויס־צוהאַלטען הונדערטער אידישע קינדערלאַך, אויף דעם חשבון פון דער רעגירונג, אַ משך פון 6 וואָכען צייט, ביז מען וועט קריגען פאַר זיי פּאַסענדע היימען.

אָבער די שווערסטע אַרבייט איז געווען צוזאַמענקלייבען די אידישע קינדערלאַך אין פּוילען און פון דאָרטען זיי אַרויסראַטעווען. צוליב דעם האָט ער געמאַכט צוויי נסיעות נאָך פּוילען אין דער באַגלייטונג פון דעם באַקאַנטען רב פון סעיאַטעל, הרב ר' שלום פּנחס וואָהלגעלערענטער, וועלכער האָט זיך ממש מקריב געווען פאַר דער דאָזיגער הייליגער רעטונגס־אַרבייט. שוין איבער אַ יאָהר, אַז הרב וואָהלגעלערענטער, אַלס שליח פון ועד ההצלה, וואַלגערט זיך אַרום אין פּוילען, אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אין אַלע קעמפּס און גיט זיך איבער מיט אַלע כחות צו ראַטעווען אידען. איבער 5 הונדערט קינדער זיינען שוין געבראַכט געוואָרען נאָך פּראַג, די איבעריגע וועלען קומען שפּעטער. פון דאַנען וועט מען זיי ברענגען נאָך פראַנקרייך, בעלגיע, און דער לעצטער עטאַפּ וועט זיין ארץ ישראל.

***

ווען הרב הערצוג האָט געשילדערט פאַר דעם שרייבער פון די שורות, די אַלע יסורים וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע עטליכע חדשים, האָבען זיינע גוטמוטיגע אויגען געפינקעלט מיט ליבע און צערטליכקייט. ער האָט זיך געפילט גליקליך וואָס מען האָט שוין באַוויזען צו ראַטעווען דערווייל עטליכע הונדערט אידישע נשמות.

„דאָס איז אַן התחלה — האָט ער געזאָגט — איבער צעהן טויזענט אידישע יתומים געפינען זיך אין גוי'שע הייזער. מיר מוזען זיי אויסלייזען. מיר טאָרען נישט רוהען, מיר וועלען חלילה פאַרזינדיגט זיין אויף אייביג, אויב מיר וועלען

עס פאַרנאַכלעסיגען. איך רוף צו די אַמעריקאַנער אידען זיי זאָלען קומען צו באַלדיגע הילף. ביז אַהער האָב איך געמוזט אײנער אַליין טראָגען די שווערע לאַסט. איך האָב אַליין געמוזט שאַפען די פאָנדען פאַר דער הצלה. כ׳בין דאַנקבאַר דעם ענגלישען אידענטום פאַר זייער פינאַנציעלער הילף. איך בין גרייט צו געבען זיך זעלבסט, מיינע שוואַכע כחות, מיין השפעה, אָבער זאָלען די אידען פון אַמעריקע ביישטייערן אויך זייער טייל".

הרב הרצוג האָט גערעדט מיט טיפען צער וועגען דעם חורבן היהדות אין די אייראָפּעאישע לענדער. ער האָט בדעה געהאַט צוזאַמענרופען אַ קאָנפערענץ פון רבנים, כדי צו באַראַטען זיך איבער דעם טראַגישען חורבן פון תורה און אידישקייט, אָבער ער באַדויערט זעהר שטאַרק, וואָס די זאַך איז נישט צושטאַנד געקומען. ער איז אונטער דעם איינדרוק, אַז אַמעריקאַנער אידען באַגרייפען ניט עד היום, וואָס אין אייראָפּע האָט פּאַסירט, ווען די רבנים, עלטערע און אינגערע, וואָלטען גע׳פועל׳ט ביי זיך איבערצולאָזען זייערע קהלות, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, און כאַפּען אַ קוק אויף די חורבנות פון רעליגיעזען אידענטום, וואָלטען זיי געהאַט אַ גאַנץ אַנדער באַציאונג צום היינטיגען פּראָבלעם.

„דאָס בילד פון וואַרשע — האָט דער רב געזאָגט — געהט ניט אַוועק פון מיינע אויגען. אַ עיר ואם בישראל וועלכע האָט געברויזט און געשטורעמט מיט אידישע לעבען, מיט תורה, חסידות, השכלה, צדקה; מיט הונדערטער בתי מדרשים, שוהלען, שטיבלאַך און מיט ריזיגע אידישע אינסטיטוציעס, קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע, ליגט אונטער אַ באַרג פון חורבנות צוזאַמען מיט הונדערטער טויזענטער אידישע קדושים... — דאָס זעלבע טרעפט מען אין הונדערטער שטעט און שטעטלאַך — קהלות־הקודש שמסרו נפשם על קדוש השם. אונזערע מחות דאַרפען קאָנצענטרירט זיין אויף איין זאַך — ראַטעווען אידען, ברענגען זיי נאָך ארץ ישראל און באַפעסטיגען תורה אומעטום. רעליגיעזע אידען, ובראשם די רבנים, מוזען מאָביליזירט ווערען פאַר דער גרויסער הייליגער אויפגאַבע".

הרב וואָהלגעלערענטער, וועלכער קען דינען אַלס ביישפּיל פאַר אַלע רבנים און רעליגיעזע פירער, האָט צו מיר גערעדט מיט שטאַרק פאַרביטערונג געגען דעם אַמעריקאַנער רעליגיעזען אידענטום פאַר זייער פאַרראַט געגען דעם רעליגיעזען טייל פון דער שארית הפליטה. „די זכיה וואָס איך האָב געהאַט מיט־צופאָהרען מיט דעם רב־ראשי, איז פאַר מיר געווען אַ געטליכע אינספּיראַציע. די שבת־נאַכטען אין די רעליגיעזע קיבוצים, איז מיין צווייטע גייסטיגע באַפרי־

דיגונג. די הצלה פון די קינדער איז דער גלאַררייכסטער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון אידישער רעטונג״.

אינטערעסאַנט איז אויך דער „קאַמישער״ פאַל, אַז דער זעלבער הרב וואַהלגעלערענטער, וועלכער האָט מקריב געווען זיין קאַריערע און זיין לעבען בכדי צו ראַטעווען אידען, איז פאַרקלאָגט געוואָרען אין וואַשינגטאָן פאַר דער „אונרא״, אַז ער פאַרנאַכלעסיגט זיין אַרבייט, און דעריבער זאָל „אונרא״ צונעמען פון איהם דאָס רעכט צו אַרבייטען אין איהר נאָמען... אַ מערכה — די „אונרא״ ווייסט יאָ די מסירות־נפש׳דיגע אַרבייט פון הרב וואַהלגעלערענטער, האָט זי צו דער דאָזיגער פאַרלוימדונג נישט געשאָנקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט. אגב, די אינטערווענירונג פון הרב הרצוג האָט אויך פיל געהאָלפען אָפּצושוואַכען די קלאָגע דער דאָזיגער אינצידענט טאָר ניט פאַרשוויגען ווערען. מען דאַרף אויס־געפינען ווער עס זיינען די שולדיגע.

**
*

אין דעם סאַמע ברען פון זיין גרויסער רעטונגס־אַקציע האָט הרב הרצוג אויך געלייסטעט אַ היסטאָרישע דינסט פאַר דער ציוניסטישער פּאָליטיק. זייענדיג אין לאָנדאָן איז ער אויפגענומען געוואָרען פון פרעמיער אַטלי און קאָלאָניאַל מיניסטער האָלל, מיט וועמען ער האָט געהאַט אַ לאַנגע באַשפּרעכונג איבער דעם איצטיגען מצב אין ארץ ישראל. ווי אַזוי איז ער איינגעלאַדען געוואָרען און אין וואָס איז באַשטאַנען דער אינהאַלט פון דעם געשפּרעך, איז אַ גלענצענדער קאַפּיטל פאַר זיך זעלבסט, אגב איז דאָס געווען מיט דער ידיעה פון דר. ווייצמאַן, מיט וועמען ער איז געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט און אים אינפאָרמירט וועגען דעם געשפּרעך.

די אידישע וועלט האָט אויפגענומען מיט פרייד די ידיעה, אַז די 18 אידישע יונגעלייט זיינען באַפרייט געוואָרען פון טויט־שטראָף אויף לעבענס־לענגליכען פריזאָן. זאָל מען ניט פאַרגעסען, אַז עטליכע טאָג נאָכאַנאַנד איז הרב הרצוג געשטאַנען אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיט לאָנדאָן און עס קען זיין, אַז זיין וואָרט און זיין בקשה האָט זעהר פיל משפיע געווען...

אין ציוניסטישע קרייזען ווערט שוין צוגעלאָזט דער געדאַנק, אַז ווען הרב הרצוג וואָלט צוגעצויגען געוואָרען ראשו ורובו צו דער ארץ ישראל׳דיגער פּאָליטיק, וואָלטען פילייכט אַ סך פּאָליטישע איבלען פאַרמידען געוואָרען און דער מצב אין ארץ ישראל וואָלט נישט געווען אַזוי ערנסט און קריטיש פאַר־

שאַרפּט. און זאָל אויך אונטערגעשטראָכען ווערען, אַז טראָץ דעם, וואָס הרב הרצוג איז לויט זיין גייסטיגער־מהות דער עכטער אויסדרוק פון גוטסקייט און ווייכקייט — ווען עס קומט אָבער צו אידישער פּאָליטיק איז ער קשה כברזל. אַזוינע האַרטע דבורים וואָס מען האָט געהערט פון איהם אין די רעגירונגס־קרייזען בנוגע ארץ ישראל, האָבען זיי שוין אַ לאַנגע צייט ניט געהערט...

אַ לענגערען געשפּראַך, פון איבער 2 שעה, האָט ער אויך געהאַט מיט לאַגוואַרדיא, דעם פירער פון „אונרא", וועלכער האָט איהם פאַרשפּראָכען אַ סך זאַכען, צו העלפען לינדערען די אידישע נויט, באַזונדערס אין די „קעמפּס".

איבעריג איז צו דערמאָנען, אַז אומעטום, וואו ער איז געקומען, איז ער אַרומגערינגעלט געווען פון די רבנים, תלמידי־חכמים און פון די הונדערטער פליטים בני הישיבות, וועמען ער האָט מאָראַליש און פינאַנציעל געשטאַרקט. דער שיעור אין הלכה און הגדה, וואָס ער האָט געזאָגט אין פּראַג אין דער אַלטער מהר"ל שוהל, איז געהערט געוואָרען פון טויזענטער אידען און איבערגעלאָזט אַ קאָלאָסאַלען רושם.

ווען איך האָב זיך געזעגענט מיט הרב הרצוג, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם שטענדיגען קאַמף וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פירען אין „ועד ההצלה", ווען עס פלעגט דערהאַלטען ווערען אַ קייבעל מען זאָל איהם העלפען ראַטעווען די קינדער. איצט וועט נאַטירליך יעדער איינער זיך אָנהענגען אָן דעם „גרויסען בוים" און זוכען צו כאַפּען שיריים פון זיין איבער מענשליכער מסירות נפש...

דער הצלה־צוג פון הרב הרצוג איז אַ היסטאָרישע עראייגעניס און וועט בלייבען לשעה ולדורות.

אומגליקליך איז דער הייַנטיגער דור, וואָס האָט צוגעזעהן מיט די אייגענע אויגען אַזאַ מורא׳דיגע אידישע קאַטאַסטראָפע, וואָס איז אומפאַרגלייכבאַר אין דער מענשליכער געשיכטע.

גליקליך איז אָבער אויך דער דור, וואָס פאַרמאָגט נאָך אַזאַ גרויסען אידען, אַזאַ אידעאַלע פּערזענליכקייט, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך אַלע גייסטיגע מעלות און קולטורעלע אייגענשאַפטען וואָס זיינען נויטיג פאַר אַ אמת׳ן מנהיג־הדור.

# אַ תורה פאַנד מיט גרויסע פאַרדינסטען

אויף מיין רייזע איבער אייראָפּא און ארץ־ישראל איז מיר אויסגעקומען צו הערען אַ סך אויסזעצונגען געגען אַמעריקאַנער אידענטום. די סיבות פון דער דאָזיגער דערשיינונג שטאַמען דערפון וואָס מיר אַליין, די אַמעריקאַנער אידען, האָבען שטענדיג מזלזל געווען אין אונזערע אייגענע כחות און געמאַכט פון זיך די קלענסטע. אָבער אַ פאַקט איז, אַז מען קוקט אויף אונז מיט אַ קריטיש אויג און אין געוויסע פּרטים אויך מיט ביטול. האָב איך געמוזט פון צייט צו צייט דערשיינען אַלס פאַרטיידיגער פון אַמעריקאַנער אידענטום.

אין אַ מסיבה וואו מען האָט זיך גאַנץ געשמאַק געוויצעלט אויף דעם חשבון פון אונזער אַמעריקאַ, האָב איך שטאַרק פּראָטעסטירט און אויסגעדריקט מיין באַוואונדערונג הלמאי זיי באַציען זיך מיט אַזאַ גרינגשעצונג צו אַ גרויסען אידישען קיבוץ פון איבער פינף מיליאָנען אידען, כן ירבו.

האָט מיר איינער אויף אַ שאַרפען ירושלים׳דיגען אופן אָפּגעענטפערט:

„מיר באַצאָלען אייך מדה כנגד מדה. הלמאי זיצט מען ביי אייך אין אַמעריקאַ און מען רעדט אויס כל דבר אסור אויף דער אידישקייט פון ארץ־ישראל״...

עס איז ניט קיין באַהאַלטענער סוד, אַז אין געוויסע קרייזען אין ארץ־ישראל איז מען ניט צופרידען מיט די אַמעריקאַנער ישיבות. זיי גלויבען ניט, פונקט ווי פילע היגע אידען מיט עטליכע צענדליג יאָר צוריק האָבען ניט געגלויבט, אַז דער אַמעריקאַנער באָדען איז מסוגל פאַר תורה אין דעם זינען ווי מען האָט עס פאַרשטאַנען אין די אַלטע גוטע צייטען. זייער הנחה אַז אַמעריקאַ איז ניט מוכשר פאַר אַ מקום תורה געהט אַזוי ווייט, אַז זיי מישען צוזאַמען דעם היברו יוניאָן קאָלעדזש פון סינסינעטי, דעם אידישען טעאָלאָגישען סעמינאַר פון ניו־יאָרק מיט אמת׳ע באַרימטע ישיבות און זיי לערנען אַ גזירה שוה אַזוי ווי די ערשטע טויגען ניט אַזוי טויגען אויך ניט די אַנדערע...

ווען איך האָב פּרובירט צו אַנאַליזירען פאַר זיי דעם אידעאָלאָגישען אונ־טערשייד און דעם גייסטיגען מרחק פון איין אינסטיטוציע ביז דער צווייטער, האָב איך געקראָגען די זעלבע תשובה: „אַמעריקאַ איז אַמעריקאַ. די אָרטאָ־דאָקסען פון היינט זיינען די קאָנסערוואַטיווען פון מאָרגען, און די קאָנסער־וואַטיווען פון מאָרגען זיינען די רעפאָרמער פון איבערמאָרגען. אַזוי איז דער פּראָצעס פון ביז אַהער און אַזוי וועט עס אויך זיין אין דער צוקונפט"...

און דעם זעלבען שאַרפען קריטישען בליק האָבען זיי ניט נאָר בנוגע די תורה אינסטיטוציעס, נאָר אויך צו דער פילאַנטראָפּישער און סאָציאַלער אַרבייט אונזערער. דער זעלבער ביטול און די זעלבע תביעות און טענות.

עס איז כדאי, אַז די אידישע עפענטליכקייט זאָל וויסען, אַז אין אייראָפּא און אויך אין ארץ־ישראל איז מען מורא'דיג אומצופרידען מיט דעם אומדע־מאָקראַטישען וועג פון אונזערע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס און מיט די וועגען און מעטאָדען ווי אַזוי די רעטונגס אַרבייט ווערט פאַרוואַלטעט.

פאַר מיר איז באמת געווען אַן עכט דערפרעהענדע און דערמוטיגטע דערשיינונג ווען איך האָב כאָטש אויף איין אַמעריקאַנער הילפס־אינסטיטו־ציע קיין קריטיק ניט געהערט. מיט וועמען איך האָב געשמועסט סיי אין אייראָפּא און סיי אין ארץ־ישראל, האָט מען וועגען דער דאָזיגער תורה־אינסטיטוציע גערעדט אין דעם העכסטען צופרידענעם טערמין וואָס האָט ממש מיין האַרץ דערהויבען און דערקוויקט.

די דאָזיגע הילפס־אָרגאַניזאַציע איז ניט קיין אַנדערע ווי דער באַרימטער „עזרת תורה", וועלכע עקזיסטירט שוין איבער דרייסיג יאָר זינט דעם אויס־ברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און האָט זינט דאַן געראַטעוועט, געשטיצט און געהאָלפען צענדליגע טויזענדער משפחות, צווישען זיי רבנים, רביים, ראשי־ישיבות, תלמידי־חכמים, כלי קודש און סתם רעליגיעזע אידען וועלכע האָבען געהונגערט, געליטען, געקרענקט און גענויטיגט זיך אין הילף.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ אַריינצוגעהן אין געשיכטליכע דאַטעס וועגען דער שאַפונג און אַנטוויקלונג פון דעם „עזרת תורה" וואָס האָט זיך אַזוי קונה שם געווען אין דער אידישער תורה־וועלט. דאָס איז דאַכט זיך, שוין געטאָן געוואָרען מיט איינציגע יאָר צוריק אין אַ ספּעציעלען בוך וואָס דער „עזרת תורה" האָט אַרויסגעגעבען וואו עס שפּיגעלט זיך אָפּ אויף אַ ברייטען

מאַסשטאב זיין פאַרצווייגטע טעטיגקייט וואָס דערגרייכט אין אַלע ווינקעלעך וואו אידען וואוינען. אָהן געשרייען, אָהן טאראראַם און אָהן רעקלאַמען, נאָר שטיל, רוהיג און באַשיידען ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ איידעל־נשמה׳דיגע אינ־סטיטוציע. לא ברעש... נאָר — בקול דממה דקה...

זיינען מיר אַלע עדות אויף דעם וואונדערבאַרען, אַנשטענדיגען און אומפּאַרטייאישען אופן ווי דער „עזרת תורה" ווערט פאַרוואַלטעט. ווער עס שטרעקט אויס אַ האַנט ווערט תיכף ומיד געהאָלפען מיט כבוד, מיט ווירדע און מיט מענשליכען רחמנות. ווייס איך אַליין פון צענדליגע פאַלען פון באַרימ־טע רבנישע הייזער וואָס ווערען געשטיצט און ו ו י א ז ו י זיי ווערען געשטיצט. און דאָס וואָס מיר איז באַקאַנט איז בלויז איין קליינער פּראָצענט פון דעם וואָס דער „עזרת תורה" האָט צו פאַרצייכענען. ווי אומגליקליך און טראַגיש וואָלט דער רעליגיעזער אידישער לעבען אויסגעזעהן איבער דער גאַנצער וועלט ווען ניט די הילף־אַרבייט פון דעם „עזרת תורה", וועלכע האָט דערהאַלטען ביים לעבען צענדליגער טויזענטער רעליגיעזע משפחות וועלכע פאַרקערפּערען אין זיך תורה, גייסט, מאָראַל און מדות.

אין אַן ענגען קרייז אין ירושלים וואו מען האָט באַשפּראָכען דעם שרעקליכען מצב פון די איבער 6 הונדערט משפחות פון רבנים־פּליטים, צווישען זיי באַוואוסטע גאונים און צדיקים, וועלכע האָבען זיך דורך נסים געראַטעוועט נאָך ארץ־ישראל, האָט אַ באַרימטע רבנישע פּערזענליכקייט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק:

„שווער איז, האָט ער געזאָגט, אין אַזאַ מאָוימדיגע צייט ווען הונדערטער טויזענטער אידען ליידען, צו רעדען וועגען ספּעציפישען הילף פאַר רבנים אָדער כלי־קודש. דער אַלגעמיינער עולם וואָס פאַרטיפט זיך ניט אין אַזעלכע איידעלע ענינים, קען אַזאַ זאַך חלילה שלעכט אויסטייטשען. אָבער דער אמת איז, אַז דער רבנישער קלאַס האָט געליטען מער פון אַלעמען. די הונדערטער און הונדערטער אומגעקומענע רבנים און צדיקים זיינען געווען די ערשטע וועלכע האָבען מקדש השם געווען מיט זייער התלהבות׳דיגען מסירות נפש. זיי האָט מען געפירט צום ערשטען צו די שייטער־הויפענס, צו די גאַז־קאַמערען און צו די קרעמאַטאָריומס. מיט דעם תמימות׳דיגען געשריי פון „שמע ישראל" אויף די ליפּען האָבען זיי דעם אכזריות׳דיגען טויט באַגעגענט.

„און וואָס האָבען געטאָן די איבערגעבליבענע לעבעדיגע רבנים? —

זיי האָבען אָנגעפּירט אַן אומדערמידליכען העראָאישען קאַמף צו באַשיצען די געליטענע און געפּייניגטע. זיי אַליין האָבען געהונגערט אָבער די רעשט־לעך צעבראָכענע אידען האָבען זיי באַזאָרגט מיט אַלעס וואָס איז נאָר מעגליך געווען אָבי זיי אויפצוהאַלטען ביים לעבען. דאָס איז אַ גלענצענדער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון אידישע ליידען.

„און וואָס פּאַסירט איצט? — איצט, ווען די דאָזיגע גייסטיגע העלדען, די פּרינצען פון תורה האָבען זיך געראַטעוועט, זיינען זיי פאַרלאָזענע מענשען. ניטאָ ווער אין דער אידישער וועלט מען זאָל זיך אויף זיי אַרומקוקען. די עלענדקייט און צעבראָכענקייט פון די רבנישע פאַמיליעס, קען נאָר פּיהלען אַזאַ אינסטיטוציע ווי דער „עזרת תורה". בלויז פון דאָרטען קען קומען זייער הילף".

צום שבח פון „עזרת תורה" זאָל געזאָגט ווערען, אַז זיי שטעהען אויף דער געהעריגער הויך און אַז זייער הילף גרייכט אַפילו אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון דעם עמק הבכא. לעגאַל אָדער אומלעגאַל — די הילף קומט. פּעקלעך שפּייז, קליידער און מעדיצין ווערען געשיקט וואוהין מען קען נאָר דערגרייכען, און וואוהין האָט דער „עזרת תורה" ניט דערגרייכט?

אין ארץ־ישראל פּונקט ווי אין אַלע לענדער איז די הייזער־פּראָבלעם זעהר אַ שווערע. אָבער אויב אַלע ליידען פון דעם הייזער מאַנגעל ליידען די רבנישע פאַמיליעס אַ סך און אַ סך מער. האָבען זיך אין ארץ־ישראל געגרינ־דעט פאַרשידענע קאָמיטעטען צו פאַרגרינגערען דעם וואוינונג פּראָבלעם. דער קאָמיטעט פאַר די רוסישע און פּוילישע רבנים האָט אויך אונטערגענומען אַ גרויסע אַקציע פאַר דעם צוועק צו בויען שכונות און הייזער פאַר די הונדערטער רבנים־פּליטים. האָבען זיך פאַר מיר מורא'דיג באַקלאָגט די פירער פון קאָמי־טעט אויף דעם ווענינען אינטערעס וואָס עס ווערט אַרויסגעצייגט צו דיזער אונטערנעמונג. די ערשטע, און דערוויילע די איינציגע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט, איז דער „עזרת תורה" מיט זיין באַשרענקטען פינאַנציעלען אַפּאַראַט וועלכער דאַרף אַ חוץ זאָרגען פאַר בויען הייזער, אויך שיקען מאַנאַטליכע הילף צו הונדערטער און הונדערטער פאַמיליעס.

דאַרף דאָס זיין בלויז די זאָרג פון דעם „עזרת תורה" אַליין? און וואו זיינען די אָרטאָדאָקסישע שוהלען, די אָרטאָדאָקסישע עסקנים און די ברייטע אידישע מאַסען פאַר וועמען די זעלבע, איצטיגע עלענדע רבנים פון די אַמאָ־

ליגע אייראָפּעאישע קהלות, האָבען כסדר אַזוי געזאָרגט און מקריב געווען זייערע לעבענס פאַר דעם כלל ישראל? וואָרום שטעהען זיי פון ווייטענס? וואָרום רעדט מען אַזוי התלהבות׳דיג וועגען תורה און אמונה, און ווען עס קומט צו ראַטעווען די נושאי־דגל התורה און די אויפהאַלטער פון דער אידישער אמונה, איז קיינער אין דער היים ניטאָ פונקט ווי די דאָזיגע מענ־שען וואָלטען חלילה געווען אַ פסול ביים אידישען פאָלק? וואָרום קומט עס אָן אַזאַ חשוב׳ע אָרגאַניזאַציע ווי דער „עזרת תורה" אַזוי שווער צונויפ־קלייבען לפּחות אַ האַלבען מיליאָן דאָלאר אַ יאָר פאַר אַזאַ הייליגען און נאָבעלען צוועק? איז דאָס צוליב זייער צניעות׳דיגער און שטילער אַרבעט? איז עס צוליב דעם וואָס זיי האָבען ניט קיין שרייענדען אָרגאַניזאַציאָנס מאַשין און גיבען ניט אויס קיין טויזענטער דאָלארען פאַר אַנאָנסען און רעקלאַמעס? אָדער צי איז דאָס פשוט צוליב דעם, ווייל — „הקדוש מחברו, חרב מחברו"?

בין איך דאָ מקיים אַ שליחות, איינער פון די אמת׳ע גדולים פון דער היינטיגער צייט, אַ צעבראָכענער קראַנקער מענש און אַ גרויסער בעל יסורים ווייל אַ העלפט פון זיין פאַמיליע איז נעבעך פאַרניכטעט געוואָרען צוזאַמען מיט די אַנדערע מיליאָנען קדושים, האָט מיט טרערען אין די אויגען גערעדט וועגען אונזער איצטיגען פאָלקס אומגליק און וועגען די גרויסע התחייבות׳ן וואָס ליגען אויף יעדען אידען פאַר הצלת עם ישראל.

„איך בין מקנא די פירער פון „עזרת תורה", האָט ער מיר געזאָגט, וועלכע האָבען זוכה געווען צו אַזאַ הויכער מדרגה פון ראַטעווען די נושאי דגל התורה. שטאַרקט זייערע הענט. דערמוטיגט זיי אין דער הייליגער אַרבייט. דאָס רעליגיעזע אידענטום קוקט צו זיי און בענשט זיי. יהי חלקי עמהם".

זאָל דער „עזרת תורה" ניט אַרונטערגעהן פון די טישען פון יעדען רב, יונג און אַלט, און פון יעדען תורה׳דיגען אידען. רופט עס הצלת נפשות, פקוח נפשות, פדיון נפשות, און דער עיקר זאָל מען געדענקען, אַז דאָס איז עזרת תורה...